מרדכי אַלפּערסאָן

# 30 יאָר אין אַרגענטינע

מעמוארן פון א אידישן קאָלאָניסט

דריטע טייל

ארויסגעגעבן פון דער בוכהאנדלונג
ג. קאַפּלאַנסקי
קאָרריענטעס 2614 בוענאָס איירעס

# TREINTA AÑOS EN LA ARGENTINA

Narración Histórica por Marcos Alpershon



Editado por la Librería de G. KAPLANSKY, Corrientes 2614.

BUENOS AIRES, 1928

# אַ לעגענדע במקום הקדמה

## דאס געבורט פון דער ארגענטינער קאָלאָניזאַציע.

הייסע, פארשנייטע פעלדער ציען זיך אין דער לענג. אַ גרויע טונקלקייט הענגט אין דער לופט. שווארצע פינצטערע וואלקנס קומען אָן פון די האָריזאָנטן, לאָזן זיך אראָפּ איבער אַ צוזאַמענגעדריקטע מענטשן־מאסע מיט אויסגעצויגענע, בלייכע פנימ'ער, וואס שלייכן זיך אין פעלדער און בראָדזיען ביז אין די בייכער אין שניי. פרויען מיט פיצעלעך קינדער, זקנים מיט ספר תורה'ס אין די הענט, יונגע מיט קלומקעס אף די פּלייצעס, שלעפּן זיך, אַנטלויפן פון זייערע היימען, פון אומגליק. עפּעס גרויזאַמס, שרעקליכס קומט דאָרט פאר אין די שטעט און שטעטלעך. מענטשן ראטעווען זיך. אָבער וואוהין?

ניט ווייט פון דעם פרייליכען זאָרגלאָזן פאריז, אין אַ שיינער אָפּגעזונדערטער רייכער ווילע זיצן דריי מענטשן באַ אַ גרויסן שרייב טיש, שפּעט אין דער נאַכט; איינער איז אַ דיקלעכער, עלטערער מענטש, מיט בלויע אויגן און גוטמוטיקן שמייכל; דער צווייטער — אַ מאגערער, שלאַנקער, מיט אַ צאַנגלן פנים און שווארצע נאַכט אויגן און די דריטע — אַ צארטע עדעלע פרוי, מיט אַ מיסטישן בליק. די מענער זיינען פארטיפט אין אַ לאַנדקארטע, וואס ליגט אַפ'ן טיש, און די פרוי נעמט פונם טיש איין טעלעגראַמע נאָך דער צווייטער, לייענט, און באַ יעדער טעלעגראַמע רייסט זיך ארויס אַ זיפץ פון איר הארץ און אירע ליפּן שעפּטשען אין דער שטיל:

— מיין גאָט, וואס פאר אַן אומגליק! פּאָגראָם און פּאָגראָם! דערבאַרעם זיך, גאָט פון ישראל!

דער דיקער פון די מענער, גיט זיך באַ יעדער זיפץ פון דער פרוי אַ שוידער מיט'ן גוף און קוקט זיך איין אַלץ שארפער אין דער מאַפּע.

— אָט איז עס, באַראָן! — זאָגט דער צאַנגלער הער און מאַכט אַ רויטן צייכן אַף דער מאַפּע.

— דאָס איז דאָך דאָס זילבער־לאַנד באַם פּלאַטאַ טייך!

— יאָ, אָט דאָס האָט סער קעלען אין זיין קאָרעספּאָנדענץ אָנגעגעבן פאר דאָס בעסטע. אָבער....

— וואס איז דער אָבער, הער וועגעציאַני?

— איך צווייפל אויב דאָרט איז דאָס ריכטיקע לאַנד, וואו אייער אידייע זאָל קענען פארווירקליכט ווערן.

— רו און ברויט וועלן זיי דאָרט זיכער געפינען.

די פרוי האָט מיט ליבע א קוק געטון צו דעם דיקלעכן און א זאָג גע־טון:

— די הויפּט זאַך איז דאָס ערשטע — רו, און פאר'ן צווייטן איז פריער גאָט און נאכדעם מיר. מיר וועלן שוין זארגן. ניט אזוי, מאָריץ?

א צופרידענער שמייכל האָט זיך צעגאָסן איבער זיין גוטמוטיקן פנים:

— עס געוועגט זיך א סאך אינ'ם עלעמענט. וואס פאר א סאָרט עמיגראַנט דאָס איז. אזוי שרייבט סער קעלען פון דאָרט.

— אַנטשולדיקט, באַראָן, — זאָגט דער צאַנגלער — דער דאָקטאָר וואס איז דאָרט מיט סער קעלען, איז פון אונדזערע. ער קען אונדזער עלע־מענט.

די פרוי האָט פארזאָרגט א פרעג געטאָן:

— איז עס ניט דער זעלבער דאָקטאָר וואס האָט דיר וועגן א אידנ־שטאַט געשריבן?

— ניין, דער איז א טרוימער, מיט זייער, זייער א וויטן חלום, און דאָ איז א נאָענטע ווירקליכקייט אין א פרייען לאַנד.

— פריי, פרייהייט! אָט אין דעם נויטיקן זיי זיך אַמשטאַרקסטן.

— יאָ, — זאָגט דער צאַנגלער — ס'איז א ביסל צו פיל פריי. די רוסישע אידן זיינען דערצו ניט געוואוינט... מ'וועט מוזן האָבן ענערגישע באאמטע, זיי זאָלן זיי א ביסל אין צוים האַלטען.

די פרוי האָט א ציטער געטאָן: — אין צוים זיי האַלטן? מיין גאָט! זיינען זיי דען נאָך ווייניק אין צרות געצוימט?

— מיין נשמה! דו וואָלסט א שלעכטער קאָמאַנדיר איבער א חיל געווען. דיסציפּלין איז די באַזע פון יעדער אונטערנעמונג.

---

א געוויין, ווי פון א קינד, האָט זיך דורך די ווענט פון דעם מויער

ווי דורכגעריסען, האָט זיך ארומגעקייקלט אין צימער און אין זייערע אויערן אָפּגעקלונגען...

אַלע דריי האָבן אַ שוידער געטאָן און זיך ארום די ווענט ארומגע־קוקט.

די פרוי איז אַ פאַרציטערטע געווארן:

— איהר האָט געהערט? בּאַ אונדז אין דער גאַנצער ווילע, צווישן אַלע דינער, איז נישטאָ קיין קינד...

— מאַדאַם, זייט נישט אזוי איבערגעראַשט, מעגלעך ס'האָט זיך אונדז אויסגעדאַכט.

— אויסגעדאַכט? איר ווילט מיר איינריידן, ס'האָט דאָך געקלאָגט פון אַלע פיר ווענט!.. ס'שרעקט מיך אזוי!

— וואס־זשע דענקסטו מיין נשמה? קיין הימל־זאַך איז עס ניט...

— אפשר די אימיגראַנטן נשמה, וואס איר רעכנט צו דיסציפּלינירן האָט אזוי אַ וויין געטאָן.

— פרוי! — האָט דער באַראָן בייז אַ געשריי געטאָן און זיך אויפגע־הויבן פון טיש. ער איז צוגעגאַנגען צום פענסטער, אוועקגעשאַרט די גאַר־דינען און ארויסגעקוקט אין דרויסן.

די פרוי איז אַ פאַרשעמטע און איבערגעשראָקענע געזעסן און גע־שוויגן.

דער צאַנגלער האָט אריינגעלאָזט די אויגן אין די פּאַפּירן און זיך פאַרטראַכט.

אַ שאַרפע לבנה האָט ווי מיט שפּיזלעך דורכן פענסטער אָף די אַלע דריי אריינגעבליקט און האָט באַזילבערט דעם רויטן צייכן וואס אָף דער מאַפּע.

דער באַראָן, שוין אַ באַרויקטער, האָט זיך פון פענסטער אוועקגע־קערט און מיט אַ שטייכל צו דער פרוי זיך געווענדט:

— האָב ניט קיין מורא, מיין טייערע, ס'איז גאָרנישט, דו ביזט בלויז אַ ביסל נערוויאיש, מיר ביידע וועלן אהין אין דעם זילבער לאַנד פאָרן, מיר אַליין וועלן פירן די גאַנצע ארגענטינער קאָלאָניזאַציע.

אַ שטראַל ליכט האָט דאָס מיסטישע פּנים פון דער פרוי באַשיינט. אַ טרער אַ גרויסע איז פון אירע אויגן אָף דער מאַפּע געפאַלן.

איך פאַר מיט דיר, מאָריץ!

דאַן, זאָגט די לעגענדע, איז די ארגענטינער קאָלאָניזאַציע געבוירן געווארן.

I.

# חורבן מאוריציאַ

פּאסירונגען און סבות. — אַ טרוקעניש. — אין שטאַט אריין. — דער תכלית. — פּופ־ציג פּאר געלע שטיוול. — בארג אראָפּ. — די קאַלאָניסטן נעמען זיך צום האַנדל. —

קיין שום זאך קומט ניט פון זיך אליין, יעדע פּאסירונג, אַ גוטע צי אַ שלעכטע, האָט זיך איר אורשפּרונג, איר סבה ,און די סבה קומט אויך פון אַ פריערדיקער סבה. קיין חורבן פאלט ניט פּלוצלונג פונם הימל אראָפּ...

געווים האָבן מיר קיין צייט ניט, ס'פעלט אונז געדולד און ווילן. נאָכ־צופאָרשן, באַקלערן די אורזאַכע פון וואנען עס האָט זיך גענומען צו אונז די צרה, דער אומגליק, אין וועלכן מיר פאלן גאָר פּלוצלונג אריין...

קורצזיכטיק, כמעט בלינד איז דער מענש אין זיינע אייגענע מעשים, ער וויל אָפטמאָל אויסמיידן אַ קליין נישטיק גריבל, און פאלט נעבאך אריין אין אַ שרעקלעכן תהום.

אויך מיט אונזערע קאָלאָניסטן האָט דאָס אייגענע פּאסירט, אזוי ווי איך האָב אין צווייטן טייל געזאָגט; זיי האָבן ניט געזעען דעם תהום וואס האָלט אָפן דאָס מויל זיי צו פארשלינגען; בלינד, קורצזיכטיג, באַווירקט פון באַליידיקטן צער, האָבן זיי, די אומוויסנדע, זיך געלאָזט אויף זייער אַ גליטשיקן וועג; זיי האָבן ניט געזעען דעם חורבן, די רואינע, וואס האָט אויפגעעפנט דעם שלונג אריינצונעמען זיי מיט זייער צער, מיט זייער בושה, מיט זייער נקמה זוכן אין זייערע אונטערדריקער און אפשר אפילו מיט די אונטערדריקער אליין אויך.

און ער איז געקומען, דער חורבן! ער איז געקומען און פרעסט, שלינגט, פארניכטעט די ארבעט פון פאָטער און זון, פּלאָגעניש פון דריי־צענדליק יארען ווערט צוכראַמטשעט אונטער זיינע שטאַרקע ציין. פון וואנען האָט ער זיך גענומען, דער שרעקלעכער? איז ער גלייך מיט זיי, מיט דער שיף געקומען? איז ער אפשר געבוירן געוואָרן גלייך מיט'ן געבורט

פון דער קאָלאָניזאַציע? וואו ליגט גאָר די ערשטע סיבה זיינע? איך קען דאָס ניט דערגיין, איך קען אייך נאָר איבערגעבן די פּאַסירונגען, ווי אַזוי זיי זיינען געשען.

---

עס איז אָנגעקומען דאָס באַוואוסטע אומגליקלעכע קריזיס יאָר 1908—9, אַ טריקעניש. חדשים לאַנג איז קיין טראָפּן וואסער ניט געפאַלן, טרוקן און דאַרשטיק זיינען געשטאַנען די פעלדער. די גאַנצע ערד האָט באַקומען אַן אַש קאָלירנעם געשטאַלט, פאַרדאַרט, מיט ברייט צעשפּאַלטענע ליפּן איז די ערד געשטאַנען און ווי מיט מעשענע אויגן געקוקט צום קופּערנעם הימל, געבעטן געלעכצט נאָך אַ טראָפּן וואסער און ס'איז ניט געקומען.

די זון, אַ צניעות'דיקע, אַ מילדע, פלעגט זיך אַלע פרימאָרגן פון ערגעץ ווייט מיטברייינגען אַ בלוי שטיק פאַרטוך, זיך איינדעקן דאָס רויטע אָנגעצונדענע פּנים אויף דער העלפט און אונז ווייזן: אָט דאָרט אַנטקעגן, ניט ווייט, אין עק, שטראָמט אַ טייך, אָט קוקט, ס'פליסט אַ וואסער....

מיר, אַלטע קאָלאָניסטן, האָבן שוין דעם מיראַזש געקענט. מיר האָבן שוין געוואוסט פון אירע שפּיצלעך, מיטן אירליכט אירן וואס ווייזט אונז וואסער, געוואוסט וואס פאַר אַ „סעקיע", וואס פאַר אַ טריקעניש ס'שטעלט זיך אונז פאַר.

אויך דער „פּ אַ מ פּ ע ר אָ", דער פּאַמפּאַ ווינט, דער עזות'ניק, האָט זיך פון זיין נעסט דאָרט הינטער די קאָרדיליערן אפּירגערוקט, און אונז אפטע וויזיטן, גאָר ניט קיין אָנשטענדיקע געמאַכט. מיאוסע קונצן האָט ער באַוויזן, טאַקע פּשוטע סקאַנדאַלן; דעבער פון שלאָפציממער אראָפּגעכאַפּט אין מיטן נאַכט, שווערע פירערדערדיקע וועגענער, בלעכענע גאַלפּאָנעס (שפּייכלער) אין דער הויך אוועקגעטראָגן, געדרייט זיי ווי אַ שפּענדל, האָט פון ערגעץ פון אַ פאַרלאָשענעם וואולקאַן אַ רויטלעכן אַש אָנגעטראָגן, גאַנצע דריי טעג מיט דעם אויף אונדזערע פעלדער גענייט און נאכדעם זיך אַזוי טייפליש הילכיק צעלאַכט, אַזוי שטאַרק זיך צעדונערט, אַז דער הימל האָט זיך געשפּאָלטן. נאָר קיין רעגן איז אַלץ ניט געקומען, די „סעקיע" האָט זיך צעשפּילט, און אָפּגעשרפ'עט, אָפּגעקוילט דאָס פעלד. די נידעריקע לענדער זיינען די ערשטע אויף דער שרפה געפאַלן, קיין גרין גרעזל איז אַף זיי אפילו אַף קיין רפואה ניט געבליבן.

אַלע לענדער ארום בוענאָס איירעס זענען די ערשטע אָפּגעסמאַליעט

געוואָרן ביזן יסוד. אַ שטיקל פּי איז דאָרט אומעגלעך געווען צו דער־האַלטן. אַלע „טאַמבעראַס“ וואָס פאַרזאָרגן די הויפּטשטאָט מיט מילך, האָבן געמוזט מיט זייערע טויזענטער מילך־קי קומען אין אונזער געגנט, אַף די לענדער וואָס זיינען פאַרזייט מיט אַלפאַלפאַ, וואָס קען מער אויס־האַלטן די טרוקעניש, און מ'האָט אָנגעהויבן דינגען ביי אונדז די לוצערן פעלדער אַף פּאַשע. אומגעהויערע פּרייזן האָט מען געצאָלט, פון פערציק ביז פופציק פּעזאָס אַ העקטאַר פאַר יאָר. אָט דערביי האָט זיך באַוויזן דער חורבן.

אייניקע קאָלאָניסטן, וואָס דער אומגעלומפּערטער יק"א־אוקאַז „קאָ־לאָניסטישע קינדער קאָלאָניזירט מען ניט מער“, האָט זיי אַממערסטן גע־קרענקט, האָבן געפונען דעם פּאַסנדיקן מאָמענט אַף זיך נוקם צו זיין אין דער ביוראָקראַטיע און טאַקע אין איין וועגס זיך אַליין מיט די איבעריקע קינדער כלומרשט פאַרזאָרגן. וואָס האָבן זיי געטון? זיי האָבן פאַרדונגען צו די גויים דאָס פעלד און אַליין זיך ארויסגעצויגן אין שטאָט.

---

איר וועט ניט פאַריבל האָבן אַף מיר, לאָמיך אייך פאַרשטעלן אַ פּאָר סצענעס, וואָס מיינע אויגן האָבן געזען.

אַפּ'ן וועג פון אַלגאַראָבאַ בין איך אין אַ כאור הבוקר געפאָרן. דער מאָרגן איז אַ ליכטיקער, אַ קלאָרער, די זון איז אַ גאָלדענע געקומען און געוואָרפן מיט זשמעניעס גאָלד אַרום זיך. די ווייס־געקאַלכטע קאָלאָניסטן־הייזלעך, די וועלדלעך, פעלדער, גערטנער באָדן זיך אַלע אין אַ ים פון גאָלד. דער שיינער טאָפּאָלן וואַלד פון חיים ליפשיץ אַרומגעוויקלט דעם שלאַנקן האַלדז מיט אַ גינגאָלדענעם שאַרף, שטייט זיך שטיל ווי אין אַ תפילה, און די טויזנטער קליינינקע זינגערלעך זיינע, וואָס פליען איבער זיין קאָפּ, צעטראָגן מיט זייערע זיסע מעלאָדיען די שטילע וואַלד תפילה און פילן אָן מיט שירה דאָס גאַנצע פעלד.

פּלוצלונג הער איך אַ כריקען פון חזירים און באַלד ווער איך אַרומ־גערינגלט פון אַ טשאַטע רויטע און שוואַרצע שווייַנען מיט פּלאַטשיקע נעז און לאַנגע אויערן. מיין פערד „נעראָן“ דערשרעקט זיך, שטעלט זיך דיבאָם און האָט בדעה אַריינצוּוואַרפן מיך צווישן דעם עקלדיקן געזינדל.

אַ ברייטער, שטאַרקער מענטש פון מיטעלן וואוקס, מיט אַ קיילכיק פעט פּנים מיט היים שוואַרצע אויגן שפּרינגט צו, כאַפּט אָן מיין פערד ביים צוים:

— „נאָ ס'אַסוסטע, סעניאָר"! שרעק זיך ניט, הער — זאָגט ער מיר שמייכלענדיק — „קע בוען קאַוואַזשאַ", וואָס פאַר אַ גוטער פערד! — און ער הויבט אָן גלעטן און איינגעמען מיין איבערגעשראָקענעם „נעראָן", און שטעלט זיך מיר פאָר, ער הייסט „פראַנציסקאַ פּילאַטאָ", אַן איטאַליענער, האָט געדונגען אָט אַ די טשאַקרע מיט דעם וואַלד באַם סעניאָר ליפשיץ, און ער קלייבט זיך איצט אהין אריין.... ס'זענען טאַקע באַלד אָנגעקומען גרויסע וועגענער געשפּאַנט צו 14 פערד, און אויף זיי די משפּחה פּילאַטאָ, אויך פילע חפצים און מילך־קאַנען, שטייגן מיט קליינע קוויטשענדיקע דברים אחרים. פּעאָנעס האָבן געטריבן קי מיט קעלבער און זיינען גלייך געוואָרן בעלי בתים, פאַרנומען די קאָראַלן, געמאַכט „טשיקעראָס" (שטאַלן) פאַר די „טמאים", זיך צעלייגט בהרחבה אויף דעם פּלאַץ, וואו ס'האָט געבלוטיקט, געהאָרעוועט און געהאָפּט אויף אַ לעבענסלענגלעבער היים אַ אידישע קאָלאָניסטישע פאַמיליע אַ משך פון צוואַנציק יאָר.

עס איז מיר אַ ביסל איבלדיק געוואָרן אויפ'ן האַרצן.

איך פאָר צו צו דער שטוב.

— איר אויך, סעניאָר ליפשיץ? איר האָט אזוי פיל פאַרבויט, פאַרפּלאַנצט אייער סאַד, אייער וואַלד, אייער גאָרטן, אייער הויז. די שוויינען ווע‌לן דאָך דאָס אַלעס צערויען און פאַרניכטן; וואָס טוט איר?

— דער תכלית, ברודער פאַדערט אזוי, — ענטפערט ער מיר מיט צער — די קינדער...

— וואָס פאַר אַ תכלית, סעניאָר? אַ היבשן תכלית האָבן די שטאָט אידען פאַר זיך?

— יאָ, מיין פריינט, — ענטפערט ער קורץ, — אז ניט קיין קאָלאָניסט, זאָל ער כאָטש זיין אַ סוחר און אויך אַ איד. זאָל ער כאָטש ווייניקסטנס קענען קדיש זאָגן איבער הונדערט יאָר, ניט אזוי ווי דער מיטלסטער מיינער, פון די יק"א שולן, אז ווען מען רופט אים אויף צו דער תורה, ווערט מיר דאָס פּנים רויט.

— און אפשר וועט ער ניט דאַרפן זיין קיין „באָליטשעראָ" (אַ שיינקער), אזוי ווי אונדזער יאָסעל — רופט זיך אָן די פּרוי זיינע, אוןווישט שוין אויס אַ טרער.

דער פּשוטער איד, דער צוואָנציק יעריקער פּויער, זעט ווי זיין ווייב וויינט, ווערט ער געריהרט, הויבט אָן שעלטן דער יק"א:

— איר מיינט, סעניאָר, — ווענדעט ער זיך צו מיר — אז ס'איז

מיר גוט? מיין יאַפּעלע מיט זיין ווייב און צוויי קינדער ליגן ערגעץ אויף א ווילדער סטאַנציע, שערט קעפּ, שאַרט דעם אומפּלייט פון די גאַאוטש־קודלעס און פאַרקויפט זיי בראַנפן... טאַקע כדאי געווען צו קומען קיין ארגענטינע!.. א קללה אויף די אדונים מיט זייער אוקאַז „קאָלאָניסטישע קינדער קאָלאָניזירט מען ניט".

א סעניאָריטע, א מיידל פון א יאר זיבעצן, מישט זיך אריין אינ'ם שמועס:

— אודאי לוינט עס פאר די אדמיניסטראַטאָרן בעסער צו קאָלאָניזירן דעם גרינעם ווי דעם קאָלאָניסטישן זון; לעבן ערשטן קען מען מאַכן א טאָלער און אויך מער אים טיראַניזירן...

— הערסט, פּאַפּאַ! — זאָגט זי צו איר פאַרטרויערטן פאָטער, — עס איז בעסער אזוי; אוים קאָלאָניזאַציע. זאָל זיך איבערדרייסן די איגנאָראַנץ, וואס די יק"א מיט אירע לערערס, מיט אירע שולעס, מיט אירע מאַראַ־קאַנער אינספּעקטאָרן, מיט זייערע פּראָגראַמען, האָבן אויף דער קאָלאָניס־טישער יוגנט ארויפגעלייגט... זייער שיין האָבן זיי אויסגעבילדעט די קינדער! איך — זאָגט זי — און ווערט רויט ווי א מאַנבלום — וואלט ניט געוואלט איינעם פון זיי פאר א חתן, ווען ער זאָל אפילו צוויי טשאַק־רעס פון דער יק"א פאַרמאָגן...

דער פאָטער לאָזט זינקען דעם קאָפּ, בייסט זיך די נעגל און דאָס מיידל רעט ווייטער:

— מיר מעגן און מיר מוזן ארויסציען זיך אין שטאָט; א שיינע הכנסה, א היבשע רענטע האָבן מיר, פּאַפּאַ! פערציק פּעזאָס א העקטאַר... מיר'ן לעבן גוט אין שטאָט, און אלעקסאנדער'ן מיט פּעפּען וועסטו אוועק־געבן לערנען. וואס איז? רייצינגען שטייט אָן צו האָבן א זון א דאָקטאָר? ער איז דאָך דער אייגענער אימיגראַנט ווי דו!..

— אבער וואס וועל איך טון אין שטאָט? וואס טוט מען א גאַנצן טאָג? — פרעגט דער פאָטער — און דו, טאָכטער מיינע, וועסט איבער־לאָזן דיין בלומען גאָרטן? און די מאַמע אירע עופות? און דער וואַלד, דער סאַד, וואס מיר האָבן אזוי פיל געבלוטיקט אויף אים... אוי, שווער טאָכטער, דער סעניאָר האָט רעכט, — ווייזט ער אָן אויף מיר, אָבער...

אזעלכע בילדער האָבן מיר אָפט געזען און אזעלכע שמערצלעכע שמועסן האָבן מיר א סך געהערט צווישן מערערע פאַמיליעס, און דאָס פּלעגט פאָרקומען אין א סך הייזער א לאַנגע צייט, ביז דער כעס אויף דער

אַדמיניסטראַציע האָט גובר געווען די אייגעוויינטע ליבע צום קאַמף און, מ'האָט זיך ארויסגעקליבן אין שטאָט.

---

אז אידן זיינען געגליכן צו שאָף איז דאָך שוין פון לאַנג אָן באַוואוסט. איין שאָף שפּרינגט אין גרוב און די איבעריקע פאָלגען איר נאָך...

מען האָט אָנגעהויבן פארדינגען קאמפּ: די וואס האָבן נאָך ניט געהאַט זייערע פעלדער אין גאַנצן מיט אלפאַלפאַ פארזייט, האָבן שפּעטער נאָך דער „סעקיע" זיך פארמשכונ'ט, זיך אויסגעבראַכט, געצאָלט הונדערט פופציק פּעזאָס דעם צענטנער זריעה פון אלפאַלפאַ און פאַרזייט, אַבי צו האָבן וואס צו פארדינגען און קענען וואוינען אין שטאָט. פון די סאַנטאַ טאָמאַסער יונגע לייט מיט די גרייטע לוצערן פעלדער, וואס זיי האָבן באַקומען אלס נחלה, זענען, קוקנדיק אף די אַנדערע, כמעט 70 פּראָצענט גלייך ארוים אין שטאָט.

ס'איז געווארן טייער דירות אין קאַסאַרעס. די אייגנטימער אין שטאָט האָבן די אויגן געעפנט, מ'האָט אָנגעהויבן חנפה'נען די רייכע מוזשיקעס: — געגנוג געלעגן אויפן קאמפּ, רבי נחמן, איר זענט ברוך השם רייך, אזאַ רענטע, פינף טויזנט טאַלער אַ יאר, איר מעגט שוין לעבן אין שטאָט צווישן מענטשן, ניט צווישן די פערד און די אָקסן...

ס'זיינען דאָן געשאַפן געווארן צוויי שולן אין קאַסאַרעס. ס'האָט פשוט אויסגעפעלט מזרח וואַנט.... דעם אלטן חיים פונם אינזל קומט דאָך מזרח! אַ איד פון אַ פּאָר הונדערט העקטאַר! זיידע פעלמאַן — שישי, דעם שלישי, חזק... זעט איר אַ מפטיר איז דוקא ביליק געווען. אַ נישטיקע עליה... אויך מיר אַ טעם!.. ס'איז נאָך היינט אויך אַ מאכל נאָר פאר די לערערם אָדער שוחטים....

אויך „קאָנפּיטעריעס" (קאפע הייזער, קאָנדיטערייען) האָבען זיך געעפנט גאָר גרויסאַרטיקע און אַ קלוב צו שפּילן ביליארד און זיך באַקענען מיט די „צוויי און פופציק גוטע ברידער" באַם גרינעם טיש.

ס'איז געווארן לעבעדיק אין קאַסאַרעס. פון פרימאָרגן אָן האָט איר שוין געקענט זען אַ פופציק פארגעלטע שטיוול מיט זילבערנע פּראַזשקעס שפּאַרן אונטער די וואַנט פון ראָזענצווייגס „קאָנפּיטעריע", איילן אונטער דעם קעלנער, און דער פארשלאָפענער קעלנער, מיט זיך וואס גיכער אויסצוקערן דאָס באַנאַכטיקע מיסט אף אריינצולאָזן די „קינדער" ענדיקן די נעכטיקע ניט געשלאָסענע פּארטיעס...

„טרוקא“, „ענווידא“, „קיערא“, „סי“, „נאָ“, (אויסרופן באַ די קאָרטן) האָט דעם פריערדיקן „וואמאָס קאַשטאַניע“, „וואמאָס נעגראַ“ (אויסרופן צו די פערד) פארביטן.

אונזערע זין האָבן זיך געשמאַק אַ נעם געטון אויף דעם גליטשיקן וועג און די ווייבלעך, די קאָלאָניסטישע קינדער, וואס האָבן זיך דערצויגן און אויסגעוואקסן מיט די טעלעצעס אין פעלד, וואס האָבן געוואוסט פון מעלקן קי, האָדעווען עופות און יעטן דעם גאָרטן, — זיינען געוואָרן שטאָטישע דאַמען, האָבן באַקומען ווייסע פנים'ער און צאַרטע הענט, געקוקט אין שפּיגל און הנאה געהאַט פון דער שטאָט...

זיי, די ווייבלעך, האָבן אָבער באַלד זיך ארומגעקוקט און האָבן אָנגעהויבן גוט אונטערצוקריינקען אויף דער שטאָט.... ווייל זייערע ליבע מאַנען, די יונגע פּויערים, פלעגן זיך פארזיצן ביז צוויי דריי אזייגער באַנאַכט אין קאָנפיטעריע און אין אריסטאָקראַטישן קלוב און אָפט מאָל אויך באַטאָג האָבן די תכשיטים זיך ניט געקענט אָפּרייסן פון גרינעם טיש אויף מיטאָג אהיימצוגיין. דאָס ווייבל פלעגט אַ פּאָר מאָל שיקן די עלטערע קינדער דעם פּאָפּאַ אהיימרופן און נאָכדעם זיך אליין מטריח זיין אין דער קאָנפיטעריע, און מיט אַן עפנטלעכן סקאַנדאַל איר מאַן אהיימנעמען.

קורץ, קאַסאַרעס האָט געוואקסן אין דער הויך און די קאָלאָניע האָט געזונקען אין דער נידער. וואס אַ טאָג, וואס אַ וואָך מער, האָבן אַלץ מער קאָלאָניסטן ארויסגעצויגן זיך אין שטאָט אריין.

אַלע אונדזערע פאריינען האָבן אויפגעהערט פונקציאָנירן, די מזומענע געלטער זיינען צערונען געוואָרן און די ביכער מיט די וועקסלען זיינען ביי די קאַסירערס ליגן געבליבן.

און די אדמיניסטראַציע? וואס האָט זי צו דער בהלה געזאָגט?

— גייט, פארט, ציט אין שטאָט, אפילו הינטער די הרי חושך, אבי צאָלט אונדזער אַנואַלידאַד, אונדזער יערלעכע ראַטע!“..

דער אדמיניסטראַטאָר ב. האָט אליין געשריבן די קאָנטראַקטן פאַר די וואס האָבן זייערע פעלדער צו די גויים פארדונגען און גענומען באַם גוי דאָס האַנדגעלט.

אזוי האָט ער אויסגעשטעלט אַ קאָנטראַקט פאַר דעם אַנאַלפאַבעטישן קאָלאָניסט בנימן סאַקאַלער מיט דעם קריסט סעציליאַ סאַיאַנץ אויף זעקס יאָר און אים אזוי אומפּראַקטיש געמאַכט, אַז דער באָדן איז שוין טאַקע ניט ארויס פון יענע גוישע הענט.

די אידעאַליסטישע קאָלאָניסטן האָט ווי געטון צוצוקוקן דעם וועג צום אָפּגרונט, אַף וועלכן די קאָלאָניע פאַרנעמט זיך, אָבער, וואס האָט מען געקענט טון?..

---

ווען אונדזערע צוואַנציק יעריקע פויערים זיינען זיך צוזאַמענגעקומען מיט זייערע שיפּס־ברידער, די עקס קאָלאָניסטן, די סוחרים, וואס פון זיי איז געבויט געוואָרן קאַסאַרעס, האָבן די קליינע בלוט־קייקעלעך, וואס רינען אין אונדזערע אָדערן אלס ירושה פון די אַלטע פעניציער, פון צור וכנען, זיך אין אונדז דערוועקט; דאָס האנדלס בלוט האָט אָנגעהויבן אין אונדז צו צירקולירן, צוגעקומען צום האַרץ און נאכדעם צום מח און האָט אונדזער גאַנץ וועזן צוגעוועגדט צו דער קאָמערץ. פאַרגעסן האָבן די קאָלאָניסטן זייער הויכן אידעאַל, זייער הייליקע מיסיע צו שטעלן העבער די אַגריקולטור ווי דעם האַנדל; פאַרגעסן האָבן זיי זייער אויפגאַבע צו ווייזן אונדזערע שונאים אז מיר זיינען גוטע, ערלעכע פויערים און ניט בלויז שאַכער־מאַכער'ניקעס; פאַרגעסן האָבן אונדזערע ברידער זייער צוואַנציק יעריקע פּראַצע, פאַרגעסן האָבן זיי אין דער ערדעלער נשמה משה פאַן הירש, און האָבן זיך אַ נעם געטון צום מסחר, דער לאַנגער צוויי טויזנט יעריקער גלות האָט זיינס געטון און זיינע קינדער האָבן זיך אריינגעוואָרפן אין דעם גרויסן קאָמערץ־וויכער, וואס האָט דעמאָלט, אין די יאָרן 1910—1912, זיך שטאַרק געדרייט און כלומרשט אלעם מיט גוואַלד באַשאָטן.

די שיפּס ברידער אין שטאָט האָבן שוין געוואוסט ווי אזוי דעם נאַאיוון 20 יעריקן פויער אויסצונוצן און אים באַלייכטן דעם וועג צום גליק, צום שנעלן רייך ווערן.... — זיי האָבן אים אויך געוויזן דעם וועג צו בילדונג, אים אָנגעצייגט צו מאַכן פון די קינדער דאָקטוירים, יוריסטן, אינזשענירן... און דער קאָלאָניסט האָט זיך געלאָזט בלענדן. די בלוט ירושה פון די כנענים האָט נאָך צוגעהאָלפן און מ'האָט אָנגעהויבן גיין באַרג אראָפּ...

---

# II.

# בילדונג

בילדונג אַלס צעשטערונגס עלעמענט פאַר דער אַרבעט. — די דערציונג אין די יק"א שולן. — ראַבינער און דאָקטאָר שמואל הלפן. — די בילדונגס עפּידעמיע. —

געשעפט און בילדונג, אָט די צוויי שטאַרקע קעגנער פון ערד אַרבעט, האָבן זיך מיט איר צוזאַמענגעשטויסן. די עקסטרעמען זיינען אין באַדירונג געקומען, און דאָס לעצטע האָט גובר געווען און פאַראורזאַכט יענע טרויעריקע פאָלגן, וואָס אונדזער מאַאָריציאַ ליידט פון זיי, און ווער ווייסט צי זי וועט דאָס גאָר קענען איבערטראָגן, און צי וועלן זיי איר ניט צעשמעטערן און צעמאָלן אַף שטויב. בילדונג און ערד אַרבעט, דער בוך מיטן אַקעראייזן, קענען זיי דען שטימען? חורש בבקר איך יחקור — האָט נאָך צוריק מיט צוויי טויזנט יאָר בן סירא געזאָגט. — די ערד אַרבעט האָט פיינט בילדונג, לעבודה ולשמרה — דאָס האָט זי ליב. אונדזערע אידישע ערד אַרבעטער אינם גליל, דאָרט אין אונדזער אַמאָליקן היים, זיינען נאָר פשוטע פויערים געווען. דער כהן האָט געלערנט און בילדונג באַזעסן, אָבער ניט זיי.

בילדונג און קאָמעריץ, צעשטערער פון דער קאָלאָניזאַציע, וואָס האָט איר פון אונדז געוואָלט?

איך ווייס, אַז אַ סך פון די לעזער, ווען זיי וועלן צוקומען צו די שורות, אויב זיי וועלן זיך ניט צולאַכן אויפן קול, וועט אַ שמייכל דאָך זייערע ליפּן באַקרייזלען: וואָס אַ מוזשיק קען! בילדונג רעכנט ער גאָר פאַר אַ חסרון! דאָס איז דאָך גאָר אונדזער שטאָלץ! אונדזער משה האָט דאָך אונדז מיט דעם געלויבט, „עם חכם ונבון", האָט ער אונדז אָנגערופן, מחמד האָט אונדז מיטן נאָמען „עם הספר" באַטיטלט... און דאָך שעם איך זיך ניט צו זאָגן אַז דאָס גרעסטע אומגליק פון אונדזער פאָלק ליגט בלויז דאַרין: אין זיין פייערדיקער ליבע צום בוך; לערנען, קלערן, פילאָזאָפירן, דרייען, פליען אין דער הויך, דאָס האָבן מיר ליב, און צום באָדן,

צו קולטיווירן די ערד, האָבן מיר גאָר אַ קליינעם און נים קיין געהעריקן עלעמענט.

אַמערסטן בולט זעט זיך ארויס די צרה בא אונדז דאָ, בא דער קאָ־לאָניזאַציע. צו אונדז, וואס מיר האָבן בכח געהאט אוועקשטעלן זיך פעסט און זיכער אַף דעם פרייען באָדן פון דער ארגענטינער רעפובליק, זיך דער־נערן בכבוד פון דער ערלעכער עבודת האדמה, צו אונדז איז אויך געקומען דער בוך און קלאַפּט ארויס דעם אַקער־אייזן פון האַנט, צו אונדז איז אויך געקומען דער ירושה'דיקער האנדלס אינסטינקט, און האָט פאַר־משכונ'ט דאָס פעלד.

אלס היימלאָזע, אלס מענטשן וואס הענגען אין אויר, אונטערגע־ווארפן צו אלע קאַפּריזן פונם שרעקלעכן גאָט מאַמאָן, אלס אַזעלכע זע איך שוין אַ גרויסע טייל פון מיינע קאָלעגן, די ערשטע פּיאָנערן פון מאָ־אוריציאָ און אפשר אויך פון דער גאַנצער קאָלאָניזאַציע. און די צוקונפט איז אַזוי שווארץ, אַז עס פארקלעמט אַזש באַם הארצן און עס גלוסט זיך אויסשרייען:

— לוקסוס! בילדונג! פארדאַמט זאָלסטו ווערן און פארשאָלטן זאָל זיין דער טאָג, אין וועלכן די א ד ו נ י ם האָבן פארפאַסט דעם נארישן אוקאַז „קאָלאָניסטישע קינדער קאָלאָניזירט מער נים די יק"א"! פאר־שאָלטן זאָל עס זיין אלס די ע ר ש ט ע אורזאַכע וואס האָט אונדז צום אַלטן גלות וועג צוריק געשטופּט, און פארדאַמט און הונדערט מאָל פאר־פלוכט זאָל ווערן דער נארישער און שלעכטער מעטאָד פון זייערע דער־ציונגס אַנשטאַלטן און פון זייערע ל ע ר ע ר, וואס דאָס אלעס צוזאַמען האָט געמוזט ברעכן דעם קאָלאָניסטישן אידעאל!

כדי בעסער צו באלייכטן דעם וועג, וואס האָט געבראַכט די קאָלאָ־ניסטן צו לערנען זייערע קינדער פאר יוריסטן אָדער דאָקטוירים, מוז איך פאָרשטעלן אין קורצן דעם אופן פון דער קינדער דערציונג, וואס די יק"א האָט אָנגעפירט אין די קאָלאָניעס.

---

אַזוי ווי די נאַטור ציט דאָך צום אַלעם ערשטן צו זעלבסט פאַרזאָר־גונג, צו שיצן דעם חומר, דאָס עסן, אַזוי איז געווײנלעך מיט אונדז גע־וועזן; אין די ערשטע יאָרן זיינען אַלע אונדזערע חושים פארנומען געוועזן מיט דאָס נויטיקסטע. ווער האָט זיך צום קינדער דערציען אומגעקוקט? די יק"א שולן לערנען, איז געווען... די קינדער אין עלטער פון 8 ביז 12

יאר, וואס מיר האבן פון דער חיים געבראכט, זיינען געווען די ערשטע קרבנות פון די יק"א שולן. מען האט זיי געלערנט שפאניש און פון איי־דיש — „המוציא לחם מן הארץ" אדער א ברכה אף א דונער און באסטא! מילא א י י ן דור גע׳פטר׳ט.

דער דירעקטאר הירש, וואס איז אליין 14 יאר געווען א לערער אין מקוה ישראל, האט געזאגט: „דער באראן האט געוואונשן פון אייך פווי־ערים צו מאכן און ניט קיין פראפעסארן". און אונדזערע שול קינדער האבן אפנים אינסטינקטיוו געוואוסט וואס דער באראן האט געמיינט און וואס הירש זוכט צו פארווירקלעכן. באם עקזאמען וואס דער דירעקטאר פלעגט אמאל אין די שולן מאכן, פלעגן זיי פאר אים זייערע רייט־פערד־לעך אין געשווינדסטן קאריער לאזן, שטעלן זיך אין מיטן רייטן, מיט׳ן קאפ אפ׳ן פערד און די פיס אין דער הויך. ווייזן קונצן מיט דער לאסא און באלעאדארעס און דערמיט געווינען בא הירשן די פרעמיע.

איך וועל דא פארצייכענען א קליינעם עקזאמען עפיזאד. שימעלע ראזענצווייג, א בחורל פון צוועלף יאר מיט א אפגעשיילטן פנים, בא־שאטן מיט זומער שפרענקלעך, וואס האט זייער ניט ליב געהאט די שולע און פלעגט זען אויסמיידן זי מיט אלערליי תירוצים, האט זיך איינמאל דערוואוסט אז דער דירעקטאר הירש קומט אף עקזאמען. ער האט אפ־געוואשן די צורה, פארקעמט דאס פלאקסענע קעפל האר, ארויפגעכאפט זיך אויפן פערדל, איז אויסגעוואקסן אין שולע און פארנומען א פלאץ אף דער ערשטער באנק. וועמען פון די קינדער הירש האט עפעס געפרעגט, האט דאס דאזיקע בחורל געהויבן זיין פינגער אין דער הויך, ד. . ער וועט ענטפערן. דער לערער פון שולע, רויזענפעלד דער פחדן, איז געשטאנען אין אנגסטן, מורא האבנדיק אז דאס אינגעלע זאל דעם גאנצען עקזאמען פאר־שעמען. וויסנדיק אז דאס אינגעלע ווייסט לחלוטין גאר נישט, האט ער אים געוואונקען מיט די אויגן ער זאל אפזיצן. דאס בחורל האט געזשמור־רעט ממזר׳יש מיט די קליינע אויגלאך און אף צו להכעיס דעם רבי׳ן זיך געוואהפן דעם דירעקטאר אין די אויגן. דער עקזאמינירער הירש האט עס באמערקט און באטראכטנדיק א ווײלע דעם קליינעם שיבעניק, פרעגט ער אים אין שפאניש:

— סע סאבע אוסטעד? (וואס ווייסט איר?).

דער בחור׳ל גיט זיך א צי אין דער הויך און ענטפערט מיט שטאלץ:

— ושא? סע ארא, סע באזשעריאר, סע ארדעניאר לאס וואקאס



.אַניסטן פון מאוריציע.

(איך? קען אקערן, קען פאשען די בהמות, קען מעלקן די קי) און ווען איך האב צייט קום איך אין שולע אריין און איך לערן די ברכות און אויך פדמארען (התמ'ענען) אין שפאניש און אין רוסא (אידיש) — פארענ־דיקט ער אין אידיש און קוקט מיט נצחון צום איבערגעשראקענעם רבי'ן. דאס פנים בא הירשן האט אויפגעשטראלט פון פרייד: — מוי ביען, הי־נא מיא! מוי ביען! אסי מע גוסטא! (זייער גוט, זון מיינער, זייער גוט, אזוי האב איך ליב) — גלעט ער אים איבערן ווייסן קעפל.

אזוי האט זיך דער חנוך געפירט, און מיר האבן זיך ניט אומגעקוקט, דער חומר איז בילכער געווען. שפעטער ווען די מאטעריעלע לאגע האט זיך געבעסערט, האבן מיר דערזעען וואוהין דער יק"א חנוך האט אונדז פארפירט. מיר האבן דערזעען, אז ניט קיין אידישע פויערים וואקסן בא אונדז אויס, נאר פשוטע מוזשיקעס און זייער פארגרעבטע דערצו. האבן מיר זיך דאן געוועגדט מיט א פאר הייסע ביטעס צו דער אליאנץ (חברת כל ישראל חברים) קיין פאריז. זיי האבן אפנים איינגעזעען אונד־זער צער און האבן דאן אראפגעשיקט קיין ארגענטינע א ראבינער.

---

דער ראבינער, א יונגערמאן פון א יאר 30, א אומפארהייראטער, איז אראפגעקומען אין קאלאניע, זיך פארגעשטעלט אונטערן טיטול ראבינער און דאקטאר חלפן, געענדיקטער סעמינאריסט פון פאריז, און דער ראבינער האט אונדז מבשר געווען אז די גאנצע „ענסעניאנסא העבראיקא“, דער אידישער למוד, הייסט עס, אין אלע קאלאניעס, גייט אי־בער אונטער זיין השגחה, און די פראבלעם פון די שולן איז שוין אזוי ווי פארענטפערט.

דער שיינער, סימפאטישער ראבינער, מיט איידעלע געזיכט שטריכן און מיט זייער דערצויגענע מאנירן, מיט א שווארצע לייכגלעכע בארד און קארע אויגן, וואס רעט פראסט אידיש, ווייל ער איז אליין א רוסישער איד און האט ליב דעם רוסישן אידן, און מיט א ערלעכער נשמה, האט אפגענומען אין אדמיניסטראציע א צימער פאר זיך אליין, אוועקגעלעגט א פאר תפילין און א מזוזה בא זיך אפ'ן שרייב טיש און געמאלדן דורך דער אדמיניסטראציע, אז די קאלאניסטן זאלן קומען מיט אים שפרעכן.

מ'האט זיך אנגעהויבן אפריכטען באם ראבינער.

מיט יעדן קאלאניסט האט ער זייער פריינטליך גערעט און באם ריידן אלע ווײלע די האנט זיינע ארויפגעלעגט אף די תפילין אין דער רעכ־טער זייט אדער אף דער מזוזה אין דער לינקער זייט.

אייניקע קאַלאָניסטן האָבן אין זיך געלאַכט אױף דער נאַאיװיטעט פון דער פראַנצױזישער אַליאַנץ, מיט אירע סעמינאַריסטן אָדער ראַבינערס װאָס זי גיט ארויס צו פאַרזאָרגן מיט אידעשקייט די װעלט.

א געװיסער זבולן גאַלאַנטערניק, א מילנער פון דער היים, פרעגט זיך בתמימות: דענקען די פראַנצױזישע אידן אז מיר זיינען גויים, װאָס זיי האָבן אונדז געשיקט א „פּאָפּ", װאָס ער טאָפּט דעם גאָלדענעם „שתי וערב" װען ער רעט מיטן מוזשיק? װאָס טאָפּט ער דאָרט, בא די תפילין אויפן טיש?..

דער ראַבינער האָט מיך און נאָך א פּאָר קאָלאָניסטן איינגעלאַדן בייצוזיין דעם ערשטן עקזאַמען זיינעם אין אונדזערע קינדער שולן. מיט דער כאַראַקטעריסטישער שװייגזאַמקייט פון אַן אַליאַנץ מענטשן, איז ער קאַלט און שטום פאַרביי־געגאַנגען אלע קלאַסן, אויסגעהערט די אלע ענטפערס פון די שילער, װי: לוט איז שרה'ס א זון געװען און חם איז דער ערשטער מענטש אויף דער װעלט...

װען מיר האָבן אים אָנגעװיזן אויף דעם טרויעריקן מצב פון די שולן, האָט ער מיט די אַקסלען אויפגעצויגן און קאַלטבלוטיק זיך אָפּגעענטפערט:

— ס'איז טאַקע ניט פריילעך, אָבער ניט געפערלעך. קאָלאָניסטעשע קינדער, װאָס װילט איר?

כמעט דער זעלבער ענטפער װאָס הירש האָט געגעבן.

איך האָב זיך דאַמאָלסט טיפער אין דער זאַך איינגעטראַכט און איך בין זיך מודה ומתודה אָהן שום בושה, אז איך האָב דעם ראַבינער דאַן געפונען גערעכט. קאָלאָניסטעשע קינדער, װאָס פאַר א בילדונג דאַרפן די צוקונפטיקע פּויערים האָבן? א ביסל תנ"ך, אידישע היסטאָריע, פינף זעקס גראַדן אין דער לאַנד־שפּראַך און ס'איז די והותר. אַט װען עס װייזט זיך ארויס אַמאָל צװישן די פּויערים־קינדער איינער א זשעני, א גאון, װאָס ס'איז א שאָד די װעלט זאָל זיין טאַלאַנט פאַרלירן, דאַרויף װאָלט באַדאַרפט זיין א העכערע שול, א בילדונג אינסטיטוט איבער אלע קאָלאָניעס, װאָס זאָל דינען צו דעם צװעק...

דעם פּלאַן האָב איך טאַקע באַלד פאַרן ראַבינער פאַרגעלייגט און ס'האָט זיך גלייך ארויסגעװיזן אַז די אידייע װעט פאַרװירקלעכט װערן; די ביורא האָט דעמאָלסט צװיי קאָלאָניסטעשע קינדער, מאַרקוס רױזענפעלד און איסאַק ניסענזאָהן, זייער גראָטענע,ביידן אין נאָרמאַל שולע

קיין בוענאָס איירעס אַוועקגעשיקט, זיי זאָלן אויסשטודירן אַף לערער, כּדי מיר זאָלן האָבן אייגענע לערער אין די שולן.

דער פּלאַן האָט זיך ניט איינגעגעבן. ביידע קינדער האָבן די נאָרמאַל שולע געענדיקט, זיי האָבן אָבער די יק"א קאַפּריזן ניט געקענט פאַרטראָגן. דער ערשטער איז היינט דירעקטאָר אין אַ רעגירונגס שולע און דער אַנ־דערער איז עם דער אדוואָקאַט ניסענזאָן, וואָס האָט דער יק"א דער ער־שטער אַ פּראָצעס פאַרפירט פאַר אונדזערע קויפשיינען.

מיר וועלן שפּעטער צוקומען דערצו. מילא, פון טאַלאַנטן רעט מען ניט, אָבער די פּשוטע קינדער — האָב איך און אויך מיינע געציילטע חברים גערעכנט — אַז די קאָלאָניע שולן אונטער דער אויפזיכט פון אַ גוטן אינספּעקטאָר ווי ד"ר הלפן, וועט פאַר אונדז איבערגענוג זיין. — זאָ־לן זיך בילדן די קינדער פון שטאָט, די וועמענס עקזיסטענץ עס הענגט אין דער לופט. אָנשטאָט זיך לערנען אומצוגיין מיטן האַמער, מיט דער זעג, צי מיט שער און נאָדעל, לערנט ער זיך מיטן כירורגישן לאַנצעט, צו ווערן דעם מלאך המות'ס אַ שותף און טראָגן אַ דאָקטאָר קרוין; אָבער פאַר אונזערע קאָלאָניסטעשע קינדער — שמייכלט ניט, איך בעט אייך — איז דען די קרוין פון אַן אַגריקולטאָר, פון אַ ברויט פּראָדוצירער ניט גע־נוג שוין? וואָס דאַרפן אונדזערע קינדער די שטאָטישע בילדונגען?..

מיט דעם געדאַנק זיינען מיר געגאַנגען און דעם ראַבינער זייער געאַכטעט און געהאָפט אַז די דאָרפס שולן וועלן אַוועקגיין פאַרטרעפלעך.

ס'איז אָבער צו אונדזער אומגליק ניט אַזוי געשען. דער ראַבינער איז דאָך אויך ניט מער ווי אַ יק"א דינער געווען; אַ פּאַרטיקע פּראָגראַם, מיט אַ פראַנצויזישער מעטאָדע איז אים איבערגעגעבן געוואָרן.

די מאַראָקאַנער אַליאַנץ תּלמידים, די שפּאַנישע לערער, האָבן דאַן געהאַט מער דעה אין די שולן — און היינט אויך — פונם ראַבינער מיט אַלע אידישע לערער צוזאַמען; און די קינדער זיינען נאָך מער פאַרגרעבט געוואָרן.

מיר האָבן עס געזען און געדולדעט, ביז עס האָט אויסגעבראָכן דער „לאַ עספּעראַנסאַ" קאָנפליקט, ביז דער דומער — פון אַלע דומהייטן דער דומסטער — אוקאַז פון דער יק"א איז ארויסגעשטעלט געוואָרן אין פענסטער, אַז:

„קאָלאָניסטעשע קינדער קאָלאָניזירט מען מער ניט", —

נו, אַז ניט קיין קאָלאָניסט, מוז ער דאָך שוין זיין אַ לופט מענש,

און אז לופט און האנדל, דאן זאל ער שוין כאטש זיין געבילדעט, און אפשר טאקע גאר א דאקטאר צי א אינזשעניער...

---

עס האט זיך אנגעהויבן א עפידעמיע פון בילדונג. קאלאניסטן פשוטע, וואס אף צו דערקענען זייער אונטערשריפט און אין וואס פאר א שפראך זיי זיינען, טערקיש, כינעזיש, אדער גאר אפשר אותיות פונם מארס פלאנעט, האט מען באדארפט האבן דריי עקספערטן, אזעלכע פווי־ערים האבן אלע מעגליכקייטן — און אויך אומעגליכקייטן — אנגעוועג־דעט, אבי דער רויטער אינגעל זייערער זאל אויך זיין א סטודענט. און מ'קען ניט לייקענען, געלערנט האבן די קאלאניסטעשע קינדער בעסער פון די שטאטישע און אויך בעסער פון אלע אנדערע ניט אידישע קינדער פונם לאנד.

לייבל, דער אינגל פון משה דוד גרונמאן, האט צו צווי קלאסן אף א מאל דורכגעמאכט און צו איינאונצוואנציק יאר, איז ער שוין דאקטער מעדיצין, מיט א גאלדענעם מעדאל. א ברודער זיינער איז א פראוויזאר אדער אפטייקער און כעמיקער, פון רייצינס צווי זין, איז איינער א דאק־טאר און דער צווייטער א אינזשעניער, ווייסמאן, קווייטעל, רויזענוואַ־סער, לעמבערסקי, ראבינאוויטש, אלע דאקטוירים, אינזשעניערן, טעכני־קער און נאך און נאך.

די קנאה האט זיך צושפילט, די קאלאניסטקעס האבן זייערע מאנען אנגערעט ארויסצוציען אין שטאט און לערנען די קינדער. הלמאי יענער?..

איך געדענק ווי איין מאל אין חודש מארץ, ווען די שולן עפנען זיך, בין איך אין קאסארעס בא דער באן געשטאנען און מיט שברון לב צוגע־קוקט, ווי אכצן קאלאניסטעשע קינדער פארן אף אין דער הויפט שטאט אריין צו גיין דארט אין גימנאזיע. אייניקע, וואס ס'איז נאר א רחמנות גע־ווען זיי צו פארשפארן אין די דלת אמות של הלכה, געזונטע און קרעפ־טיקע יונגען וואס זיינען געבוירן געווארן צו דער פעלד ארבעט, בחורים וואס ווילן און קענען בעסער רייטן אפ'ן ווילדסטן אגער און קולטיווירן די ערד, נאר זיי מוזן צוליבטון די עלטערן זייערע און פארן זיך פארשפארן אין די ענגע קאזעמאטן צווישן די וואנצן און דארטן ווערן קראנק, דארט באקומען א טיטול אדער די ווייסע פעסט...

צווי פון די קינדער זיינען טאקע פונ'ם זינען געווירט געווארן. איי־נער איז געשטארבן, דער צווייטער איז א קראנקער אויפ'ן מוח פארבלי־

בן, א פאר נעבאך אויף די לונגען קראנק. קורץ, מ'האט געלערנט. געצווי־
גע אין שטאט אריין און געלערנט. פון אלע קאָלאָניסטישע גרופעס, דוכט
זיך, איז ניט פארבליבן איינע קיין גאנצע. אומעטום האָט געפעלט, אז
ניט איין משפחה איז צוויי אדער גאנצע דריי. ס'איז שיטער געווארן אין
דער קלאָניע.

---

III.

# די יק״א מאַנט און די קאָלאָניסטן צאָלן

די יק״א „קאַברירט״. — די קוואַלן פון וואַנען די קאָלאָניסטן נעמען צו צאָלן. — א רעוויזאָר איז געקומען. — אַדמיניסטראַטאָרישע געשעפטן. —

און די אדמיניסטראַציע? וואס האָט זי געטאָן? אַנגענומען א פול מויל מיט וואַסער און געשוויגן. האָט איינגעקאַסירט איר „אַנואַלידאַד״ (יערליכע ראַטע) און זיך געמאַכט בלינד.

בלינד? זי האָט אפילו ניט געוואָלט זעען פון וואַנען עס קומט דאָס געלט וואָס זי קאַסירט איין.

די פעלדער זיינען איינציקווייז איבערגעגאַנגען אין גויאישע הענט אין אַרענדע. א סך קאָלאָניסטן האָבן זיך אין די שטעט באַזעצט און זי האָט זיך געמאַכט כלא ידעה. זי האָט געוואוסט אז דאָס איז א פאַרברע־כן, אבער זי האָט אים, ווייזט אויס, בכיון פאַרשוויגן.

באַריכטן זיינען קיין פאַריז געגאַנגען, אז מאַאוריציאַ איז שטאַרק רייך געוואָרן, מען מוז אַף די מאַנאַטן מערץ און אַפּריל צוויי קאַסי־רערס האַלטן. פאַר איינעם איז די איינקאַסירונג צו שווער צום פאַרזאָר־גן. — באַרימען האָבן זיי זיך געוואָלט אז זיי זיינען טיכטיגע קאָלאָניזאַ־טאָרן — יאָ פיינע קאָלאָניזאַטאָרן! דער שפּעטערער היסטאָריקער וועט זיי שוין נאָך די יאָרן אויסגעפינען. די יאָרן 1909, 10 און 11, זיי־נען די פאַרשאָלטנסטע פון זייער הנהגה געוועזן, אין יענע דריי יאָר האָבן די באַאַמטע פון דער יק״א דעם טויט אורטייל פון מאַאוריציאַ אונטער־געשריבן.

און אייך, לייענער פון די שורות, אייך וויל איך בעטן, איר זאָלט ניט שעלטן אונדזערע קאָלאָניסטן, ווען איר וועט זעען דעם גרויסן אומ־פאַרמיידלעכן חורבן וואָס וועט קומען אויף אונזער קאָלאָניע, ווען איר וועט הערן ווי די קאָלאָניסטישע פעלדער ווערן אין די יאָרן 1921 און ווײ־טער — ווען עס ענדיגט זיך דער יק״א קאָנטראַקט — אין עפענטלי־כער „רעמאַטע״ (אוקציאָן) פאַרקויפט; ווען איר וועט דערפאַרן אז פון

אלע קאַלאָניסטן איז אפשר אַ פערט חלק געבליבן; ווען איר וועט וויסן אז איטאַליענער און פראנצויזן וואוינען אפ'ן פּלאַץ פון די חלוצים הראשונים; ווען איר וועט שפּעטער מיט יארן געוואר ווערן, — הלואי זאָל איך ליגן זאָגן — אז גויים, די איינגנטימער פון אונזערע פעלדער, ווארפן פון דער ערד ארויס די ביינער פון די אומגליקלעכע גרינדער פון מאַאוריציאַ; ווען איר וועט דאָס אלעס צוזעען זאלט איר ניט שעלטן, נאָר אַ טרער אַ הייסע, א גרויסע טרער זאלט איר לאָזן פאלן אויף אונזער גורל, אויף אונזער פינסטער מזל, אויף דער קללה, אונטער וועלכער מיר זיינען שטענדיק אונטערוואַרפן, אָט די פאלשע מנהיגים, מיט וועלכע אונזער פאלק איז שטענדיק געשטראפט. פאר אַ קריגס געריכט זאלט איר שטעלן אָט אָ די פאלשע פירער די פאררעטערישע פאסטוכער, די אדמיניסטראטארן און דירעקטאָרן! חשבון, דין און חשבון זאלן זיי אָפּגעבן פאַרן דעת הקהל!... די ביכער און די קאָפּיעס, וואו ס'איז פארשריבן די פארברעכערישע „קאבראַנסאַ" פון יענע יארן וועלן זייער שולד באווייזן און ווען אונזערע קאָלאָניסטן האבן אויך אַ חלק אין דעם פארברעכן, פאלט דאך די גרעסטע טייל שולד אויף זייערע קעפּ. — נאָר דאס איז אייער זאך, אַ שפּעטערע ארבעט... איך וועל אייך נאר דערציילן פון וואס פאר אַ קוואַל די „קאבראַנסאַ" איז דאַן געקומען. און ווי ארום זי האט דעם חורבן מאאוריציא פאראורזאכט.

---

פון זייער אַ טריבער קוועלע זיינען די געלטער וואס די יק"א האָט אין יענער צייט איינגעקאסירט געקומען, ניט פון די פרוכט וואס די קאָלאָניסטן האבן פון זייערע פעלדער אראפּגענומען זיינען זיי געווען, אזוי ווי די באריכטן האבן קיין פאריז מיט באַרימעריי זיך געטראגן, ניין, נאָר פון דעם שווינדל פּראָדוקט וואס די ארומיקע קאָמערציאַנטן האָבן עקספּלואטירט.

עס איז געווען אין יענער צייט פון „באדן פיבער" ווען יעדער וואס האט נאר חשק געהאט שנעל רייך צו ווערן, האט געהאנדלט מיט חלקים ערד, ווי איר וועט עס אין די ווייטערדיקע קאפּיטלען לייענען. שניידער, שוסטער, אלערליי בעלי מלאכות און קליין הענדלער, אפילו לערער און חזנים, ווער ס'האָט נאָר פארמאָגט אַ פּאָר פּעזעס האָט געגלעט צו געבן, האט זיך געקויפט אַ חלק ערד אדער צוויי.

פלאַנען מיט אויסגעמאָלטע פארטיקע שטעטלאך, שוין מיט געברוי־

קירטע נאסן און בולווארן, צעשניטן אויף „לאטעס“ (חלקים), אין די פאמ־פעס, ביים ים אויסגוס און א טייל גאר אויף דער לבנה.... האבן די באדן־סוחרים אין בוזעם קעשענע אומגעטראגן און מ'האט געקויפט און פארקויפט. מיר שיינט אז ס'איז דאמאלסט ניט געבליבן איין ארבעטער, איין פאבריק מיידל, וואס זאל ניט האבן פאר א „טערענא“ איינגעצאלט. דער שווינדל מיט די לענדערייען איז אונגעהויער ווייט געשטיגן, קרעדיט האט זיך ווי שטויב געשאטן, געלט איז א שפע געווען! דריי בענק האבן דאמאלסט פונקציאנירט אין קאסארעס, און אלע קאמערציאנטן האבן פון זיי געלט געשלעפט.

די פארוואלטער פון די בענק, די „בערענטעס“ זיינען מיט די סוחרים בלאט געווען; אבי א חתימה מיט א „מאניפעסטאסיאן דע ביענעס“ (פארמעגען דערקלערונג), האבן זיי שוין דעם קאמערציאנט געגעבן קרעדיט וויפיל ער האט אליין געוואלט.

איינער, אונזער אן עקס קאלאניסט, זייער א כיטרע סוחר, האט אזוי ארום א פאפירענע בריק אף סאמע קרעדיט, פון א דריי מיליאן פעזאס אויפגעבויט. מאטעריאל צום בויען די בריק האט מען באם אידישן מוזשיק געקריגן. מען האט דעם נאאיוון מענטשן אין באנק ארייגעפירט, דער אפגעבעטער „בערענטע“, האט אים מיט א פנים יפות אויפגענומען, אויסגעפרעגט וויפיל לאנד, בהמות, אגראר מאשינען ער האט. און האט באלד זיינע צוויי הונדערט העקטאר אויף „לאטעס“ צושניטן. שטיין רייך האט דער שעה פון באנק אים אפגעשאצט. אזויפיל פארמעגן...

מיט א קווארט שוויים איז דער אומוויסענדער מוזשיק דארט אין באנק אפגעגאנגען, איידער ער האט זיין אונטערשריפט, די רייכע חתימה אין דעם גרויסן קרעדיט־בוך אנידערגעלעגט. איין איינציק מאל נאר איז ער אין באנק געווען, און אבי די חתימה איז רעגיסטרירט געווארן, האט מען אים שוין מער ניט באדארפט. דער סוחר פלעגט שוין די באנק אפעראציעס אן אים מאכן און אויף זיין חתימה שווערע טויזענטער ארויסנעמען. זעט איר דאס יא, ווען דער קאלאניסט האט א הונדערטער אדער גאנצע צוויי באדארפט, איז ער צום סוחר געגאנגען און יענער האט גלייך געגעבן. בלויז א חתימה, אפט מאל גאר אף א ריין שטיקל פאפיר, האט ער, דער סוחר, פארלאנגט.

ווען ס'איז געקומען דער ערשטער אפריל, דער טערמין צום צאלן די יערלעכע ראטע דער יק״א, האט דער קאלאניסט, וואס איז מיט די

סוחרים אין באנק געשעפט געשטאנען, שוין גארניט געזאגט. א צעטע־לע פונ׳ם סוחר צום אדמיניסטראטאר, אדער דער אדון אליין האט דעם קאַטש מיט׳ן יק״א חותם געשפאנט און איז אף מיטאָג צום מיליאָנער, דעם סוחר, פארפארן און בא א גוטן ביסן מיט א גלעזל ליקאר, פונ׳ם מוזשיק אפגעשפעט און אן אנווייזונג פאר צען קאָלאָניסטן מיט איין מאל צו דער פירמע בונזש און בארן גענומען. און די אדונים אין קאזשאַאַ 216, האבן שוין דאס געלט באקומען.

פארמאכט האָבן זיי, די גדולים, די אויגן, האָבן ניט געוואלט זעען דעם זינדיקן קוואל פון וואנען די קאָלאָניסטן שעפן דעם אפצאל, טויב זיינען זיי געווען צו אונזער געשריי.

מיר, עטלעכע קאָלאָניסטן, האָבן צו די אדונים געשריבן און זיי אויפ־מערקזאם געמאכט אף דער פאפירענער בריק, אז ווען זי וועט פלאצן וועלן די קאָלאָניסטן מיט זייערע פעלדער איינגאנצן דערטרונקען ווערן.

אזוי ווי ס׳איז טאקע איצט דער פאל.

מיר האבן דעם אפצאל יענעם יאר ניט געקענט צאלן און קריכן אין די בענק צו פארדינגען די גוים די פעלדער — ווי די גוטע פינקט־ליכע צאלערס טוען — האבן מיר ניט געוואלט. מיר האבן דאס אלעס אין א ביטע צו די דירעקטארן געשריבן.

נו, האָט מען אונז געענטפערט מיט „עמבארגאָס“, מיט גערינבטליכע אפשרייבונגען.

— צאלט! — האט דער אדמיניסטראטאר ב. געזאגט, — מאָאורי־ציא איז רייך, גיט געלט! די ביורא וויל ניט וויסן פון וואנען דאס געלט קומט. אז ניט, וועט שוין די פאליציי געפינען וואס צו נעמען...

מיט ווייטיק האָבן מיר צוגעקוקט ווי די אדונים מיט זייער „קאָ־בראנסא“ שטויסן די קאָלאָניע אין אפגרונט אריין. אייניקע פון אונז האבן די שאנדע פון דער „עמבארגא“ ניט געוואלט ליידן, האבן פאר־קלעמט מיט די ציין און זיינען אויך גלייך מיט די אומוויסענדע צו די קאָמערציאנטן אריינגעקראָכן, מען האָט צו אָט די סוחרים — ניט צו גוים הייסט עס — די פעלדער דוקא אויף א גוטן פרייז פארדונגען, און זיי האָבן זיי פון זייער צד, סוב־ארענדירט צו גויים און פאר דער טובה האָט מען שוין אלס מענטשלעכקייט, דעם בעל־טובה׳ניק א „פאוואר פא־גארע“ אויסגעליען, און מען איז אזוי אומגערן אויך אין די בענק אריינ־געפאלן.

דער דלות; אט דער ממזר וואס האט שוין לאנג ביי אונז קיין פוס ניט געהאט, איז געקומען, האט לאנגזאם די קאלאניע מיט זיינע קאלטע, שטארקע לאפעס ארומגענומען און אזוי שטילענקערהייד אנגעהויבן ווארגן, דריקן אויפסניי. אי מיט דעם דלות איז ערשט דער ריכטיגער צ ע ־ ש ט ע ר ע ר אנגעקומען, דער רוסישער אדמיניסטראטאר.

---

מען ווייסט ניט, צו דער טייפל פון טיראניי, צו דער מלאך פון פרייהייט, צו גאר אונזער פראטעסט אויף דער אויפפירונג פון ד ע ר א ד מ י נ י ס ט ר א צ י ע, האט די דירעקטארן א געדאנק אריינגעגעבן א י ב ע ר צ ו ב י י ט ן דעם פראנצויזישן מאנסיע ב. אף אונדזערן א רוסישן אידן. ער, אונזערער אן אייגענער, פון דעם זעלבן וואלד געוואקסן, איז ערשט די ריכטיקע טאפאריסקע, דאס אמת'ע הענטל צו דער פראנצויזישער האק געווארן. אן רחמנות האט ער אונז געהאקט, שרעקליך טיראניזירט און אזוי ארום אונז צו דער פרייהייט און אויך צום חורבן געבראכט.

א הויכער, א מאגערער, מיט זייער לאנגע פיס און הענט איז ער, דער נייער אדמיניסטראטאר, געווען. אין רויטע באליעוועס, מיט א „רעווענקע" אין האנט, האב איך אים דאס ערשטע מאל אין קאסארעס, שפאנענדיק איבער דער גאס דערזען: א שמייכלענדיקער, מיט א סימפאטישן אויסזען, און אויגן אזעלכע גרויע, אז ס'ווערט מוטנע גרוי אויפ'ן הארצן ווען מען קוקט אין זייער גרוי־בלויען גלאנץ אריין, אבער ווער קוקט עפעס א מושל אין די אויגן אריין! ער האט די מאכט פון מאסיע ב. איבערגענומען און זיך בארימט, אז ער וועט מאאוריציא רעארגאניזירן... די פליגן האבן גלייך דערשפירט דאס פלייש, און וואו עפעס א וואגאבונד פון די גרינע — און אויך — מיינע רייד זאלן זיי ניט שווער זיין — פון די תושבים, האבן זיך קאנצענטרירט ארום אים. עס האט זיך געבילדעט א גאנצע באנדע, „כוליגאנעס" האט מען זיי א נאמען געגעבן, א מין שפיאנען, טעלערלעקער, אויערן־צוטראגער, א סארט הייכלער קאמפאניע, אפשר כדי מיטצוהעלפן אים אין דער גראנדיעזער אונטערנעמונג פון זיין רעארגאניזאציע...

אט דער נייער האט באלד אויסגעפונען, אז די ערשטע אורזאכע פון אלדאס שלעכטס, דאס ארויסציען זיך אין שטאט און די מגפה די קינדער צו בילדן, איז די קאנסענקווענץ פון דער אומגערעכטער לא עס־

פּערנאָסע־פּאַרטיילונג. און וויסענדיק, אַז דאָס דומסטע פון אַלע דומהייטן איז דער יק״א אוקאַז „קאָלאָניסטישע קינדער קאָלאָניזירט מען ניט“, האָט ער אַלס רוסישער איד און בטבע ניט קיין שלעכטער, געוואָלט דעם פעלער צורעכט מאַכן און אונדזער קאָלאָניע אומקערן איר פריערדיקן גלאַנץ. אַזוי האָט ער דאַן געזאָגט. — ווי אַזוי האָט איר אייער מאַאוריציאַ אַזוי שרעקליך דעמאָראַליזירט? — פרעגט ער ביי אונדז. — אַלע אייערע סאָסיעדאַדן און פאַריינען זיינען פּאַראַליזירט, איר זענט אָן אַ דאָקטאָר, אָן אַ שטיקל אַפּטייק. הזאת נעמי? אָט דאָס איז די רייכע מאַאוריציאַ, וואָס נאַרסים לעווין אין פּאַריז באַרימט זיך אַזוי אין זיינע יערליכן בולעטין מיט איר? — העלפט מיר — טענה'ט ער וויטער— איך וועל אייך רעאָרגאַניזירן, איך וועל אייך גוטס טון, איך בין אייער אַ ברודער...

מיר האָבן געדענקט אַז אַ מלאך רעט פון זיין מויל. און מעגליך אַז ער האָט עס דאַן ערנסט געמיינט, ווייל טרערן זיינען אים אין די אויגן געשטאַנען. אַ בעל בכי איז ער געווען ביז גאָר.

ער האָט זיך געגומען שיקן באַריכטן אין דער ביוראָ, גאַנץ לאַנגע און גאַנץ וואַרימע. נעכטוויז פלעגט ער זיצן און שרייבן. ער האָט זיי געמאָלן אונדזער קלעגלעכן מצב מיט דעם קומענדיקן חורבן אין די ריכטיקע פאַרבן. ווייניגסטנס, אַזוי האָט ער אונדז דערציילט. די ביוראָ האָט זיך אפנים צוגעהערט צו זיינע רייד, און האָט באַלד צו אונדז אַראָפּגעשיקט אַ רעוויזאָר.

דעם 16־טן יוני פון 1909 איז אָנגעקומען אין קאָלאָניע דער אויבער בוכהאַלטער און במקום דירעקטאָר — ווייל ווען איינער פון די צוויי אדונים איז אָפּוועזנד געווען, פלעגט ער די קאָרעספּאָנדענץ און אויך די קאָנטראַקטן אונטערשרייבן. פראַנציסקאָ גראַס האָט ער געהייסן, און ער איז מיטן נייעם אַדמיניסטראַטאָר ארומגעפאָרן אין די גרופּעס, אויסגעפרעגט יעדן איינעם איבער דער סיבה וואָס האָט געפירט צום פאַרדינגען די פעלדער, מיט וואָס פאַר אַ מיטל קען מען עס פאַרמיידן און אין וואָס קען באַשטיין די הילף. דאָס וואָס די קאָלאָניסטן האָבן געענטפערט האָט ער פאַרצייכנט, און צוגעזאָגט, אַז נאָכן שטודיום, נאָך זיין טור איבער דער קאָלאָניע, וועלן די „הערשאַפטן“ וויסן ווי אַרום צו העלפן.

אין אַ שיינעם טאָג, צום מיטאָג, זיינען זיי ביידע צו מיר געקומען. באַם עסן און נאָך אַ פּאָר גלאָז וויין, און ווי די טבע פונם פראַנצויז איז צו „פּאַרלן“ באַם טיש, האָט זיך דער קריסט צערעט:

— ווייסט איר, סעניאר — זאָגט ער צו מיר, — וואס איך האָב אױף דער רעוויזיע ביי אייך אין די קאָלאָניעס אויסגעפונען? אז מיר האָבן ניט קיין עלעמענט פאר אגריקולטור ארבעט. ווען דער פארשטאָרבענער באראָן זאָל געווען איטאַליענער אָדער פראנצויזן קאָלאָניזירן, וואלט די קאָלאָניזאציע אין אַ סאך אַ שענערן שיין געשטאנען...

איך האָב מיך דאן מיט דעם אדמיניסטראטאר מיט די בליקן באגעגנט, און דער אמת פון דעם לאכנדיקן פראנצויז'ס רייד, האָט אונדז די גאָל אין מויל אריין געבראַכט און מיר האָבן שוין פארשטאנען וואס פאר אַ ראפּאָרט ער וועט זיינע אדונים אין קאזשאאָ 216 אריבערשיקן.

דער גוי איז אַ פּאָר וואכן אָפּגעווען בא אונדז, אלעם גענוי אונטער־זוכט, זיך זיינע קאָמענטארן צוגעגעבן, אזוי ווי עס פּירט זיך שטענדיק בא דער יק"א, און איז זיך אָוועקגעפאָרן.

צען טעג שפּעטער האָט מען שוין גאָר אַן אנדער הויט אָפּן פּנים פונ'ם אדמיניסטראטאר געקענט באמערקן. דער מענטש האָט זיך געַנצ־ליך איבערגעביטן, אָדער בעסער צו זאָגן, — דעם מענטשן אין זיך, דעם רוסישן אידען, האָט ער ערגיץ וואו באהאַלטן אָדער ארויסגעוואָרפן, און ער איז בלויז אַ יק"א משרת, אַ טרוקענער, אַ פראנצויזישער מושל פאר־בליבן. עס האָט זיך גלייך צעטראָגן אַ ריח פון טיראַניי, פון עפּוש'דיקער אונטעריאָכונג, דער עקלדיקער געשטאַנק פון אַן עבד אז ער ווערט מלך. אונטער דעם אידעאליסטישן מאַנטל פון הייליקן באראָנס אידעאל, האָט ער אַ היבשע פּאַרציע דעספּאָטיע צוזאמענגעשאַרט, און זיך עפנט־ליך אויסגעדריקט „מען מוז באם אידן די לוסט אין שטאָט צו וואוינען, דעם חשק צום מסחר און צו דער בילדונג, מיט אייזערנע צוואַנגען ארויס־רייסן".

מעגלעך, ער האָט דאָס געמיינט ערנסט, נאָר סיי ווי סיי, ערנסט צו ניט, אַ טיראַניי האָט זיך אין דער קאָלאָניע צעטראָגן. און נאָך אָפּן נידע־ריקסטן, עקלהאַפטסטן אופן.

מענטשן פון ענטרע ריאָס, וואס האָבן דעם אדון געקענט נאָך פון לאפּינ'ס צייטן, וואס ער איז דאָרט שטענדיק קאסירער בא אים געווען, האָבן געזאָגט:

„ווי אזוי בייט אַ מענטש אזוי איבער די נאטור? בא אונדז, אלס שרייבער, איז ער גאָר אַ גוט מענטשעלע געווען" — האָבן זיי פאַרזי־כערט.

דער אדון האָט אָנגעהויבן דערקוטשען די קאָלאָניסטן. מעגלעך, ער

האָט געהאַט אזא באַפעל פון אויבן. ער האָט אָנגעהויבן שרייען, אז מיר זיינען עובר אַף די פונקטן פונ׳ם יק״א־קאָנטראַקט און זיך גענומען אריינ־קוקן יעדן איינעם אין קאָפּ.

די באַנדע כוליגאַנעס, זיינע פריינט, וואס האָבן זיך ארום דער קאָ־לאָניע געפונען, האָבן אָנגעהויבן שפּיאָנירן די קאָלאָניסטן, אַלעס צוגע־טראָגן דעם פריץ, אזוי אז ער האָט געוואוסט וואס מען רעט אין יעדער שטוב.

אַ גאַנצן לעגיאָן מיט שפּיאָנען האָט ער ארום זיך געהאַט און אום צו פארגיטיקן דער באַנדע, זיין גוואַרדיע, האָט ער באַלד אַ שיין מיטל אויסגעפונען, נעמליך דאָס טראַנספּאָרטירן פערד, אָדער האַנדלען מיט פערד.

---

אזוי ווי די יק״א האָט דאַמאָלסט אין דער „גליקלעכער״ בערנאַס־קאָני פון דער פּאַמפּאַ קאָלאָניזירט עמיגראַנטן און יעדן נייעם קאָלאָניסט געגעבן רעמאָנענט און פערד צו דער ארבעט, האָט זיך אונדזער אדון מיט דעם דאָרטיקן איינפארשטאַנען און אַ הערלעכן שותפות געשלאָסן. מ׳האָט פון אונדזער געגנט אַהין די נויטיקע פערד טראַנספּאָרטירט און וועל־כע פערד אונדזער אדון האָט פאר גוט אָנגענומען, האָט שוין די יק״א דאָס געלד פאר אים באַצאָלט.

די אַדמיניסטראַציע איז אזוי ארום אין אַ מארק פון פערד פאר־וואַנדלט געוואָרן. ליפעראַנטן, פערד הענדלער, ניט קיין טרייפענע חלילה, נאָר סתם סוחרים כשר׳ע פון דעם מין, גרינע וואס האָבן נושא חן געווען באַם אדון, האָבן צוזאַמענגעבראַכט פערד און אַלע זיינען זיי אַלס אויס־געצייכנטע און כשר׳ע באַשטעטיקט געוואָרן.

דער אדון האָט דעם יק״א חותם אויף זיי געלייגט און אַ פרייז אויס־געצאָלט. און אַפט מאָל דעם סוחר אליין מיט די פערד אַהינצו געשיקט מיט אַן אָרענטלעכער רעקאָמענדאַציע און אזעלכער איז דאָרט טאַקע גלייך קאָלאָניזירט געוואָרן.

אַ צייט לאַנג האָט זיך דער פיינער מסחר געפירט. און מיר האָבן צוגעזען דעם פערד מארק מיט אַלע זיינע פארשוינען, מיט אַלע זיינע דינים פון איסור והיתר ,וואס פירט זיך אין דער אדמיניסטראַציע, און מיר האָבן שוין פארשטאַנען וואס מיר האָבן צו דערוואַרטן פון אזא רע־גירונג.

---

IV.

# מיינער אַ באַריכט קיין פּאַריז

מיר האָבן צוזאַמענגערופֿן אין געהיים אַן אסיפה פֿון געציילטע קאָלאָניסטן, וועמען די קאָלאָניע ענינים האָבן באמת געקרענקט, און זיך בעראַטן וואָס צו טאָן.

ס'איז באַשטימט געוואָרן: אַזוי ווי די גאַנצע איבערקערעניש שטאַמט דאָך פֿון דעם שטודיום וואָס דער רעוויזאָר פֿראַנציסקאָ גראַס האָט צוגעשטעלט דער ביורא, זאָלן מיר אַליין אָנשרייבן אַן אויספֿירלעכן באַריכט און אים איבערשיקן צו די גאָר גרויסע אדונים, קיין פּאַריז און זיי אויפֿקלערן איבערן ריכטיקן מצב פֿון דער קאָלאָניע, און אויך אָנווייזן זיי דעם אמת'ן וועג, ניט דעם דעספּאָטישן, „ניט מיט צוואַנגען רייסן“, ווי אַזוי מ'קען צוריקשטעלן מאַאוריציאָ.

אַף אַכט בויגעלעך פּאַפּיר האָב איך דעם געווינשטן באַריכט אויסגעשטעלט און זיי אָנגעציינגט, אַז דער שליח מאָסיע גראַס האָט אַן איינזייטיקן ראַפּאָרט געמאַכט. איך האָב זיי דעם ריכטיקן אמת אויפֿגעדעקט, האָב זיי אין ריכטיקע פֿאַרבן די גאַנצע אַרגענטינער קאָלאָניזאַציע אָפּגעמאָלן. מיטן בלוט פֿון מיין האַרצן האָב איך זיי דעם באַריכט געשריבן און זיי אָנגעוויזן פֿון וואַנען די רואינע פֿון מאַאוריציאָ, — און אפשר שפּעטער פֿון דער גאַנצער קאָלאָניזאַציע — שטאַמט. איך האָב זיי אויך אָנגעציינגט אַ וועג, ווי נאָך אונדזער פֿאַרשטאַנד און פּראַקטיק פֿון 18 יאָר, מיט וואָס פֿאַר אַ מיטלען מען קען דעם וואַקסנדיקן חורבן פֿאַרהיטן און פֿאַרזיכערן דעם קיום פֿון דער קאָלאָניע.

איך האָב זיי דאָרט געוואָרנט, אַז אויב זיי וועלן זיך איצט אויך ניט וועלן רעכענען מיט דער מיינונג און דער פּראַקטיק פֿון די קאָלאָניסטן און וועלן קוקן נאָר בלויז אויף די אינפֿאָרמאַציעס פֿון זייערע באַצאָלטע דינער, דאַן זאָלן זיי מיין שרייבן אָוועקלייגן אין זייער אַרכיוו אַף צען יאָר צייט און אין פֿאַרלויף פֿון די יאָרן וועלן זיי שוין אין מאַאוריציאָ

נאָך צוואַנציק פּראָצענט אידישע קאָלאָניסטן פאַרמאָגן און אַכציק פּראָ־
צענט גויים... די פעלדער וועלן פאַרקויפט ווערן און דער גרויסער אי־
דעאַל פונ'ם באַראָן וועט לאיבוד גיין און די שולד וועט די געשיכטע צו־
שרייבן ניינציק פּראָצענט אַף אייך, די מנהיגים, און צען פּראָצענט אַף
אונדז — קאָלאָניסטן...

דעם 20־טן יולי פון 1909 האָב איך דעם באַריכט פאַרפערטיקט,
אונטערגעשריבן און וויסענדיק פון דעם יק"א געזעץ, אז יעדע שריפט
מוז דורך דער אַדמיניסטראַציע געשיקט ווערן, האָב איך אים, דעם אַד־
מיניסטראַטאָר אייגנהענטיק איבערגעגעבן. ער האָט עס אין דער
אַנוועזנהייט פונ'ם פּראָפעסאָר אויס קאַזאַבלאַנקא, סעניאָר הלוי, גע־
לייענט. דער לעצטער האָט זיך באַם קאָפּ אָנגעכאַפּט און מיט עמיל זאָ־
לאָ'ם ווערטער אויסגערופען: „דער אמת גייט קיין פּאַריז".

ער אליין, דער אדון איז אויך געריירט געוואָרן, ס'איז ניכר גע־
ווען, אז ס'האָט אין אים אַף יענער רגע דער רוסישער איד אויפגעוואַכט.
ער האָט עס אין אַ יק"א קאָנווערט אַריינגעלעגט, און צוגעזאָגט, אז ער
וועט שוין די זאַך בדרך המלך איבערשיקן. און כדי זיכער צו זיין אז דער
באַריכט וועט דערזעען פּ א ר י ז, האָב איך צוויי בריף פּריוואַט גלייך
נאָכגעשיקט, איינעם צו דר. זאָנענפעלד און דעם צווייטן צום דירעק־
טאָר קאַזעס, און איך מיט מיינע אינטימע חברים, האָבן מיר גענומען
וואַרטן אַפן ענטפער פון פּאַריז.

די ביוראָקראַטיע האָט דאָ דערווייל אָנגעהויבן פעסטער און
דריקענדיקער זיך פאַנאַנדערצופירן די הענט. דער אַדמיניסטראַטאָר האָט
זיך צוזאַמענגענומען זיינע בייטענצערס, האָט אָפּירגענומען דעם פּאַראַלי־
זירטן פאַריין מיט זיין „פערזאָנעריאַ", דעם „צענטראָ אַגריקאָלאַ",
הייסט עס, האָט אים רעפאַרמירט אַזוי, אז ער זאָל אינגאַנצן בלויז מיט
יק"א שמעקן, האָט זיך אליין פאַר פּרעזידענט פונם פאַריין אויסגע־
וויילט, און האָט אַף אַזאַ אופן, שוין אַלס געמיינדע פאַרשטייער, ניט
אַלס אַדמיניסטראַטאָר, אָנגעהויבן דעם אייזערנעם ווילן זיינעם אַף אונד־
זער האַלדז אַרויפצולייגן. מיר האָבן פּראָטעסטירט, האָט ער די שרע־
קעדיקע קאָלאָניסטן גענומען טעראָריזירן, און זיי אַלס שונאים אַף אונדז
אָנגעשטעלט. ער האָט, ווי די אַלטע רוימישע שטאַטס לייט, אָנגענומען
דעם דעספּאָטישן מיטל „צעטייל און הערש". און דער צירקל פון זיינע
שפּיאָנען איז דורך דער צערייסונג און צעטיילונג פון די קאָלאָניסטן נאָך
גרעסער געוואָרן.

מיר האָבן דערפילט דעם רוסישן אוראַדניק מיט זיין דרוק און — ווי זיינע טענצערס זאָגן איצט, הגם איך גלויב זיי גאָר ווייניק — מיט זיין באַוואוסטן „נקי כפים“ סיסטעם.

עס האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ שרעקליך רוגזה־פייער אין יעדנס האַרץ, מען האָט זיך אָנגעהויבן פרעגן, ביז וואַנען וועט מען ליגן אונטער אַזא קנאַפּל, אפשר וואָלט מען גאָר אין גאַנצן אָפּגעבראָכן מיט דער דאָזיקער הערשאַפטס־סיסטעם, ארויסנעמען די קויפשיינען אַף די פעלדער און פטור ווערן פון די הערשער.

דעם געדאַנק האָבן נאָר גאָר געציילטע קאָלאָניסטן באַ זיך טיף אין מח געטראָגן, מורא האָבנדיק אים אפילו אַף די ליפּן צו ברענגען. דער צו־פאַל אָבער, און אפשר גאָר די געטליכע השגחה וואָס האָט זיך אירע שלי־חים אויסגעקליבן, האָט אזוי געפירט, אַז לעאָן כאַזאַנאָוויטש זאָל צו אונדז אין קאָלאָניע קומען, און די פרייהייטס אידייע איז דאַן ארויסגעשפּרונ־גען.

---

V.

# לעאָן כאַזאַנאָוויטש

כאזאנאוויטש ארעסטירט. — וועמענס האַנט שטעקט דערין. — מוסרים! —

---

דעם 17־טן אָקטאָבער פון 1909, פונקט אום יו"ט שמיני עצרת אין אָוונט, איז ער צו מיר אין גרופּע 55 צו גאַסט געקומען. ער האָט שוין געהאַט ארומגערייזט אלע קאָלאָניעס פון ענטרע ריאָס און סאַנטאַ פע און פארצייכנט די נאָטיצן פון זיין בארימטן בוך „דער מאָראַלישער באַנקראָט פון דער יק"א־קאָלאָניזאציע אין ארגענטינע".

א גאַנצע נאַכט בין איך מיט אים אָפּגעזעסן און אים אלעס, אלע אונדזערע ליידן דערציילט. ער האָט די קאָפּיע פון מיין באריכט קיין פּאַריז אויפמערקזאַם און מיט גרויס נייגעריקייט אויסגעהערט. אלע צען פינגער האָט ער אין זיין גרויסער פּאַטלע האָר ארייננגעריבלט:

— „מיין גאָט! — האָט ער פארצווייפלט א פּאָר מאָל איבערגעחזר'ט — אין אייראָפּע ווייסט מען גאָר ניט פון אייך, א כינעזישע וואַנט איז ארום דער יק"א־קאָלאָניזאציע, איך וועל זי צעברעכן, איך וועל אויפדעקן פאר דער וועלט וואָס עס טוט זיך דאָ מיט אייך..."

ער האָט נאָך יו"ט, אין שוהל פון אלגאַראַבאַ פיר שעה כסדר גערעט, געטרייסט די קאָלאָניסטן און זיי איינגעפּלאַנצט מוט. די קאָלאָניסטן האָבן אים פארגעטערט, אף די הענט האָט מען אים געטראָגן, און די שפּיר הינט פון דער אדמיניסטראַציע האָבן צום אדמיניסטראַטאָר צוגעטראָגן אז כאַזאַנאָוויטש בונטעוועט די קאָלאָניסטן קעגן דער יק"א.

דער אדמיניסטראַטאָר האָט זיך געמאַכט גלייך ווי עס ארט איהם ניט.

כאַזאַנאָוויטש איז בא מיר אָפּגעוועזן עטלעכע טעג, איז רייטנדיק ארומגעפאָרן אויסצוקוקן אומעטום, איז מיט מיין קליינעם אלבערטאָ געגאַנגען טויבן שיסן בא מיר אין וואַלד... און זיין יונג ווארים אידיש האַרץ האָט זיך זייער געפרייט איבער די אידעאַליסטישע פעסט־איינגעפּלאַנצטע קאָלאָניסטן, וואָס ער האָט בא אונדז געטראָפן.

ווען מיר האָבן אים די פּאָליטיק פון אונדזער אדון מיט דעם „צענ־טראַ אגריקאָלאַ" דערציילט, האָט ער מיט ווייטיק געזאָגט, אַז אין אַלע קאָלאָניעס איז דער זעלבער ספּעקטאַקל דורך די אדונים אָנגעפירט גע־ווארן און אַז די פאריינען זיינען נאָר אַגענטן בּאַ דער יק"א צו העלפן איר נאָך מער פארשקלאַפן און אין חובות צו פארזינקען דעם פּשוט'ן אידישן פּויער, אַז אין אַלע קאָלאָניעס געפינען זיך נאָך אייניקע רוסישע קהל'ס־לייט, וואס האָבן ליב אומצוגיין מיט'ן קאַנטשיק אין האַנט און אויסנוצן אַף זייערע ברידער דעם רוסישן „שטאַ" און „פּאַשאָל וואָן"...

דעם ריינעם אמת האָט דער עדעלער נאַציאָנאַלער איד דאן געזאָגט, אָבער מיט וויפיל יסורים האָט ער דערפאר שפּעטער מיט דריי חדשים באַצאָלט! פאר אַן אנארכיסט האָבן זיי אים דערקלערט און אין קייטן האָט מען אים פון מאַאוריציאָ אוועקגעפירט און פון ארגענטינע ארויסגע־שיקט.

מען ווייסט ניט אַף געוויס ווער ס'האָט אים גע'מסר'ט, אָבער אַז אידן און יק"א'איסטען האָבן אַ האַנט דערין, דאָס איז גאַנץ זיכער.

---

לייבל דער רויטער האָט אַף זיין ווילדן „סאינא" ווי אַ בּליץ די קאָ־לאָניע דורכגעקרייצט און אין יעדן הויף אריינגעשריען:

— כאזאַנאָוויטש ארעסטירט! לויפט קיין אַלגאראבּא!

ווי בעת אַן ערד ציטערנעש, אַזאַ לויפעניש איז געווארן. אַ ציטער אַ שרעקלעכער האָט די קאָלאָניע ארומגעכאַפּט. קינד און קייט זיינען אַף דער גאַס ארויס, איינער דעם אנדערן האָט געפרעגט: כאזאנאוויטש אין תפיסה? כאזאנאָוויטש ארעסטירט? פאר וואס? און ניט וויסנדיק וואס און ווען, האָט מען מיט אנגעבויגענע קעפּ פון פארדרוס און צער קיין אַל־גאראבּא זיך געלאָזט

איך האָב זיך ארויפגעכאַפּט אַף אַ פערד און בין אין שנעלסטן גאַ־לאָפּ אַהין געקומען.

דער ברייטער שליאַך, וואס לויפט פארביי דער קוזניע פון פנחס ברון ביז דער פּאָסט־געביידע אנקעגן דעם אַדמיניסטראַציע־טויער איז שווארץ געווען פון מענטשן.

מיט פארטרויערטע פּנימ'ער און אויסשטרעקנדיק די הענט אַקעגן דער רויטער מצרים וואַנט, האָט זיך פון זייער ברוסט איין ווארט ארויס־געריסן: נו?

אַט פון דאַנען, פון דער פּאָסט, בעת ער איז געקומען אָפּנעמען די קאָרעספּאָנדענץ, האָט אים אַ קאָמיסאַר מיט דריי אָפיסיאַלן ארעסטירט און אוועקגעפירט, אונדזער ליבן כאַזאַנאָוויטש. — דערציילט אין אַ גלאָנדיקן קול שלמה'לע מעלגאַ.

איינער אַ קאָלאָניסט אַ טויבער, משה ברונשטיין, א איד אַ גבר, שרייט הייזעריק:

— מיר ווייסן ווער ס'האָט געמסור'ט. אַ בילבול געמאַכט! אַן עלילת דם! אַ דרייפוס! קומט מיט מיר, נאָמיר אונטערצינדן די אַדמיניסטראַציע! אין אַ דייטשער קאָלאָניע וואָלט מען אַזעלכע דאָנאָסטשיקעס לעבעדיקע פאַרברענט!.. — און ער נעמט זיך אויסרעכענען די נעמען פון די מוסרים.

איך וויל ניט פאַרשעמען זייערע קינדער און וועל זייערע כשר'ע נעמען פאַרשווייגן

עטלעכע זקנים מיט ווייסע בערד דערהערן די נעמען, רוקן זיי זיך אָפּ ביז צו דער אַלאַמבערע, לאָזן זיך אַראָפּ אַף דער הוילער ערד, נעמען די פּיס אונטער זיך, קייען די שפּיצן פון די בערד, ריידן אין דער שטיל צווישן זיך און בושה און צער דריקן זייערע גרויע קעפּ ביז צו דער ערד. אַ שטומער געוויין, אַ נשמה געוויין, אַ געוויין אָן טרערן גליווערט איבער זייערע צעקנייטשטע באַקן, און דער עלטערער פון אַלע, יאָסל אָריץ, זיפצט ארויס: — ולמלשינים! ולמלשינים! אומעטום זיינען זיי דאָ, די מלשינים...

רויט פון כעס, מיט איבערגעקערטע אויגן, פאַרלאָפן מיט בלוט, לויפט אָן דוד טשערניץ. דער גיבור, וואָס האָט מיט זיינע ציין דעם גאַוטש די נאָז אָפּגעביסען (ווי ס'איז באַשריבן אין ערשטן טייל) שטעלט זיך אָפּ לעבן די זקנים און ווילד משוגע פון פאַרדרוס, דרייט ער דעם „טיראַדאָר", וואו ס'שטעקט דער קינזשאַל מיט'ן רעוואָלווער, און קריצט מיט די ציין: — זאָגט, ערווירדיקע זקנים! — ברומט ער ווי אַ לייב — שופטים אונדזערע, רעט! פּסק'נט! איך וועל אויספירן דעם פּסק... אַלע זעקס קוילן יאָג איך דעם מסור גלייך אין הארצן אריין...

דריי רויטע היטעלאַך און בלויע שינעלן זיינען אויסגעוואַקסן צווישן עולם, און דער „קאַבאַ", דער עלצטער, גיט אַ געשריי: — קאַזשעסע! שווייג! און זיי נעמען יאָגן דעם עולם אהיים. איך האָב זיך צווישן דער מענגע אַ דריי געגעבן און בין אין דער אדמיניסטראַציע, אין דער ביורא

פון אדמיניסטראטאר אריינגעלאָפן. איך זע ווי ער זיצט און שרייבט. געווים האָט ער ראפּאָרטירט צו די אדונים די בשורה פונם ארעסט.

— איר זענט דאָך א חשוב אין דעד פּאָליציי, ווי האָט איר דער־לאָזט דעם ארעסט פון אונדזער ליבן כאזאנאוויטש? — פרעג איך אים.

ער קוקט מיר ניט אין די אויגן אריין און הויבט אָן שטאַמלען:

— איר ווייסט דאָך אז דעם 14־טן נאָוועמבער האָט אַ אידישער אַנארכיסט, ראדאָוויצקי, דעם שעף פון דער בוענאָס איירעסער פּאָליציי, דעם קאָלאָנעל פאלקאָן, דער'הרג'עט. זוכט מען אַנארכיסטן... ס'איז „עס־טאַדאָ דע סיטיאָ", קריגס צושטאַנד, דערקלערט ער מיר — און אַ קוים באַמערקבארער כיטרע שמייכל האָט זיינע ליפּן בארירט.

איך לויף צוריק ארוים אין דרויסן. ס'איז שאַ שטיל, קיין נפש פון אַ קאָלאָניסט איז ניט צו זעען, אָפּגעליידיקט דאָס פּלאַץ. נאָר אַ בינטל ווייבער שטייען רונד ארום דער הויכער שיינער חנה דער פּאָטשטאַרקע, וואָס ווישט די אויגן מיטן פארטוך און דערציילט די איינצעלהייטן פונם ארעסט.

אַ קליינינטשקער וויזשילאַנט, לאָרענצאָ, וואָס איז אַ סאַך יארן בא מיר אַ „בוזשירער" (פּאַסטוך) געווען, קומט צו מיר צו:

— פּאַטראָן! — זאָגט ער אין דער שטיל, נעם זעך זיך אפּ'ן פערד און פאָר דיר אהיים.... די פּאָליציי ווייסט אז דער „פרעסא" מיט דער „מעלענא" (דער ארעסטירטער מיט דער קודלע) וועלכן מיר האָבן דאָ ארעסטירט, איז דיינער אַן „אַמיגאָ" (אַ פריינט)... ס'איז „עסטאַדאָ דע סיטיאָ"... גלייבער זאָלסט... — און ער לייגט ארויף צוויי פינגער אף זיין גראָבער ליפּ.

אַ ברירה איז געווען? איך האָב געפּאָלגט.

אַ משוגענע זון, עפּעס אַ גרין־געלע, וואָס האָט זיך באַם עק האָריי־זאָנט געהאַלטן, איז מיר אין פּנים געקראָכן און מיר געטשמעליעט אין מח. אַלץ האָט זי, די משוגענע זון, אין שטיקער צובראָכן; דעם הימל, די ערד, די בוימער, דעם וואלד, אונדזער פרייע היים... געלע שטיקער בראָך איז מיר אין די אויגן געפאַלן. כאזאנאָוויטש אַ זארעסטאַנט!.. און וואו איז די פרייהייט? וואו איז די ליבערטאַד? משוגע! משוגע געל גרין, פּע! ס'איז מיר איבלדיק געווארן אין מויל, און דאָס האַרץ האָט מיר פאַר־קוועטשט. אָט אָט פאַל איך ארונטער פון פערד...

איך האָב אראָפּגעכאַפּט די פּאַטשיילע פון האַלז, זיך איינגעבונדן

דעם קאָפּ, אָפּגעקערעוועט פון וועג און בין פארקראָכן אַף אַן אָפן שטיק פעלד, אונטער די „וויסקאַטשאַ“ בערגלאַך נעבן בנימן יתומ׳ס וואלד. געפענטעט דאָס פערד און זיך ארייגעוואָרפן אין טיפן גראָז און אפּנים איינגעשלאָפן.

---

איך ווייס ניט וויפיל איך בין אָפּגעלעגן. ווען איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, האָט אַ קלאָרע, שיינע זילבערנע לבנה מיר אין די אויגן אריינגעקוקט. אלץ ארום מיר האָט אין דער ווארימער שטילער נאַכט - לופט געדרימלט. איך האָב גאָר ניט געדענקט, ניט געקלערט, נאָר געפילט האָב איך אַ זיסע רו און צופרידנהייט גליטשט זיך מיר איבער אלע מיינע גלידער. ניט ווייט פון מיין געלעגער האָבן פּיצינקעלעך קוראָפּאַטקעלעך, קליינע פויגעלעך, אונטער די פליגל פון זייער מוטער געפּישטשעט, אַ פּאָר „מוליטאָס“ (ערד חזירים׳לאַך) האָבן מיט זייערע דימענט שווארצע אויגעלעך מיר אין די אויגן אריינגעבלישטשעט. אַ שטילער מורמלען, דער סוד פון דער נאַכט, האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער׳ן פעלד און רו און פרידן האָבן הימל און ערד געשלאָסן. אַ מילד ווינטעלע האָט דעם רצון פונם בורא געטאָן, מזווג זיווגים געווען; ער האָט אין דער שטיל און בנעימות זיין שליחות דערפילט, ליבע זאָמען צווישן די גראָזן צעפירט, מין מיט מין צוזאַמענגעפּאָרט, קעפּלעך צו קעפּלעך האָבן זיך מיט חן און ליבע געבויגן, מיט דעם ריינעם לויטערן הימל טוי זייערע לייבער געוואשן און דאָס אייביגע געבאָט פון דער יצירה, ועשב מזריע זרע, האָט זיך פאר מיינע אויגן געשפּילט. דאָס גאַנצע פעלד איז מיט זיסן לעבן באַגאָסן געווארן, טויזענטער עלעקטרישע לעמפּלעך האָבן קלייניקע פליגעלעך, די חתונה־שמשים, צווישן די ליבע פּאָרלעך ארומגעטראָגן און די נאַטור־חתונה באַשיינט.

איך בין מיר אזוי שטיל רואיק געלעגן, אזוי אנגענעם גליקלעך זיך געפילט, אז איך וואלט שוין באמת גערן געוועזן טאַקע אזוי, אַף אייביק צו פארבלייבן צוזאַמען מיט די אלע ברואים׳לעך אין שוים פון דער שטילער נאַטור.

פּלוצלונג האָט זיך אַ פרעמד קול, עפּעס ניט קיין געוויינלעכעס, צו מיינע אויערן דערטראָגן. איך האָב אַ קער געטאָן דעם קאָפּ און געזען: אַ גאַנצע משפּחה, אָדער שבט, פון די וועגעטאריאנער חיה׳לעך, די „וויסקאַטשאַס“, האָבן זיך אָקעגן מיין געלעגער, אַף אַ בערגל, זייער טעריטאָריע

פארנומען. ס'האָט מיך אָנגענומען אַ חשק צו זען וואָס טוען זיי, די אַל־טע היגע תושבים, וועלכע מיר האָבן שוין באַלד פאַרניכט און דעראָבערט זייער לאַנד. איך האָב פאַמעלעך אונטערגעהויבן דעם קאָפּ און געזען: אַ שטיק צוועלף „וויסקאַטשאַס", גרויס ווי אַ מיטלמעסיקער הונט, די זקנים אַ פּנים — זיינען זיך רואיק געזעסן אויף די הינטערשטע פיס און מיט זייערע גרויסע געלע פאַספאַר־אויגן געקוקט, ווי פאַרקלערט, גלייך דער לבנה אין פּנים אריין. די טונקל גרויע פוטערנע טולעפּלעך זייערע, מיט די ווייסע און געלבלעכע קעלנער, האָבן זיך געוואַשן אין קלאָרן נאַכט־טוי, שעמערירנדיק ווי מיט פּליטערלעך זילבער, אַז ס'האָט אַנטציקט דאָס אויג. דאָס שטילע ווינטעלע האָט זיך געקרייזלט צווישן זייערע שיינע, גרויע, לאַנגע וואָנצעס און זייערע ליפּן האָבן זיך פּיבערהאַפטיק באַוועגט — מעגלעך זיי האָבן דאַן זייער תפילה דער נאַכט קעניגין געשיקט. אין מערב־זייט פון דער טעריטאָריע, האָבן עטלעכע יונגע חיה'לעך פלייסיק גע־אַרבעט; קיזיק, שטעקעלעך צענויפגעשלעפּט און דאָס רונד אַרום די גרי־בער אויסגעלייגט. אַ פּאָר גאָר יונגעטשקע פון זיי, האָבן זיך הינטערן בערגל ווי פאַרגנב'עט און זיך אין ליבע דאָרט דערקלערט.

— אַך וואָס פאַר אַ הערלעכע טייערע משפחה דאָס איז! — לויפט מיר דורך אַ געדאַנק. — שענער און הערלעכער ווי באַ אונדז...

איך שטרענג אָן די אויגן און קוק: פון'ם צווייטן בערגל, וואו אַן אַנ־דער שבט וואוינט, זיינען צוויי שיינע וויסקאַטשאַס אָנגעקומען, האָבן זיך פונקט אַקעגן די צוועלף זקנים אַנידערגעזעצט, מיט די לאַפּקעלעך די וואָנצעס אויסגעווישט און עפּעס אויף זייער שפּראַך געמורמלט.

עס האָט מיר אַ ברי געטון אין מח:

— ווער זיינען זיי אָט די צוויי? זיינען עס געזאַנדטע, שליחים וואָס ברענגען אַ שלום ברכה, צי אפשר מוסרים „אַלקאַהועטעס"?

באַ דעם געדאַנק האָט מיין קערפּער אַ ציטער געטון, איך האָב זיך דערמאָנט וואו איך בין, ווי איך קום אַהער און, ניט ווילנדיק, האָב איך אויסגעשריען:

— מוסרים, דאַנאַסטשיקעס! פאַרשאָלטן זאָלט איר ווערן!

די חיה'לעך האָבן זיך דערשראָקן, האָבן אָנגעהויבן צו מיורקען און זיינען אריין אין די נאָרעס.

איך האָב אויפגעפּענטעט דאָס פערד, בין אויפגעשטיגן און זיך גע־

לאָזט אהיים. ניט ווייט פון מיין טויער איז מיר מיין געטרייער דייטש, דער שוין דערמאָנטער מיכאל, אַקעגנגעקומען:

— אזוי שפּעט! מיין גאָט! מיר האָבן געדענקט אז מ'האָט אייך אויך איינגעשפּאַרט. דאָנער וועטער! פארפלוכטע ארגענטינע! אזא הערליכן יונג, באזאנאוויטש, האָבען זיי פארהאַפטעט! ס'איז די אדמיניסטראציע! דער קרומער גלאַזערמאַן, דאָדי דער שוחט, זאָגט אויך אזוי.... זיי האָבן זיך באַנוצט מיט'ן קריגס צושטאַנד, אַ ליכטיק אויג אוועקצושיקן פון דאַ־נען...

שפּעטער, אין מאי פון 1910 האָט מיר כאזאנאָוויטש פון לעמבערג געשריבן: אין קאָמיסעריע אין קאסארעס האָב איך אייער סעניאָר ר. גע־זען.... אַן עקלהאַפטן איינדרוק האָט ער אַף מיר געמאַכט.... און דער אדון אליין אייערער, אַ צדיק? איך וועל אייך אין זינען האָבן — שרייבט ער ווייטער — איך וועל מיט זאנגוויל'ן איבעררעדן פון אייך, פאלט בא זיך ניט אראָפּ".

מיר, די גאַנצע קאָלאָניע, האָבן געוואוסט אז ס'איז זייער ארבעט, די קליקע מיט די אדמיניסטראטאָרן, זיי האָט די פערזאָן מיט'ן פרייען אויג, ווי כאזאנאוויטש, ניט געשמעקט, האָבן זיי דעם שעת הכשר פון קריגס צושטאַנד אויסגענוצט און אים גע'מסור'ט. אָבער, ס'האָט זיי ווינציק וואס געהאָלפן. דער אויפריים שטאָף איז שוין געווען צוגעגרייט פון פריער. עס האָט נאָר דאָס קנויטל געפעלט, און מיט דעם ארעסט פון כאזאנאָוויטשן האָט דער פולווער פאס אויפגעריסן און די פרייהייטס אידייע איז דאן געבוירן געוואָרן.

אין דער שטיל האָט מען צווישן זיך גערעט אז מ'מוז זיך זען באַפריי־ען פון זיי און וואס פריער איז בעסער.

---

VI.

# „טיטולאָס"

דער ענטפער פון פאריז אַף מיין פּלאַן. — אַ נסיעה צו דער דירעקציע אין בוענאָס איירעס. — אַ סקאַנדאַל אין דירעקציע. — די בילדונג קומט צונויף. — קוויטל און סעגאַל פאַרערן זייערע קויפשיינען דורכ'ן געריכט. —

---

אַלע גוטע זאַכן קומען אומגעריכט. מ'זוכט אַ וועג קיין אינדיע, געפינט מען אַמעריקע.

די צוויי קאָלאָניסטן לייב סעגאַל און מאיר קוויטל, די ערשטע וואָס האָבן אָנגעגעבן אין געריכט אַף דער יק"א וועגן ארויסנעמען די קויפשיינען אַפ'ן לאַנד, האָבן זיך קיין מאָל מיט דער פרייהייטס אידייע ניט אינטערעסירט, זיי האָבן די פרייהייט גאָר ניט געזוכט, און אויך זי אין אָנהויב ווינציק וואָס פאַרשטאַנען; אַ גוט וואָרט, אַ שמייכל פונ'ם בעל הבית האָבן זיי פאַרלאַנגט; זיינען צום פּריסטאַוו קלאָגן זיך אַפ'ן אוריאַדניק געגאַנגען... וואָלט זיי דער פּריץ געווען צוגעלאָזט צו זיך און אַ גלעט געגעבן איבערן שקלאַפן־קאָפּ, וואָלטן מיר נאָך היינט אויך קיין קויפשיינען אַף אונדזערע פעלדער ניט געהאַט. אָבער געהיימניספול זיינען די וועגן פון דער געטן פרייהייט. אויך אין מדין האָט זיך נאָר אַ דאָרן, אַ סנה אָנגעצונדן און האָט דעם שקלאַפן וועג פון די בני ישראל אין מצרים ליכטיק געמאַכט. אַ „כבד פה" איז דער ערשטער פרייהייטס קעמפּפער געווען, און אַף אונזערע צוויי תמימים, שטום און אָן אַ שפּראַך, נאָר מיט אַ ריין פשוט האַרץ, האָט די געטן פון פרייהייט איר גורל געוואָרפן, אַז זיי זאָלן די שעפן פון דער קאָלאָניזאַציע אַף דער אָנקלאַגבאַנק אנידערזעצן און די פרייהייט בא זיי ארויסרייסן.

נאָר לאָמיר אייך דערציילן אויספירליך ווי אַזוי אַלעס איז געשען.

סוף סעפּטעמבער 1909, האָב איך פונם דירעקטאָר קאַזעס באַקומען אַ בריוו דורך דער דירעקציע, ענטפער אַף דעם פריער דערוואָרטן באַריכט, וואָס איך האָב אין דער גענעראַל דירעקציע פון דער יק'א אין פּאַ־

ריז געשיקט. דער בריוו איז געווען געשריבן אין שפאניש בזה הלשון:

*París, Agosto 26 de 1909.*
**2, Rue Pasquier 2**

*Señor Marcos Alpersohn*
*Mauricio.*

*Muy Señor mío:*

*He recibido su muy grata del 20 de Julio, y leído con atención y simpatía el proyecto de reorganización de la Col. Mauricio que dirigió a nuestra Sociedad.*

*Sin estar, en todos los puntos que en él expone, de acuerdo con todas sus ideas, reconozco que contienen partes que me parecen exactas.*

*Pero bien sabe Vd. que para que un tal proyecto pueda ser estudiado utilmente, es preciso que nos llegue por intermedio de nuestros representantes de Bs. Aires, con su opinión al respecto.*

*Le saluda muy atte. S. S. S.*
*D. Cazés.*

וואס אין אידיש איבערזעצט, באטייט דאס:

פאריז, 26 אויגוסט 1909 — גאס פאסקוויע 2.

הער מארקוס אלפערסאן!

זייער געערטער הער:

איך האב באקומען אייער זייער אנגענעמען שרייבן פון 20 יולי און מיט אויפמערקזאמקייט און סימפאטיע געלייענט דעם רעארגאניזאציע פראיעקט פון דער קאלאניע מאאוריציא, וואס איר האט געשיקט צו אונזער געזעלשאפט.

ניט זייענדיק אין אלע פונקטן וואס איר לעגט דארין פאר איינשטימיק מיט אלע אייערע אנזיכטן, דאך אנערקען איך, אז זיי אנטהאלטן טיילן, וועלכע שיינען מיר צו זיין פונקטלעכע.

אבער איר ווייסט דאך גוט, אז כדי אזא פראיעקט זאל קענען מיט נוצן שטודירט ווערן, איז נויטיק אז ער זאל אונז אנקומען דורך דער פארמיטלונג פון אונזערע פארטרעטער אין בוענאס איירעס, צוזאמען מיט זייער מיינונג בנוגע דעם.

עם גריסט אייך פריינטלעך

אייער זיכערער דינער, ד. קאזעס.

איך האב פון דעם ענטפער פארשטאנען, אז ס'איז עפעס ניט גלאט צוגעגאנגען באם איבערשיקן מיין באריכט, אדער דער אדמיניסטראטאר האט אים פריוואט, ניט דורך דער דירעקציע, קיין פאריז אפגעשיקט, אדער די דירעקטארן אין בוענאס איירעסער ביורא, האבן בכיון ניט גע־וואלט זייער מיינונג אף אים געבן, בכדי עס זאל הייסן, אז דאס אי זא פריוואטע זאך, ניט אפיציעל. און דערפאר שרייבט קאזעס, אז כדי ער זאל קענען „מיט נוצן שטודירט ווערן", מוז עס האבן ד י מ יי נ ו נ ג פון די „בוענאס איירעסער פארטרעטער".

איך האב דאס מיינע אינטימע חברים דערציילט. מיר האבן צוזאמען פארביסן די ליפן און געשוויגן.

דאס האט זיך אזוי אוועקגעצויגן ביז צום ארעסט פון כאזאנא־וויטשען. נאך יענעם פרייטיק פון זיין ארעסט, האבן מיר שבת באנאכט אפגעהאלטען אן אסיפה בא לייזער גירסטעל אין הויז און עס איז בא־שלאסן געווארן צו שיקן פינף דעלעגאטן קיין בוענאס איירעס און בע־טן די דירעקטארן, זיי זאלן געבן זייער הסכמה צו דער רעארגאניזאציע פון דער קאלאניע, לויט דעם באריכט, וואס מיר האבן קיין פאריז גע־שיקט און אויף וועלכן פאריז פאדערט זייער מיינונג. (אין דעם פלאן איז געווען א פונקט אפצושאפן אינגאנצן די אדמיניסטראציע).

כדי די דירעקטארן זאלן ניט האבן זייער שטענדיקע טענה, אז נאר די אויפגעקלערטע, די גמרא קעפלעך, זיינען די בונטאווטשיקעס, אז נאר זיי פאדערן רעפארמען, אבער די גאנצע קאלאניע די פשוט'ע קאלאניס־טן, פארלאנגען גארניט, האבן מיר צווישן די פינף דעלעגאטן אויסגע־קליבן צוויי שטילע, רואיקע קאלאניסטן, גוטע ארבעטער און אויך אן א שום חטא, ד. ה. צאלערס, אזעלכע וואס צאלן יאר בא יאר, פארדינ־גען ניט קיין קאמף, מישן זיך ניט אין פאליטיק און אלע אדמיניסטראטא־טארן זיינען מיט זיי צופרידן. די צוויי זיינען געווען: לייב סעגאל און מאיר קוויטל, קאלאניסטן, וואס טראגן אף זיך שוין צוואנציק יאר דעם אדמיניסטראציע יאך בתמימות, ווער שמועסט דער לעצטער, אן אויסגע־דינטער סאלדאט פאר אלעקסאנדער דעם דריטן און ווייסט „סלוזשבע" און האט דרך ארץ פאר נאטשאלסטווע.

מיט אט די צוויי תמימים זיינען מיטגעפארן לייזער ניסענזאן, לייזער גירסטעל און דער שרייבער פון די שודות אלם פינפטער. דעם גאנ־צן וועג האבן מיר צווישן זיך גערעט, אז איצט נאך דעם ענטפער פון די־

רעקטאָר קאַזעס, וועלן זיי, די דירעקטאָרן, אונדז וואַרעם אויפנעמען און וועלן צושטימען צו אונזער פּראָיעקט פון רעאָרגאַניזאַציע, און מיר וועלן נאָך אַפּראַטעוועווען אונזער ליבע, שיינע מאַאוריציאַ...

צען אַ זייגער פרי, זיינען מיר געשטאַנען אַלע פינף באַ די טרעפּ פון קאַזשאַאַ 216. איידער מיר האָבן די טרעפּ באַטראָטן, פאַלט קווייטלען איין אַ געדאַנק:

— לאָמיר ניט אַלע אַרויפגיין צוזאַמען — זאָגט ער — איך בין נאָך אַף מיין לעבן ניט געווען אין ביוראָ, צוואַנציק יאָר בין איך זיי אַ געטרייער סאָלדאַט, לאָזט מיך מיטן אַלטן סעגאַל אַריינגיין צו זיי, איך וועל זיי פּשוט אַלעס אויסדערציילן און זיי טאַקע בעטן אַז זיי זאָלן רחמנות האָבן אַף דער קאָלאָניע, אַז זי זאָל ניט דאַרפן חלילה איבערגיין אין גויאישע הענט... — פאַרענדיקט ער פרייליך — מיר מיטן אַלטן וועלן זיי ניט אָפּזאָגן, מאָרגן באַ דער צווייטער אוידיענץ וועלן מיר שוין אַלע פינף זיין...

דער געדאַנק איז אונדז געפעלן געוואָרן. גירסטעל און ניסענזאָן זיינען אויך געגאַנגען אַף דער אכסניה און איך האָב זיי איבערגעגעבן צום שווייצאַר, פריץ, ער זאָל זיי מעלדן צו די הערשאַפטן, און אַליין בין איך אַריינגעגאַנגען רעכטס, אין צימער פון דר. חלפן, אַף זיי אָפּצוּוואַרטן.

איך ווייס ניט ווי לאַנג איך האָב דאָן מיט'ן ראַבינער חלפן גערעט, ער האָט מיך דאַמאָלסט שטאַרק פאַראינטערעסירט ווייזנדיק מיר אָנגעזאַמעלטע פאַר דריי יאָר אויסשניטן פון די היזיקע שפּאַנישע צייטונגען, וואָס זיינען אַמאָל אַ ביסל אַנטיסעמיטיש געשטימט און גיבן אָפּטמאָל אַ ביל אויף אונז אידן.

— זעט איר, סעניאָר אַלפערסאָן — האָט ער מיר געזאָגט — איך פאַר די וואָך אָפּ קיין אייראָפּע, איך וועל זיי, די גדולים פון דער חברת כל ישראל חברים, ווייזן וואו דאָס אַרגענטינער אידנטום שטייט איין, איך וועל זיי אויפפאָדערן מען זאָל זען זאָרגן פאַר דער יוגנט פון אַרגענטינע; מילא די קאָלאָניסטישע קינדער זיינען שוין ווי באַשטימט צו אומוויסנהייט, ווייל די שפּאַנישע לערער מיט די אַדמיניסטראַטאָרן זיינען אין די שולן די גאַנצע בעלי בתים, איך בין מאַכטלאָז קעגן זיי... נאָר ס'איז נאָך פאַרט אַן בייז; די קינדער וואַקסן אויס גראָב, אָבער כאָטש אידן; ניט אַזוי איז עס אָבער מיט די קינדער פון די קליינע שטעטלאַך און באַן סטאַנציעס — זאָגט מיר דער עדעלער ראַבינער און די טרערן שטעלן זיך

אים אין די אויגן — דארט גייט דאס אידישע קינד צוזאמען מיט'ן קריסט־לעכן אין שולע, און זונטיק באזוכן זיי צוזאמען די קירכע... מען מוז זעען גרינדן אין די אלע פארוואָרפענע שטעטלאך אידישע שולן, תלמוד תו־רה'ס איך וועל אויפשטורמען דאָרט אלע אונדזערע מנהיגים. אז ניט — זאגט ער — קום איך מער קיין אַרגענטינע ניט צוריק.

א דאנק דעם עדעלן, טרייען אידן, דר. חלפן, וואס האט זיך דאן ממש מוסר נפש געווען פאר חנוך הבנים, ער איז דאן קראנק געווארן אפ'ן וועג, — האָבן מיר דאָ באקומען א ערך פון 150 תלמוד תורות מיט א אינסטיטוציע „ועד החנוך", וואו די קינדער באקומען א אידישע דער־ציונג.

מיר האבן דאן אזוי גערעט און גערעט, ווען פלוצים עפענט זיך די טיר און דער שווייצאר, א צעשראָקענער רופט אויס:

קומען זיי שנעל, אן אומגליק! אייערער איז פונ'ם זינען אראפ... דער רויטער, דער יונגער — שטאמלט דער משרת — ער וויל א סקאנדאל מאכן...

מיר זיינען אין ווארט־צימער ארויס און מיר האָבן דערזעען ווי דער אלטער סעגאל האלט ארומגענומען קווייטלען, וועלכער ברומט און קריצט מיט די ציין און רייסט זיך מיט געוואלד פון זיינע הענט — לאזט מיך! ברומט ער מיט כעס, איך וועל אלע שויבן אויסברעכן! אזעלכע באנדיטן! צוואנציק יאר האב איך זיי די שוועל ניט איבערגעטרעטן, געארבעט ווי אן אָקס, אויסגעפּאָלגט אלע דיסציפלינעס און איצט לאָזן זיי מיך אפילו ניט אריין צו זיך, מיך כאָטש אויסהערן... אין „סלוזשבע" אז איך בין מיט א „זשאלאָבע" אפ'ן ראָטנע קאָמאנדיר געקומען, האט מען מיך אויסגע־הערט... שקלאפּן הענדלער! — שרייט ער — איך וועל זיי די טשאָקעס מיט די ציינער אויסרייסן.

ווען ער האט מיך מיטן ראבינער דערזעען, האט ער אויסגעבראָכן אין א שלוכצען ווי א קינד. ווי אן אָפּגענארט קינד.

א פּאָר באאמטע פון די זייטן טירן זענען ארויסגעקומען, צווישן זיי אויך אונדזער גוטער עקס אדמיניסטראטאר סעניאָר ב. און אלע האָבן געפונען אז די דירעקציע האט א אומרעכט באגאנגען קעגן דעם נאאיוון מענטשן, וועלכער רעפּרעזענטירט דאָס ערשטע מאָל אָפּ זיין לעבן די קאָ־לאָניע מאאוריציאָ. וואס הייסט ניט אריין לאָזן גאָר!?

— פריץ! — גיט א פרעג דער סעניאר ב., — איז שוין הייטע די קאָרעספּאָנדענץ אויס מאאוריציאָ אָנגעקומען?

— ניין, מיין הער, — האָט דער משרת געענטפערט — בלויז אַ טעַ־לעגראַמע, וועלכע איך האָב די הערשאַפטן אָפּגעגעבן.

אַ שמייכל האָט באַגאָסן זיין צאַנגלע פּנים און די אונטערשטע ליפּ זיינע, האָט זיינע גאָלדענע ציין ארויסגעוויזן.

איך מיט'ן ראַבינער, האָבן מיר זיך איבערגעקוקט און שוין גע־וואוסט, אַז די טעלעגראַמע האָט די טיר פאַר זיי געשלאָסן.

עס האָט גענומען פיל צייט ביז מיר האָבן דעם צעבייזערטן קווייטל עטוואָס בארויקט און מיר זענען אין אונזער האָטעל אוועקגעגאַנגען. ביז פינף פאַרנאַכט האָט ער נאָך אַלץ געשאָלטן, געוויינט און געוואָרפן וואָס ער האָט נאָר באַקומען אין האַנט.

וואָס מיינע קאָלעגן האָבן דאַן געפּילט, ווען זיי האָבן געזעען ווייַ־נענדיק דעם באַליידיקטן תמים, דעם פאַרוואונדעטן מאַמין אין דער יק"א, דאָס ווייס איך ניט; איך פון מיין זייט, הגם טרערן רירן מיך זייער, זאָג עס גאָר אָן בושה, אַז אין האַרצן האָב איך מיך געפרייט, מיין האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז קווייטלס טרערן וועלן גרייט מאַכן דעם באָדן פאַר פרייהייט, אַז פון זיי וועט ארויסוואַקסן די שיינע בלום, אָט אָ די ווייסע געטלעכע פרייהייטס קווייט, וואָס יעדער אונטערדריקטער גאַרט אַזוי נאָך איר.

ווען מ'האָט אַ לאָמפּ אָנגעצונדן, האָט ער זיך שוין געהאַט אינגאַנצן בארויקט און געלאַסן, מיט דעם אויפריכטיקן פויערשן ערנסט, האָט ער אָנגעהויבן ריידן:

— איר הערט, ברידער, זיי זיינען גראַביטעלעס, זיי וועלן באַ אונדז צונעמען די ערד, זיי וועלן אונדז פאַר אַנאַרכיסטן דערקלערן, אַזוי ווי באַזאַנאַוויטש'ן, זיי וועלן אונדז פאַרקויפן... איך וויל ארויס פון זיי... טויט אָדער רויט!...

— איר זענט דאָך אַ גמרא איד — ווענדעט ער זיך צום אַלטן ני־סענזאָן — איך בין אַ פּראָסטער; נאָר חומש האָב איך געלערנט, פרעה האָט אויסגעהאָדעוועט משה'ן, אים געלאָזט שטודירן און נאָכדעם האָט משה זיינע שקלאַפן פון אים באַפרייט. די יק"א האָט אייער זון אויסגעביל־דעט ער זאָל אונדז, אירע מאָדערנע שקלאַפן, באַפרייען. פירט מיך צו אייער איסאַק'ן, איך וועל אים אַ דאַווערנאָסט (פולמאַכט) געבן און איינגעבן אין סוד (געריכט) אויף זיי, איך וויל ארויסנעמען די „טיטולאָס" אויף מיין לאַנד... יאָ, גיט ער אַ דריי מיט זיין רויטן קאָפּ — איסאַק איז אונדזער קינד, ער וועט אונדז באַפרייען...

עס איז שטיל געוואָרן אין צימער. קיינער האָט זיך ניט אַ ריר גע־געבן און אים ניט געענטפערט, ניט יאָ און ניט ניין. פּלוצים גיט זיך אַ הויב אויף דער ווייס בערדיקער סעגאַל און שטרעקט קוויטלען אויס די האַנט.

— איך גיי מיט דיר, ברודער, איך גיב אויך אַ „פּאָדער“ (פּולמאַכט), דעם יונגן אַדוואָקאַט ניסענזאָן, זאָל ער אונדז באַפרייען פון דער ממשלת הזדון.

— פּותחין בשלום — זאָגט דער אַלטער ניסענזאָן, נאָמיר נאָך אַ מאָל פּרובען מיט גוטען.

די צוויי האָבן אָבער ניט געוואָלט הערן און ניין אַזייגער אַוונט זיינען שוין די פּולמאַכטן פון קוויטל מיט סעגאַל׳ן אונטערגעשריבן גע־וואָרן באַם נאָטאַריוס, אין דער שטודיע פון אַדוואָקאַט כעסום ה. פּאַס, און דורך אים צוזאַמען מיטן יונגן ניסענזאָן געשטעמפּעלט געוואָרן.

---

VII.

# פּאָליטיק צי כאַבאַר?

פייער. — דער שעה פון דער „דזשוּאיש" אויף דער באַשולדיגונגס באַנק. — אַ פּריקאַז צום אַדמיניסטראַטאָר. — דעם אַדמיניסטראַטאָרס המצאה. — עספּעראַנסער פעלדער. — וואס מען דערציילט. —

---

בּאַ דער באַן אין קאַסאַרעס האָבן אונדזערע קאָלאָניסטן שוין גע־ וואַרט אויף אונדז. געקומען זיינען אויך אייניקע פונם אָרט'ס שפּיצ־ נען. די קאָלאָניע אין גאַנצן האָט אויפגעשטראַלט פון שמחה. נאָר די מחותנים, די פּאַציפיסטן, האָבן געבעטן, אַז איידער דער פּראָצעס גייט איבער אין געריכט, זאָל מען נאָך איין מאָל שרייבן צו דער דירעקציע און בעטן, אפשר וועלן זיי גאָר מיט גוטן ארויסגעבן אונדזערע קויפשיינען אויף'ן לאַנד:

— לאָמיר ניט שפּייען אין דעם ברונעם, פון וועלכן מיר האָבן גע־ טרונקען, הגם זייער ביטערע וואַסער — האָבן זיי געדרונגען.

די קאָלאָניע האָט געפאָלגט און געשיקט צו דער דירעקציע אַ מין אולטימאַטום: גיט אונדז מיט גוטן די פרייהייט מיר זאָלן אייך מעגן באַ־ צאָלן אייער רעשט געלט און דאָס לאַנד זאָל אונדזערס ווערן. לאָמיר ניט דאַרפן גיין מיט אייך אין געריכט.

מען האָט זיי אפילו אויף דעם שרייבן ניט געענטפערט.

אַ פייער האָט זיך אָנגעצונדן אין די הערצער פון די קאָלאָניסטן, און די פרייהייטס אידייע האָט ארומגענומען יעדער נשמה.

---

אַ קליין אומבאַדייטנדיק פייערל האָבן די צוויי קאָלאָניסטן סעגאַל און קוויטל אָנגעצונדן, אַ סנה־פייערל, וואס ברענט און ברענט און ווערט קיינמאָל ניט איבערגעברענט.

וואַרף אַראָפּ דיינע שיך ווען דו קומסט צו דעם פּלאַץ, עס איז אַ הייליק אָרט, וואו דאָס פרייהייטס פייערל באַווייזט זיך, דאָרט רוט דער

גאָט פון דיינע אבות, אהין שטרעבן און בענקען אלע עדעלע נשמות. די פרייהייט, דאָס איז די גאָטהייט, דאָס איז דאָס אייביקע פייער וואס האָט אף אונדזער מזבח געברענט, דאָס איז דאָס הימלישע פייער מיט וועלכן אונדזער פאלק איז געהייליקט... דורך אלע ימים מענשליכע ליידן, זייט די מענטשהייט עקזיסטירט, הערן מיר ניט אויף צו טראָגן איר פאָן, און מיט אלע אונטערדריקטע פילן מיר מיט און העלפן זיי אין זייער פריי־הייטס קאמף, עס איז פאלש וואס אונדזערע שונאים ווילן אונדז אלס פרייהייטסלאָזע באטיטלען. אמת, דער גלות האָט אונדז איינגעבויגן, דער־נידעריקט, אָבער ניט צעבראָכן; אונטער דעם גרויסן בארג גלות־אש טלי־עט דאָס געטלעכע פרייהייטס פייער און באַם קלענסטן ווינטעלע פלאַקערט דאָס אויף.

די צוויי פשוט'ע אידן מיט די געדיכטע בערד, האָבן בתמימות, אָן שום חכמות א זאָג געטאָן:

— מיר ווילן זיין פריי, צוואנציק יאר איז גענוג גלות געליטן, אין די „טריבונאלעס" וועלן מיר זוכן אונדזער רעכט!

און די ווערטער זיינען טיף ארייגעדרונגען אין יעדער הארץ; ווי דורך אַן עלעקטרישן שטראָם האָט זיך די אידייע צעטראָגן. אפילו עכט קאָנסערוואטיווע נאטורן, וואס טענה'ן שטענדיק: לאָז זיין ווי ס'איז, מ'דארף ניט איינרייסן א וועלט", האָבן זיך באגייסטערט, אויך אף זיי־ערע פנים'ער האָט מען די רעוואלוציאָנערע שכינה געזעען שיינען.

א רחמנות איז נאָר געווען אפ'ן נייעם אדון. דער ארעמער אדמיניס־טראטאר האָט זיך געפונען שטארק געקרענקט; די שטענדיקע „רעווענ־קע" אין האנט האָט זיך נעבעך נאָכלעסיק געטלעפעט און געפּאטשט מיטן ברייטן רימען די רויטע שטיוול פון זיינע אייגענע פיס. א צער האָט זיך אף זיין פנים צעגאָסן און מיט שרעק האָט ער יעדן קאָלאָניסט אין די אויגן געקוקט ווי פרעגנדיק: אונדזערער, אָדער שוין אויך צו די רעוואלו־ציאָנערן איבערגעגאנגען?

די ביורא אין קאזשאאָ*) זי האָט זיך נאָך פון דער מרידה ניט וויסנ־דיק געמאכט. זי האָט דעם אדמיניסטראטאר וואס האָט איר אלעס רעפּאָרטירט—אזוי ווי דער דין פון די אדמיניסטראטאָרן—געענטפערט, אז ס'איז נאָר א פּוסטער סטראשונעק, ער זאָל ניט גלויבן.... וואס הייסט — האָבן זיי זיך געטראכט — אונדזערע קאָלאָניסטן, אָט די שפּל'דיקע

*) די גאס אין בוענאס איירעס וואו די יק"א דירעקציע האָט זיך דעמאלט געפונען.

עבדים, וועלן איינגעבן אין געריכט אף דער גרויסער „דזשוּאיש קאָלאָני־ויישאָן", ווי אזוי איז דאָס מעגלעך?

אונדזער אַדוואָקאַט האָט אָבער ניט געשפּאַסט, נאָר באַלד אַרויס־געפּאָדערט צום געריכט דעם שעף פון דער פירמע „דזשוּאיש", ער זאָל געבן זיין ערקלערונג וועגן אונטערשריפט אף די פּונקטן פון דעם „פּראָמע־סאַ דע ווענטאַ"־קאָנטראַקט, און האָט דעם דירעקטאָר אַנידערגעזעצט צוזאַמען מיט די „נישטיגע שפּל'דיגע ברואים", די קאָלאָניסטן, אף איין באַנק...

אַ פּריקאָז איז דאָן צו אונדזער אַדמיניסטראַטאָר אַרויסגעגעבן גע־וואָרן ער זאָל די בונטאָווטשיקעס אָפּזונדערן פון די קאָלאָניסטן, די גאַנ־צע קאָלאָניע זאָל חלילה ניט אָנגעשטעקט ווערן מיט דער רעוואָלוציע... אַלצדינג זאָל ער די שטילע, די מאמינים, געבן, אַ חוץ די פרייהייט, און די עזות'ניקעס וועט שוין די בורא אַליין גוט אין זינען האָבן...

---

אַ קנעכט אַז ער ווערט קעניג, וואָס איז נאָך ערגערס פאַראַן? אונד־זער „עבד־מלך", ווען ער האָט דעם פּריקאָז פון די אדונים באַקומען, וואָס האָט ער געטאָן? ער האָט אויפגעזוכט די שוואַכע כאַראַקטערן, די וואָס האָבן נאָך באַהאַלטן אין זיך די ירושה פון זייערע עלטערן, די „פריץ־אידעלאַך" — זיך לאָזן שמייסן פונם פּאָליאַק, זיך לאָזן בייסן פון זיינע הינט, און נאָכדעם די קרעטשמע אָלס שאַנד ערזאַץ באַקומען — אָט די נשמה'לאַזע, האָט ער צו זיך געצויגן און זיי אַ שכר אַ גרויסן אָפּ'ן אָרט געגעבן, אַבי זיי זאָלן שרייען „מיר ווילן ניט קיין טיטולאָס! מיר דאַרפן ניט קיין פרייהייט!..." און ווייסט איר אין וואָס דער שכר פאַר דער בגידה, פאַר דער שקלאַפעריי איז באַשטאַנען? אין לאַנד, „טשאַק־רעס"*) פאַר די קינדער האָט ער זיי באַלד געגעבן, און זיי נאָך מבטיח געווען אָפּ'ן אַדמיניסטראַציעס הן, אַז ווען די בורא וועט די רעוואָלוציאָ־נערן באַזיגן — און דער זיג איז דאָך זיכער, מעג ער אפילו קאָסטן מי־ליאָנען — דאַן וועט מען די פעלדער פון די חוצפה'ניקעס, צו זיי, די גע־טרייע יק"א־חסידים אויך אָוועקגעבן.

דערווייל, צו באַפרידיקן זיי, צו באַצאָלן טאַקע אַ חלק פונם לוין אָפּ'ן אָרט, האָט ער אַן המצאה אויסגעזוכט, אָפּגעשניטן שטיקער פעלד בא די איינגעאָרדנטע קינדער אין לאַ עספּעראַנסאַ, מיטן אויסרייד אַז די

---

*) נחלות.

פריערדיקע אדמיניסטראציע האָט זיי צו פיל לאַנד געגעבן. און אַט אַ יי
אָפּגעשניטענע לענדערייען צו זיי, אלם שכר פאַרן מה יפית זינגען, אַפּ־
געגעבן.

עס איז ווידער אַרויפגעשוואומען די לאַ עספּעראַנסאַ פּראַגע. וואו
אַ פּרעניות, וואו אַ צרה, הויבט זי זיך אָן פון יענער ערד. אפנים ניט אין
קיין מזל'דיקער שעה האָט די „דזשואיש" יענע ערד געקויפט. דער ער־
שטער אדמיניסטראטאָר, סעניאָר ב., האָט דאָרט דאָס אומרעכט פאַר־
זייט, מיט איר פאַרטיילונג און עס וואַקסן שוין די עולות, איין עולה גרע־
סער פון דער אַנדערער. שפּעטער, אין 1916, איז דאָרט גאָר אַ צרה; די
יק"א וויל זיי אַראָפּוואַרפן פונם לאַנד, און זיי לאָזן זיך ניט. אדוואָקאַטן
פון ביידע זייטן לעקן דערווייל אַ ביינדל.

איך וועל שפּעטער נאָך ריידן פון זיי.

כדי צו אילוסטרירן די המצאה פונם אדמיניסטראטאָר מיט דעם
קאַמף שניידן אין לאַ עספּעראַנסאַ, מוז איך דאָ אָנמערקן: דאָס לאַנד
דאָרט איז אָפּ דער העלפט אַ זומפּיקער, אומנוצבאַרער באָדן. דער אינזשע־
ניער האָפּמאַן, וואָס האָט צעמאָסטן און צעטיילט אָפּ חלקים („טשאַק־
רעס") יענע ערד, האָט אַ סאַך הונדערטער העקטאַרן פאַר נול גערעכנט.
ער האָט, למשל, 70 העקטאַר גוטע לאַנד און 150 זומפּיקע, ד. ה. פּשוטע
וואַסער, פאַר איין חלק גערעכנט, און אַזוי איז עס פאַרטיילט געוואָרן
צו די קאָלאָניסטן.

דער אדמיניסטראטאָר, זוכנדיק אַ שכר פאַר זיינע נאָכטענצער,
און אויסנוצנדיק דעם שעת הכושר וואָס יענע יאָר איז אַ טריקעניש גע־
ווען און די וואַסער פון די זומפּן איז פאַרשוואונדן געוואָרן, האָט ער
אַ ראַפּאָרט אין ביורא אריינגעשיקט, אַז די טשאַקרעס אין לאַ עספּע־
ראַנסאַ זיינען ניט ריכטיק צעטיילט געוואָרן און מ'דאַרף דעריבער אָפּ־
שניידן לאַנד בא די איינגעאָרדנטע און דאַרויף באַזעצן נייע קאָלאָניסטן.

די אַרגטלעכע דירעקטאָרן וואָס האָבן דאָס לאַנד קיינמאָל ניט גע־
זעען און ווייסן באמת ניט פון קיין שווינדל, האָבן מסכים געווען צו
דער דעה פון זייער דינער. און דאָס פאַרברעכן איז געשען. אָפּ'ן אָרט
וואו איין קאָלאָניסט האָט זיך געקענט דורכלעבן האָט מען באַזעצט צוויי
און זיי אומגליקלעך געמאַכט.

די פאַרקויפטע נשמות וואָס האָבן דאָן די לענדער גענומען, אומ־
ווימנדיקע ברואים, האָבן געדיינקט אַז זיי כאַפּן אַ מציאה. זיי האָבן

ניט געוואוסט, אז א סם, א גיפט נעמען זיי איין אין זיך. און ווי פרענ־קען זיי עס שרעקלעך איצט אף יענער זינד!

א טייל פון די געשניטענע זיינען טאקע באלד אומגעזאמט געגאנ־גען פון דער וועלט, זיינען אוים קאלאניסטן געווארן און א טייל מאַ־טערן זיך נאך, לאדן זיך מיט דער פילאנטראפיע, ווייל צאלן קענען זיי פאר קיין פאל ניט.

אבער דאמאלסט האט די אדמיניסטראציע געדענקט צוויי האזן אף איין מאל צו כאפן; ערשטנס, אנשרעקן די מורדים; אט נעמט מען צו בא זייערע קינדער דאס לאנד, וועלן זיי זיך צוריקציען פון דעם קאמף פאר קויפשיינען; צווייטנס, וועלן די גלויביקע, ווען זיי וועלן זעען דעם לוין, ערד, וואס דאס איז דאך דער עיקר, זיך האלטן פעסט בא זייער אמונה, און וועלן כסדר פאררעטן זייערע אייגענע ברידער. דאס דריטע האבן מיר זיך ערשט איצט דערוואוסט: — די קראנקע נשמות, די ברידער פארקויפער, דערציילן עס. — גיי גלויב זיי! — שוחד, זאגן זיי, האבן זיי גענעבן, פשוט כאבאר! מ. טאבאקמאן, משה ליידערמאן, חנה גרינ־מאן און פישל מויגער האבן צו גאנצע טויזענטער באצאלט. זיי שווערן בא אלע הייליקע אז דער סיסטעם גייט אן אין אלע קאלאניעס פון דער יק״א, די באאמטע נעמען אין יד אריין און מ׳שנייט פעלדער, מען מאכט טראנספערענצן, מ׳דעסאלאבירט, ד. ה. מען ווארפט אראפ אלטע קאָ־לאניסטן און מען פארשרייבט אף זייער פלאץ נייע; טעלערלעקער, קהל׳ם לייט, אויך שטאטישע מענטשן, רייכע דאקטוירים און בלאטע קרעמער, אבי די מטבע. א רוסישע כאבארסטווא און פטור. מיט דעם כשר׳ן מיטל פארמאגן היינט אייניקע פון „אידישן אדל“ צו צוויי דריי טשאקרעס אף פארשידענע נעמען...

איך לאז די באהויפטונג אף זייער פאראנטווארטלעכקייט.

איך געדענק אז שפעטער, ווען דירעקטאר קאזעס איז דא צום לעצטן מאל געווען, האט אים אדאלפא רייצין וועגן דעם כאבאר סיסטעם דער־ציילט. ער האט אף אים זיינע גרויסע אויגן ארויסגעשטארצט.

— זיי פארלאנגען באווייזן, סעניאר? — פרעגט אים רייצין.

קאזעס צעקרומט זיין פנים פון צער און ענטפערט אין שפאניש:

Oh, no! En tales asuntos no hay recibos...

— אה, ניין! אין אזעלכע ענינים גיט מען ניט קיין קבלות...

נאר, ווי דאס איז געווען, כאבאר צי פשוט פאליטיק, די אדמיניס־

טראַציע האָט געאַרבעט מעשים; אַ מורא האָט זי געוואָלט ארויפוואַרפֿן אַף די פּרייהייטס קעמפּער. אָבער אַ וואונדער איז געשען; אנשטאָט מיט דעם קאַמף שניידן אָפּצושוואַכן די קעמפּער, האָט זי זיי נאָך מער געשטאַרקט.

—אזוי? — האָבן די רעבעלן געדרונגען — מען באַראַבעוועט אונדזערע קינדער, מ'נעמט צו באַ זיי דאָס לאַנד און מאָרגען אז זיי וועט זיך פאַרוועלן, אנולירן זיי אונדזערע „פּראָמעסאַס דע ווענטאַ" און שמייסן אונדז, אַלטע, צוואַנציק־יעריקע קאָלאָניסטן, אַרויס פון אונדזערע נחלאות... וואו איז יושר? מען זעט דאָך שוין וויפיל זיי פאַרמאָגן פון דעם מין..."

דער קאַמף איז נאָך גרעסער געוואָרן. נייע פולמאַכטן זיינען דעם דר. כעסוס ה. פּאַס איבערגעגעבן געוואָרן. אַ גיהנום האָט געקאָכט אין קאָלאָניע, אַ רוגזה, אַ כעס אַף דער ממשלת הזדון, דאָס שלאָג ווארט אין יעדנס מויל איז געוואָרן „טיטולאָס"!

מ'האָט אָבער דעם סכסוך איבערגעלאָזט אַף אַ ווײַלע איבער'ן אָנקומען פון דער קאָסטשע.

---

VIII.

# דאָס זאַטע יאָר

קאָסעטשע־געסט. — דער שדכן. — מען האַנדלט איין „בלעכלעך“. —

עס האָט זיך אָנגערוקט די קאָסעטשע.

א פרייליכע, זאַטע און א געראָטענע האָט זי זיך געוויזן, די אַלטע, שיינע מאַאוריציאַ, מיט אירע צוויי ליבע יונגע טעכטער סאַנטא טאָמאַס אין איר רעכטער זייט און לאַ עספּעראַנסאַ לינקס. מיט זייערע גראַציעזע שוואַנגערע פעלדער האָבן זיי דעם אומעט פון דער קאָלאָניע פאַר־טריבן. א קוק טוענדיק אַף זייערע שוין פאַרמירטע פולע ברוסטן מיט גאָטס ברכה, מיט קאָרן, ווייץ און ליאָן, וואָס האָבן זיך אינם ליכטיקן מאָרגן אַף די טוי פעלדער געוויגט, איז דאָס האַרץ, דאָס פאַרביטערטע האַרץ אַף דער נאַרישער אכזריות'דיקער ביוראָקראַטיע, ווייכער געוואָרן, מ'האָט דעם טיטולאָס־סכסוך ארויסגעיאָגט פון געדאַנק און זיך פריילעך גע־גרייט צו עמפּאַנגען דעם מזל'דיקן שניט, דאָס געבוירענע קינד פון דער מוטער ערד.

אפ'ן גאַנצען שטח פון די 17 לעגואַס*) קאַמפּ, וואָס די דריי קאָ־לאָניעס פאַרנעמען, האָט זיך א ריִרעוודיקע טעטיקייט אָנגעהויבן. די שנייד מאַשינען זיינען אויסגעפּוצט געוואָרן, אַלע ארבעטס מכשירים אין אָרדנונג געבראַכט, די אַלטע דערפאַרענע מוטער האָט אירע יונגע טעכ־טער געגעבן לעקציעס אין הלכות געבורט.

די קאָסעטשע געבורט איז איצט שוין פיל גרינגער און אויך מער מאָדערנע צוגעגאַנגען. ניט מיט אַזויפיל מי און מאַטערניש ווי אין די ערשטע יאָרן.

דאָס שניט־ליד, דער „ברינה יקצרו“, האָט זיך מיט שמחה געטראָגן אין דער לופט.

---

*) א לעגואַ איז קנאַפּע פינף קילאָמעטער.

די „סערעאליסטן“, די תבואה סוחרים, הייסט דאָס, האָבן דעם זאַט געראַטענעם שניט דערשמעקט און ווי שדים האָבן זיי גענומען אומלויפן מיט זייערע אויטאָמאָבילן צווישן די פעלדער, וואַרפנדיק חניפה־קאָמ־פּלימענטן און זוכנדיק ווי אַרום צו באַשווינדלען, אַריינצונאַרן דעם מו־זשיק.

קרעמער פון שטאָט און סתם לײַדיקגייער מיט אונטערגעפּוילטע לונ־גען פון דער שטאָטישער ענגשאַפט, שמוץ און זנות, וועמ פון זיי עס האָט נאָר געהאַט עפּעס אַ באַקאַנטן, אַ ווײַטן קרוב אין קאָלאָניע, האָט זיך אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק, איז געקומען טרינקען פרישע מילך, אייער, עסן היימיש געבאַקן ברויט, שפּאַצירן אין אונדזערע סעדלעך און נאָכדעם, דאָרט אין שטאָט, אַ צייט לאַנג צווישן חברים, אַזעלכע פּוסטע פּאַסניקעס ווי ער, געקענט חוזק מאַכן, אָפּשפּאָטן פון די פאַרברוינטע פּנימ׳ער פון אונדזערע פּרויען, און פון דער תמימות׳דיקער האַלטונג פון אונדזערע טעכטער.

אויך די שטודירנדע יוגנט איז אין דער וואַקאַציע צייט — קאָ־סעמטשע — אַנגעפלויגן אין דער קאָלאָניע אַריין. זי, די יוגנט, אויסגע־מאַטערט פונ׳ם צען־חדשים׳דיקן שטאָטישן לעבן, אויסגעצערט, בלאַס, אייניקע מיט אַנגעגריפענע לונגען און איינגעפאַלענע ברוסטן, פלעגן זיך כנופיה׳ס ווייז אַרומשליאָען צווישן די פעלדער, צופוס אָדער רייטנדיק אַף פערד, קלעטערנדיק אַף די בוימער, וואַרפן אויגלאַך אַף די שיינע פרי־שע בלום־שמעקנדיקע קאָלאָניסטישע מיידלעך און שאַצן דאָס פאַרמעגן פון דעם טאַטן דעם מוזשיק, געשאַצט: וויפיל טויזנטער פּעזאָס נדן קען אָט דאָס שיינע שטילע נאַאיווע „טעלעטשקעלע“ מיטברייגנגען מיט זיך?..

דער שדכן משה קושניר, אַ הויכער שיינער איד, מיט געדיכטע ברע־מען און אַ צוויי־שפּיציקע שניי־באָרד, גייט נעט געקליידט, רעט שטיל און בנעימות, האָט אַ שטאַרקן חוש צו דערקענען וואָס פאַר אַ סחורה און פאַר וואָסער פּרייז דער מוזשיק וויל איינהאַנדלען און אויך וועלכער סטו־דענט איז גרייט צום מאַרק, פאַרטיק צום פאַרקויף.

אַ גאַנץ יאָר זעט מען אים ניט דעם ר׳ משה׳ן; צען חדשים כסדר טראַכט ער אפנים, קוקט נאָך די עקזאַמענעס פון דער שטודירענדער אָרע־מער יוגנט, מאַכט זיך גרייט זיין פאַרטפעל, סאָרטירט אויס זייערע מע־שענע „טשאַפּאָס“ (שילדלעך), שוין אויפגעקלאַפּטע, אָדער צוקונפטיקע, וואָלוועלע און מיטעלע און גאָר טייערע... ערשטער סאָרט „טשאַפּאַ“ —

דאָקטאָר מעדיצין, צווייטע — אינזשעניער, דריטע — אַדוואָקאַט. און אזוי כסדר, פון אויבן אראָפּ, ביז לערער און אַפּטייקער...

אין דער צייט פון קאָסעטשע, און ווען נאָך די ברכה ווייזט זיך אפּ׳ן פעלד, וואקסט אוים ר׳ משה מיט זיין מזל׳דיקן פּאָרטפעל באַם קאָלאָניסט אין שטוב:

— אייער דבורה׳לע, רבי שכנא, איז ווערט אַ דאָקטאר צו האָבן פאַר אַ מאַן. — טענה׳ט ער אין דער שטיל צום אלטן בעזגראמאטנעם שכנא — און איר הערט, ניט טייער, אַ מציאה כ׳לעבן, איר קענט אים איינבייסן, צען טויזנטער אין מזומן און אַ קאָנסולטאָריע (קאַבינעט) איינסטרויען. כלים? בע, מע! אינסטרומענטן וועט מען אייך געבן אויף אַ גאַראַנטיע...

דער אלטער, וואס ווייסט ניט קיין צורת אלף קראַצט זיך אין פּאָטיליניצע און שטאַמלט:

— אפשר וועט איר קענען עפּעס אָפּדינגען, ר׳ משה? צי טאָקע אפשר אַן אַנדער „בלעבל“, אַ ביליקערס? צען טויזענטער! ס׳איז אַ גוואלד!..

ר׳ משה גיט אַ געשמאַקן שמעק טאַבאַק, ניסט זיך אוים און ווייזט אָן דעם תמים אַז דער שידוך איז פון גאָט:

— אָט האָב איך גענאָסן דאַרויף, דבורה׳לע וועט אית״ש אַ דאָקטאָרשע זיין...

IX

# אַ נצחון פון דער יק"א

„די עפּענטלעכע מיינונג". — דער משפט. — א רחמנות. — פּראצענט אַף פּראצענט פון פּראצענט. — די יק"א האָט געוואונען. — די אַדמיניסטראציע טיילט אַנטיסעמיטישע ביכלעך. —

אַט פון די אַלע קאָסטעטשע־געסט, וואס פלעגן ווי בינען צום האָניק אָנ־לויפן אין קאָלאָניע אריין, האָט זיך דאָן, אין יענעם יאר, פאַרמירט א בינטל: קרעמער, סוחרים פון אַלטע קליידער און נאָך אַזעלכע אביונים. זיי, צוזאַמען מיט די פערד הענדלער, די לעקער פון דער אַדמיניס־טראַציע און אירע שפּיאָנען, האָבן א טומל אויפגעהויבן, געשאָטן פעך און שוועבל אַף די קאָלאָניסטן וועלכע פאַרלאַנגען די פרייהייט. זיי האָבן גע־וועקט מיט זייער גרילצן די כלומרשטע עפנטלעכע מיינונג, האָבן געשריבן אין דער „פאָלקס־שטימע". דער דירעקטאָר אירער, אברהם ווערמאָנט, וואס פלעגט זיך דוקא אַמאָל איינשטעלן פאַר די קאָלאָניסטן, איז דאָן פלוצים אַנשווייגן געוואָרן. דאָס צייטונגל „דער קאָלאָניסט", וואס דער פאַריין „פאָנדאָ קאָמונאל" אין ענטרע ריאָס האָט דאַמאָלט געדרוקט און איז נעבעך באַאיינפלוסט געווען פון דער אַדמיניסטראציע, האָט געוויס גע־מוזט שווייגן.

ערשט ווען מאָוריציאָ האָט זיך געווענדט דירעקט צו די קאָלאָניסטן דאָרט און זיי איבערגעוויזן ווער ס'איז גערעכט, איז ארויס זייערער א קאָלאָניסט, פסח נחלת, און האָט אויפגעשטורמט אַלע קאָלאָניעס פון ענטרע ריאָס, אַז זיי זאָלן זיך אָנשליסן אין מאָוריציאָ אום צו צעברעכן דער יק"א'ס יאָך.

דאָן האָט אויך „דער קאָלאָניסט" זיך אָנגערופן און אָפּגעדרוקט מיינעם אַן אַרטיקל „קאַזשאַאַ 216", וואס האָט פון דער פרייהייטס אידייע גערעדט. מיט איין וואָרט, דאָס פרייהייטס פייער האָט זיך צע־שפּרייט אין אַלע קאָלאָניעס, מען האָט נאָר איבערגעוואָרט די קאָסטעטשע,

און מיט געשפּאַנטער אומגעדולד האָט מען אויך געוואַרט אַף דעם משפּט פון „כוסגאַדראַ“.

דער אַדוואָקאַט דר. פּאַז האָט אַף זיכער געזאָגט אַז מאַוריציאָ וועט געווינען דעם פּראָצעס און אַלע קאָלאָניסטן וועלן באַפרייט ווערן. די אַדמיניסטראַטאָרן האָבן געזאָגט דעם היפּוך.

דער טערקישער בחור, דער אויבנדערמאָנטער אַדמיניסטראַטאָר, האָט אין אַ דעבאַטע מיט מיר אין בוענאָס איירעס אין דער אָנוועזנהייט פון אַכט אַדמיניסטראַטאָרן וואָס זיינען דאָן צוזאַמענגעפאָרן אין ביורא, מיר געזאָגט:

— אַלנפאַלס, מיר וועלן די „אַסונטאָ“ ניט פאַרשפּילן... מיר האָבן — האָט ער זיך מיט דער האַנט געפּאַטשט אַף דער הויזן־קעשענע — מיר זיינען שטאַרק...

דער קלוגערער און עלטערער פון אים, סעניאָר באַרוך, דער דאַמאָלס־דיקער בראַזיליאַנער במקום־דירעקטאָר, האָט אים אַרויפגעלעגט די האַנט אַפ'ן אַקסל:

— „נאָ טאַן קאַליענטע, אַמיגאָ“! — ניט אַזוי צעהיצט פריינט מיינער!

יאָ, היים, היציק, פייערדיק זיינען זיי, די אַדונים, דאַן געווען. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז ס'איז אַ סוף צו זייער ממשלה געקומען, אַז די שקלאַפן וועלן זיך באַפרייען פון זייערע ברוטאַלע הענט.

ס'איז פּשוט אַ רחמנות אַף זיי אומגעקראָכן.

---

רחמנות! טפוי זאָל עס ווערן! ווען ס'קומט מיר אויס אוועקצושטעלן אַפ'ן פּאַפּיר דאָס וואָרט רחמנות, כאַפּט מיך אָן אַן עקל און ס'ווילט זיך אויסשפּייען דערביי. ווער האָט דאָס מין אויסגעטראַכט אַף דער וועלט? רחמנות!

ימים־ווייז גיסט זיך עס אַף דער ערד. די גאַנצע מענטשהייט איז מיט דעם איבערגעפולט. זיי טראָגן עס אונטער מיט שעפל און לעפל אין אַלע צדקה אַנשטאַלטן, אין אַלע באַרמהערציקע אינסטיטוציעס. וואו האָבן זיי עס גענומען? פון וואַנען וואַקסט אָט די פאַרקללה'טע מידה אַרויס?.. רחמנות, די פרוי פון אמת, ביידע אינאַיינעם ניט קיין גרעסטענע פּאָר; זי, די שוועסטער פון גנבה און גזלה, און ער, אַ אומגליקלעכער נאָך ניט געבוירענער, אויסגעטראַכטער וועזן...

זעט איר  ר ח מ נ ו ת,  און אויך באלד אן אמת'ער רחמנות, איז דאן אף די באאמטע פון יק"א יא געווען. איך זאג אייך, אז ס'איז טאקע צום באדויערן געווען.

שטעלט אייך פאר, למשל, ווען באהיט גאט, עס ווערט אוים מיט דער גאנצער עפוש'דיקער קעניגרייך; ווען, א שטייגער, עס שטייען אויף ענערגישע מענטשן און זאגן צו די קהל'שע אפיטרופסים: „סטאפ"! איר האט זיך ארויפגעלעגט אף א פרעמדן אוצר, איר שאלטעט און וואלטעט ווי אייער הארץ גלוסט, איר באשטימט פאר באאמטע אלע אייערע קינדער, איר גיט שטעלעס אלע אייערע קליאמקע קלאפערס, איר נעמט זיך א פעטן געהאלט. איר פענסיאנירט אייערע זקנים, די וואס האבן אפגעלעבט אן איבערזעטיקטן לעבן אף דער קהל'שער שיסל, איר האט געטון וואס איר האט געוואלט, איצט קומט צום חשבון: זאגט, וואס האט איר עפעס געטאן פאר די וואס דער באראן האט פאר זיי זיינע מיליאנען איבערגעלאזט? וואס פאר אן ארבעט האט איר אין דעם דריטל מאה יארן געטאן פאר די שאף וואס איר ווילט זיך באטיטלען אלס זייערע פאסטוכער? וואס טוט איר פאר די טויזענטער אימיגראנטן וואס וואלגערן זיך בא די האפנס פון די ימים בעטן לאנד, ערד צו דער ארבעט?.. ווען גאט זאל שומר ומציל זיין, עס וואלטן געקומען מענטשן מיט הארץ, מיט נשמה און וואלטן באטראכט די גאנצע ארגענטינער קאלאניזאציעשפיל, מיט דער באליאסטרע דינער, וואס לעבן א משוגענעם טאג אפ'ן בארא̈נס מיליאנען; ווען זיי רעווידירן זייערע ביכער מיט זייער פראצענט געמען?..

ווען מענטשן וואלטן געזען אזא מין קבלה פון דער אדמיניסטראציע, אט ווי די אונטערן נומער 562, וואס איך ברייננג דא:

*Col. Mauricio, Abril 20 de 1917*
*Recibimos de Mactas Isaac la cantidad de noventa centavos, intereses de $ 446 por 20 días (del 1 - 4 - 917 al 20 - 4 - 917.*

*Administr. Col. Mauricio*
*P. Mellibovsky.*

ווען זיי דערוויסן זיך, אז די 446 פעזעס אליין, זיינען בלויז פראצענט פון פראצענט, ווייל דער קאפיטאל איז דאך שוין איין מאל מיט פראצענט אף צוואנציק יאר אפגערעכנט געווארן; ד. ה. אז מען נעמט

איצט פאר 20 טאָג ניינציק סענטאַוואס פּראָצענט צום דריטן מאָל; אז פאר דריי טעג פּראָצענט ווערט אויך ניט געשיינקט!.. איך וועל ניט אזויפיל ריידן פון זיי. זיי זיינען דאָך אונדזערע אייגענע פּראָצענטניקעס. לאָמיר בעסער שווייגן... נאָר פשוט, ווען מענטשן קומען און זעען וואס מ'טוט מיט אונדזערע ברידער אין די אור וועלדער פון בראזיל, אין די סאַליטרע־זאַלץ פעלדער פון סאַנטיאַגאָ דעל עסטערא, בעסער געזאָגט, אין דער קאָלאָניע דאָרא, צי אונטער די אייביק שניידנדיקע ווינטן פון דער פּאַמפּאַ, אין מאָנטעפּיאָרע, אין בערנאַסקאָני; ווען מען וואלט זיך איבערצייגט אז באַ די יק"א משרתים זיינען אַלע מיטלען כשר, אַבי צו דערהאַלטן דעם צוועק זייערן — די מ מ ש ל ה; ווען מענטשן קוקן אָן די מוטערס מיט די טעכטער און פארגרעבטע זין, ווען זיי גיבן אַ קוק אַפ'ן יונגן דור און זיין צוקונפט; ווען זיי קוקן ארונטער אונטער דעם פילאַנטראָפּישן מאַנטל; ווען זיי זעען און פילן דאָס, וואס מיר, קאָלאָניסטן, וואס זעען צו זייערע מעשים 30 יאר כסדר; אָ, דאן, שווער איך אייך, אז דאַמאָלסט וואלט קיין מחילה ניט געווען. עס וואלט אַן עק, אַ סוף געקומען צו זייער הערשאַפט.

נו, וואס־זשע וואָלטן די אַלע לײדיק־גייער, די אלע נוגשים געטאָן? און וואס וואָלטן טאַקע גאָר די גרויסע, מיט די גובערנאַטאָרסקע געהאַלטער, געטאָן? זיי זיינען דאָך אודאי געוואוינט צו לעבן אזוי גוט. אַ שאָד, כ'לעבן, אזא קעניגרייך, אַזאַ ניט קאָנטראָלירטן פארמעגן ארויסצולאָזן פון האַנט...

אָט טאַקע דערפאר האָבן זיי דאַן אויפגעציטערט און מיט אַלע מיטלען אין דער וועלט געזוכט צו געווינען דעם משפּט.

די יוסטיץ, אָדער אפשר די הייליקע געטין טעמיס, באַ וועלכער די גערעכטיקייט איז טייערער פון אַלץ אין דער וועלט, זי האָט אירע אויגנבענדער פעסטער ארויפגעדרוקט. זי האָט דעם צער פון די באַאמטע ניט געקענט צוזעען און מצד רחמנות און אויך צוליב דעם גרויסן אידעאַל פון באראן, האָט זי זיך אַף זייער זייט געשטעלט. זי האָט מיט איר גאלדגלאַנצנדיקן שווערד אַלע קאָלאָניסטישע האָפנונגען אַף פרייהייט—צעקלאַפּט. דער משפּט האָט די קאָלאָניסטן געפונען פאר חייב.

טריומפירט האָבן די מושלים. זיי האָבן געזיגט. און האָבן אָנגעהויבן פעסטער צו מאַכן די קייטן אַף די קאָלאָניסטן־הענט און ענגער איינגעצויגן די שטריק ארום זייער האַלדז.

דעם 25־טן נאָוועמבער פון 1910 איז דער פּסק דין ארויסגעטראָגן געוואָרן אין דער פעדעראלער געריכטס פּאַלאַטע פון בוענאָס איירעס לטובת דער „דזשואיש“ און די קאָלאָניסטן זיינען געפונען געוואָרן אלס די אומגערעכטע אין זייער פאָרלאַנג צו באצאָלן אָפּ איין מאָל דעם גאַנצן חוב און ארויסבאַקומען טיטולאָס אויף דער ערד. מ'האָט צוגעפּסק'נט דער יק"א אז די קאָלאָניסטן דארפן נאָך באצאָלן די גע־ריכטס הוצאות.

א פלאַם־פייערדיקע רעדע האָט דער פיסקאַל, אָדער פּראָקוראָר, אָפּגעהאַלטן פאַר'ן ריכטער אין בית המשפּט. — ער האָט איבערגעוויזן די עדלקייט פון דער געזעלשאַפט „הירש“, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר א צוועק איבערצומאַכן דעם שאַכערניק, דעם „כודיאָ“, אין אַן ערד־אַר־בעטער און — האָט ער געזאָגט — ווייל ס'איז זייער א שווערע זאַך אָפּצוגעוויינען דעם „כודיאָ“ פון מסחור, האָט די יק"א געמוזט אריינ־שטעלן אַזעלכע שאַרפע פונקטן אין די „פּראָמעסאַ דע ווענטאַ“ אָפּמאַכן, למשל ווי דער אַרטיקל 7, און אַז דער ציוויל קאָדעקס פונקט נומער 1169 דערלויבט צו מאַכן אַזעלכע שאַרפע פונקטן. אין דעם אַרטיקל 1197 פון דעם זעלבן קאָדעקס ווערט געזאָגט: אויב די צדדים האָבן זיך איינמאָל איינפאַרשטאַנען און האָבן די פונקטן אונטערגעשריבן, איז דאָס שוין אליין פאַר זייביידן א געזעץ. ס'העלפט ניט די טענה אַז דער עמי־גראַנט איז אומוויסנד געווען און האָט ניט געוואוסט וואָס ער שרייבט אונטער. און אויב דער קאָלאָניסט וויל זיך איצט אָפּטרייסלען פונ'ם קאָנטראַקט, פאַלט ער אונטער דעם פונקט פון דעם זעלבן אַרטיקל, וואָס זאָגט, אַז ער מוז אָפּגעבן דער געזעלשאַפט „הירש“ צוריק דאָס לאַנד מיט אַלץ וואָס איז אויף דעם אויפגעבויט געוואָרן, אַז ער פאַרלירט אַלע אריינגעטראָגענע צאָלונגען (מעג עס זיין פון גאַנצע 18 יאָר כסדר) און אַלצדינג גייט איבער אַלס אייגנטום צו דער געזעלשאַפט „הירש“ און דער קאָלאָניסט מוז אָפּטרעטן אָן רעכט אויף וועלכע עס איז טענות.

א פייערדיקע רעדע איז דאָס געווען. ער האָט איבערגעוויזן די טובות וואָס „הירש“ האָט מיט די עמיגראַנטן געטאָן, אפילו רייזע הוצאות האָט ער זיי געגעבן, אויך גרויסע סומעס אין מזומן געלט, עקסטרא—זריעה, אַרבעט מכשירים און הלוואות.

אַז מען מאָנט עס אָפּ מיט פּראָצענט צען מאָל אַזויפיל, דאָס האָט ער ניט געזאָגט.

— אַט — האָט ער געטענה׳ט — איז דער סעגאַל, אַ חוץ זיין לאַנד וואס באַטרעפט 6357 פּעזאָס, האָט ער נאָך מזומן מיט רייזע הוצאות און רעמאַנענט באַקומען אַ סומע פון 4858.76. פון דעם האָט איס די עדעלע געזעלשאַפט אַראָפּגעשענקט אַ פערטל. דאָס מאַכט אויס 2094.50, וואס יעדער פּלייסיקער פויער באַקומט פון איר אַלס מתנה (אַ שקר מוחלט)..... דאָס אַלץ באַווייזט דאָס עדלקייט פון דער יק״א, וואס וויל פאַרוואַנדלען דעם קאָמערציאַנט, דעם דריי־קאָפּ אין אַן אָרנטלעכן פויער בּאַ אונדז אין לאַנד. עס איז אַ מאָראַלישער און רעליגיעזער אינסטי־טוט מיט אַ פילאַנטראָפּישן צוועק! — האָט ער, דער פיסקאַל, אויסגע־פירט.

וויפיל ליגן ער האָט דאָן געזאָגט און וואס פאַר אַ פילאַנטראָפּן זיי זיינען, וויסן שוין די לעזער פון די פריערדיקע קאַפּיטלען.

דער „כועז״, אויסהערנדיק די „גאָלדענע״ רעדע פונ׳ם פיסקאַל — מ׳זאָגט אז אַ איד האָט זי אים אָנגעשריבן אַף „פּאַזיט״ פּאַפּיר, — האָט ער דאָן זיך דערקלערט אַלס ניט קאָמפּעטענט, ד. ה. אומפּעאַיק דעם פּראָצעס צו אַנטשיידן און האָט, במחילה, צוגע׳פּסק׳נט דער „דזשוּאיש״, אז זי קען ווייטער טון וואס זי וויל.

און אַט וואס זי האָט ־געוואָלט:

ארום זעקס אַזייגער פאַרנאַכט, אין דעם זעלבן טאָג פונ׳ם משפּט, איז אַ טעלעגראַמע מיט דער בשורה אין מאַוריציער אַדמיניסטראַציע, ווי אין אַלע קאָלאָניעס פון יק״א אָנגעקומען, אז די יק״א האָט געוואו־נען דעם משפּט.

פאַר גרויס שמחה האָט דער אַדמיניסטראַטאָר אַליין דעם „אָלאַ־סאָן״ זיינען אָנגעזאָטלט, געכאַפּט די „רעווענקע״ אין האַנט און אַוועק־געגאַלאָפּירט קיין קאַסאַרעס. לעבן רויזענצווייגס קאָנדיטאָריי האָט ער זיך מיט די הענט אין די זייטן אַוועקגעשטעלט און ארום זיך צוזאַמענגע־קליבן די טענצערס זיינע און מ׳האָט יעדן איינעם, סיי איד, סיי קריסט, די טעלעגראַמע געוויזן.

— אַזוי ווי די הינט וועל איך זיי פון דער קאָלאָניע פאַריאָגן. איך וועל זיי ווייזן ווי אַזוי בונטן צו מאַכן, זיך לאָדן מיט אונדז... יעדער פון זיי, אַפילו די קוטשערס זייערע, זאָגן אונדז...—האָט דער אדון זיך ברייט־לעך פאַר אַ יעדען ב א ר י מ ט און מיט׳ן „רעווענקע״ אין האַנט אַ פּאָכע געטאָן צום קאָלאָניסט מרדכי ווייסמאַן:

— פאקעוועט די זאכן און, היידא! מיר וועלן בא אייך צונעמען דאס לאנד מיט אלץ וואס איר פארמאגט.

— פריידע, מיר זיינען אומגליקלעך! — האט מרדכי צו זיין ווייב אין אוונט געזאגט — ער מיינט אין יד אריין, און מיר האבן גארניט!..

דאס האט ער געלאכט, דער אדמיניסטראטאר, זיך געררייצט מיט די באזיגטע, הייסט עס, און די אוריאדניק־שכינה האט אף זיין פרצוף געשיינט.

די ידיעה האט זיך צעטראגן איבער דער קאלאניע און דאס פנים פון די קעמפער איז שווארץ געווארן ווי די נאכט.

אפ'ן דריטן טאג זיינען אנגעקומען אין אדמיניסטראציע געדרוקטע ביכלעך אין שפאניש און אין אידיש. דאס איז געווען די „גאלדענע" רערע פונם פיסקאל, צוגעפראוועט מיט לעבערלעכע קאמענטארן פון דער דירעקציע. און דער אדמיניסטראטאר האט די הארציקע ביכלעך, מיט דעם רייכן אינהאלט, מיט דעם כבוד וואס דער פראקוראר האט אונדזער פאלק אפגעגעבן, באטיטלענדיק אונדז פאר שאכערניקעס, דריי־קעפ, מעקלער, סוחרים און פראצענטניקעס, פאנאנדערגעטיילט צווישן גוים און אידן.

מיט טרערן האבן די קאלאניסטן זיך געווארגן. עס איז אין דער קאנדיטעריי שיר צו הריגות געקומען צווישן זייערע קינדער מיט די שפאניער. מעסערס און רעוואלווערן האט מען איינער קעגן צווייטן געצויגן. די גוים האבן זיך מיט די ביכלעך שטארק דערפרייט: — זעט — האבן זיי געזאגט — אייערע דירעקטארן זאגן אף אייך עדות אז איר זענט שווינדלער, „כודיאס". מ'וועט אייך קיינמאל קיין פאזיטיווע קויפשיינען ניט ארויסגעבן...

איך האב דעם דירעקטאר וועגעציאני דעם זעלבן אוונט איבער דער פארטיילונג פון די שמוציקע ביכלעך א בריוו געשריבן, אז „דאס קויטיקע גרעט וואשט מען אין דער היים און ניט צווישן פרעמדע", און געבעטן ער זאל טעלעגראפירן אין אדמיניסטראציע מען זאל אויפהערן טיילן די שפאנישע ביכלעך צווישן די גוים, ווייל זיי וועלן אף אונדז אנווארפן אזא שמוץ, אז די יק"א מיט אלע אירע מיליאנען, וועלן דאס ניט קענען ריינוואשן. ער האט געפאלגט, דער עדעלער מענש, ווייל אף מארגן האט דער אדמיניסטראטאר שוין געזוכט ארייינצוציען צוריק די אנטיסעמיטישע ביכלעך. דערפאר אבער זיינען זיי באהאלטן בא יעדן קאלאניסט.

די קאָלאָניע איז ווידער אַמאָל אין אַ טעראָר אריינגעוואָרפן געוואָרן. אַ מורא האָבן די בייטענצערס פון דער אַדמיניסטראַציע אַנגעוואָרפן אַף די בעלי עברה'ניקעס און עס זיינען טאָקע געווען זייער פיל אזעלכע וואָס האָבן געזינדיקט, עובר געווען אַפ'ן יק"א קאָנטראַקט, און זיי, די חטאַ־ניקעס, האָבן זיך דערשראָקן, אין די מייזנלעכער האָבן זיי זיך פאַרשטופט. ווען זיי האָבן דערזעען דעם געלן קאַטש מיט'ן חותם J. C. A. צופאַרן צו זייער הויז, איז בא זיי דאָס בלוט אַנטרונען געוואָרן.

---

X

# דער מיליאָן

א מיליאָן פּעזאָס! — די אומגעריכטע הלואה. — די געדרוקטע קבלה. — דער אידעאַל איז געראַטעוועט און די קרעמער לעקן אַף אַ ביינדל. — קאָלאָניסטן ווערן פאַרשולדיקט און פאַר׳משכונ׳ט און ציען אין שטאָט. —

מיט אַ צעבראָכן, פאַרבלוטיקט האַרץ, האָבן די קאָלאָניסטן צוגעקוקט ווי אייניקע חברים זייערע גייען איבער אין צווייטן לאַגער, ווי די רייען פון די קעמפער ווערן שיטערער. זיי האָבן געזעען, ווי די שוואַכע נשמות שטייען צוזאַמען מיט די מענטשן־ווערעם, די קריכנדיקע נפשות אַרום דעם „עבד מלך", לעקן אים די שיך און ער שפּייט אַף זיי פון אויבן אַראָפּ, און זיי באַלעקן זיך מיט זייערע חניפה צינגער און שפּריצן מיט גיפטיקער פאַרלוימדונג אַף זייערע ברידער די קעמפער, וואָס זיינען געוואָרן באַזיגט.

און אום איינגאַנצן צו פאַרניכטן די רעוואָלוציע, אום אויסצורייסן מיט׳ן שורש די פרייהייטס אידייע, איז די אַדמיניסטראַציע אַף אַ גראַנדיעזן פּלאַן געפאַלן, וועלכער איז מיט די שענסטע פילאַנטראָפּישע פאַרבן אָפּגעמאָלט געוואָרן, מיט הוילע הומאַניטעט, חסד מיט רחמים... און אונטער די העל־ליכטיקע קאָלירן איז אַ שוואַרצער פאַרברעכן באַהאַלטן געלעגן, אַ פאַרברעכן, וועלכן די דירעקטאָרן — וואָס זיינען שטענדיק פיל ערלעכער און פיינער פון די אַדמיניסטראַטאָרן — שעמען זיך היינט דערמיט, ווען מען דערמאָנט זיי אָן דעם. בפרט אַז אָט דער פּלאַן האָט באַלד אַ מיליאָן געלט געקאָסט.

---

אַ מיליאָן פּעזאָס!

אַזוי ווי אַ דונער, זיינען די צוויי ווערטער אַראָפּגעפאַלן אין קאָלאָניע. — אַ מיליאָן פּעזאָס!

עס האָט זיך צעטראָגן אַ קול, אַז פון פּאַריז איז אָנגעקומען אַ מיליאָן פּעזאָס אַף צו צעטיילן צווישן די שטילע, אָרנטלעכע קאָלאָניסטן,

ניט די בונטאָווטשיקעס. יעדער קאָלאָניסט קען באַקומען אַ הלואה פֿון דריי טויזנט ביז צען און פֿופֿצן טויזנט. די הלואה ווערט צוגערעכנט צום פּריערדיקן חוב און צעוואַרפֿן אויף די יערלעכע ראַטעס ביז צום סוף טערמין פֿונם קאָנטראַקט. די אַדמיניסטראַציע פֿאָדערט ניט קיין שום גאַראַנטיע, אַפֿילו ניט קיין פֿאַרמאַלנעם וועקסל, נאָר בלויז אַ קבלה, אַז דער באַטרעפֿענדער קאָלאָניסט האָט אָפּגעצאָלט דער יק"א אַלע זיינע „אַטראַסאָס", ד. ה. די אַלטע הינטערשטעליקע ראַטעס מיט זייערע פּראָצענטער, און חתמ'ענען אַ געדרוקט פּאַרטיק שטיקל אַדמיניסטראַציאָנעם פּאַפּיר. ווי נאָר מען חתמ'עט, באַקומט מען די צען צי די פֿופֿצן טויזנטער אויסגעצאָלט אין מזומן...

די קאָלאָניסטן האָבן גלייך פֿאַרשטאַנען אַז עפּעס אַ ניט גוטער ליגט באַהאַלטן אונטער דעם יק"א־חסד, ווייל וואָס פּלוצלום אַזאַ באַרמהערציקייט?! ווען זיי האָבן פֿריער מיט אַ יאָר געבעטן די סומע אויף אַן אַגראַר־באַנק וואָס זאָל זיך בילדן פֿון אַקציעס, האָט זיי דער דירעקטאָר אויסגעפּייפֿט. — ווי איך האָב שוין געשריבן, — און איצט, פֿון דער העלער הויט אַרויס, נעמען יענקלען און זרח'ן און זיי אָנשטאָפּן יעדן איינעם מיט אַכט אָדער מיט צען טויזנטער...

זיי האָבן גרויס חשק געהאַט צו זען די געדרוקטע קבלות אויף וועלכע דער קאָלאָניסט דאַרף זיך אונטערשרייבן נעמענדיק די הלואה. דאָס איז אָבער אוממעגלעך געווען; די טענצערס, די ביילעקערס, וואָס זיי זיינען די ערשטע נעמערס געווען, אחוץ וואָס דער רוב זייערער איז פֿון היבשע עמי־הארצים באַשטאַנען, האָבן זיי גלאַט ניט געוואָלט אויסזאָגן און די אַדמיניסטראַציע, איז דאָך באַוואוסט, אַז זי ווייזט קיינעם ניט די דאָקומענטן וואָס אירע קאָלאָניסטן שרייבן אונטער. ווען מ'האָט אַ פּשוט'ן, אַ בעזגראַמאָטנעם, אַ פֿרעג געטאָן אויף וואָס האָט ער זיך געחתמ'עט, פֿלעגט ער אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט: עט! איך זאָל אַזוי וויסן פֿון זיי... עס טויג אויף כּפּרות...

אין אַ פּאָר טאָג צייט איז דער רעש פֿונ'ם מיליאָן איבערגעלאָפֿן. די פּריץ־אידעלאַך האָבן זיך אָפּגעבריט, אַ פּנים, און מ'האָט אויפֿגעהערט לויפֿן נאָך די אַלפֿים. דער אַדמיניסטראַטאָר איז נאָך נעבעך אַליין אַרומגעפֿאָרן און געבעטן:

— קומט, נעמט די פֿינף צי די צען טויזנט פּעזאָס...

עס האָט זיך באַלד אויפֿגעדעקט דער גאַנצער אויפֿטו מיט דעם באַ־

רימטן מיליאָן. דאָס איז געווען פשוט אַ שווינדל אויפטו פון דעם אדון מיט די ארומיקע קרעמער, וואס זיי, נאָר זיי, האָבן דערביי אַ ביינדל אַ פּעטן אָפּגעלעקט. אגב, האָט די אדמיניסטראציע געדענקט דערמיט צו באזייטיקן די טיטולאָס"-מכה, וועלכע איז געשטאַנען ווי אַ ביין אין האַלז און האָט געשטעלט אין געפאר איר ממשלה.

דאָס פּאפיר וואס דער נעמער האָט געחתמ'עט האָט מער ניט ווי פאר'משכונ'ט, פארזעצט, בא דער יק"א זיין רעכט אָפּ'ן קאמפּ. ד. ה., ער האָט אונטערגעשריבן, אז ער האָט קיין רעכט ניט צו פאָדערן דעפי־ניטיווע טיטולאָס, און ער מוז אויספאָלגן אַלע באַפעלן פון דער אדמיניס־טראַציע, סיידן ער וועט אָפּצאָלן, אין די טערמינען פון די יארן, די גייע הלוואה מיט איר פּראָצענט.

דערפאר אַליין וואָלטן די נישטיקע נשמות ניט געווען זיך אָפּגע־שטעלט צו נעמען די מזומנים; איז ניט קיין טיטולאָס, באַצאָלן מוז מען דאָך סיי ווי סיי... די צרה איז אָבער אַ פיל גרעסערע געווען: דער חשבון! דעם קאָלאָניסט איז גאָר ניט געבליבן פון דער הלוואה. ווי נאָר דער קאָ־לאָניסט האָט אונטערגעשריבן דאָס פּאפיר און געוואָלט ציילן די אלפים, איז פאר אים אַ פארטיקער חשבון צוגעגרייט געווען: ערשטנס, די יק"א, מיט אַלע הינטערשטעליקע חובות, וואס זי מאָנט מיט'ן פּראָצענט, ווי אויך אַלע אַ ל ט ע קאָמונאַלע הוצאות אראָפּגענומען כדבעי, און נאָכ־דעם די קרעמער מיט דעם מיליאָנער. זיי האָבן ארויפגעלעגט די האַנט אָפּ'ן רעשט געלט און עס צוגענומען כמעט אינגאַנצן.

דער אדמיניסטראטאר, וואס זוכט דאָך כלומרשט די טובה פון זיין קאָלאָניסט, האָט זיך שוין דאָמאָלסט אריינגעמישט צווישן דעם קאָמער־ציאַנט מיט'ן קאָלאָניסט און געזען פועל'ן באַם ערשטן ער זאָל דעם צווייטן אַ גאַנצן טויזנטער אָדער אַנדערהאַלבן צוריק געבן, געוויינלעך, אָפּ אַ שפּאָגל נייעם וועקסל, מיט אַן הבטחה אומצוקערן אים די פריערדי־קע באַצאָלטע וועקסלען, צוזאַמען מיט די „בלאַנקע" אונטערשריפטן זיי־נע, ווען ער, דער מיליאָנער, וועט צייט האָבן זיי אויפצוזוכן און זיי געפינען דאָרטן צווישן די טויזנטער אומנוציקע קאָלאָניסטישע „פּאַפּי־רען" וואס ליגן אין באַנק, ווי לפנים.

אָט מיט דעם שווינדל האָט מען אריינגעכאַפּט 64 תמימים, אומ־ווויסנדע קאָלאָניסטן. יעדער איינער באַזונדער האָט זיך אָפּגעבריט און האָט זיך געשעמט אויסצוזאָגן. מ'איז אָבער געוואויר געוואָרן און מ'האָט

אויפגעהערט צו לויפן נאכן געלט פונ׳ם מיליאן.

איצט באַרעכנט דעם חסד! נייע אכט צו צען טויזנט פעזאס איז דער קאַלאָניסט שולדיק געבליבן דער „דזשואיש". אחוץ די צען ראַטעס וואס ער דארף צאָלן, מיט׳ן פּראָצענט און קאָנטריבוציע, מיט „אַגראַ פעקואריאַ־שטייער אין באַטרעף פון טויזנט פעזאס אַ יאר, קומט צו נאָך פרישע טויזנט פעזאס צו צאָלן אַ יאר פאר דער הלואה; הייסט דאָס פּראָ־צענט. צוזאמען האָט שוין דער ארעמער צו צאָלן אַ יערלעכע ראַטע פון אן ערך 2400 פעזאס. ער איז געווארן אַ פרישער, אַ גרויסער בעל חוב, און פון וואנען אים צו צאָלן איז ניטאָ, ווייל קיין מזומן איז דאָך ניט געבליבן מען זאָל זיך קענען קויפן אַ ביסל פי, וואס זאָל זיך מערן אום צו קענען דעקן די חובות. מער ניט מ׳האָט דעם קאָמערציאַנט אָפּגעצאָלט אן אלטן נישט געשטויגענעם פארשימלטן חוב. און שולדיק געבליבן אַ שפּאָגל נייעם.

די אדמיניסטראציע האָט עס געוואוסט און עס טאקע בכיון אזוי געמאכט. ערשטנס האָט זי אַ גרויסן רח״ש בא די קרעמער קאָמערציאַנטן באקומען, און צווייטנס, זאָל דער קאָלאָניסט פארזונקען זיין אין חובות, זאָל ער קריכן אין תהום פון פּראָצענט, פון דלות, וועט זיך זייער ממשלה לענגער ציען...

די דירעקטאָרן אליין, ווער שמועסט דער עדלער ווענעציאַני, אָט דער בלוי־בלוטיקער אריסטאָקראַט, מעגלעך אז זיי האָבן דעם הלואה שווינדל ניט פארשטאַנען, מעגלעך אז זיי האָבן ערנסט געדענקט צו פאר־ריכטן דעם פריערדיקן פעלער, גערעכנט צו פארבעסערן דעם מאַטעריעלן מצב און טאקע אין איין וועגס פארזיכערן דעם אידעאַל... זאָלן אידן ניט ארויסנעמען זייערע קויפשיינען אפ׳ן לאַנד און ניט קענען עס אזוי גיך פארקויפן... מעגלעך. אָבער געשעען איז דער היפוך. דער רעזולטאַט איז זייער און זייער/ אַ ביטערער געווען. די אַלע וואס האָבן פונ׳ם מיליאָן דאַמאָלסט גענאָסן, זיינען פארגיפט געווארן. דאָס גאנצע געלט זיינען זיי שולדיק געבליבן דער יק״א, און זי צווינגט זיי איצט דורכ׳ן געריכט, זי מאכט עקזעקוציעס, עמבארגאָס, הוצאות אף אדוואָקאַטן מיט פאָליציי, אויפצומאָנען אירע פופצן און אכצן טויזנטער, וואס די צייט, מיט׳ן פּראָ־צענט און פּראָצענט פונ׳ם פּראָצענט האָט אָנגעזאמלט. און דער אָרעמער שעפּס האָט קיין אַנדער ברירה ניט ווי נאָר אָפּצוגעבן זיין פעל. ד. ה.

פארקויפן זיין לאנד, זיין חיות, זיין נשמה און באצאלן איר דעם חוב. מירן זיך נאך שפעטער אומקערן צו דעם.

דערווייל האט זיך אפגערעש'ט א שטיקל צייט מיט'ן מיליאן. ביידע צדדים האבן זיך שרעקלעך גענארט. אי די געבער אי די נעמער האבן זיך באלד ארומגעקוקט און האבן געקריצט מיט די ציין פאר פארדרוס.

א טייל פון די נעמער, די אומגליקלעכע קאלאניסטן וואס האבן גע־זען אז דער פעלץ איז כמעט שוין אף אייביק פארקוואסעט, אז דער חוב מיט'ן פראצענט וועט שוין אויפעסן דאס פעלד, האבן גאר מורד געווען אין דער גאנצער אידייע, האבן צונויפגעשארט וואו א סענט געלט און זיך געקויפט שטיבער אין קאסארעס און זיך דארט באזעצט.

די דירעקטארן זיינען אויפגעצונדן געווארן: סטייטש, פאר אונדזער געלט קויפן זיי הייזער! אזא סקאנדאל! און האבן אויסגעגאסן דעם צארן אף דער גאנצער קאלאניע.

זיי האבן גלייך אפגעהאלטן א בעראטונג מיט זייערע אדוואקאטן, גוט אויסגעשטודירט די פונקטן פון דער „פראמעסא דע ווענטא“ און מ'האט צו מזל געפונען ד א ס א ר ט י ק ע ל ע א כ ט. און איבער א נייעם איז א טעראר אף דער קאלאניע אנגעפאלן.

---

XI

# דער ארטיקל אַכט פונ'ם קאָנטראַקט

אַרטיקל אַכט. — די גויאישע ארענדאַטאָרס פון די אידישע פעלדער ווילן חלק. — איך פאר מיט ב. ראַבינאָוויטש אין אַ שליחות צו די דירעקטאָרן. — ווי צו די באַזיגטע. — דער קאַזיאַנע ענטפער. — ווידער אין געריכט. — מיין בראשור „חלוצים הראשונים“. — אַמעריקאַנער אידישע געזעלשאַפט וויל שיקן אַ קאָמיסיע בראש מיט דר. זשיטלאָווסקי. —

סוף דעצעמבער 1910 איז ארויס אַ אוקאַז פון קאַזשאַאָ 216, אז אַלע בעלי עבירה'ניקעס, די קאָלאָניסטן וואס האָבן עובר געווען אַפ'ן יק"א־קאָנטראַקט, היינו, די וואס האָבן פארדונגען אפילו אַ קליין שטיקל פון זייער פעלד, וואס וואוינען אין שטאָט, וואס די אדמיניסטראַציע געפינט זיי זיי פאָלגן ניט נאָך אירע פאָדערונגען, די אלע האָבן צייט ביז צום 31־טן מערץ 1911 אָפצונעמען די פארדונגענע פעלדער, אריינציען זיך צוריק אין קאָלאָניע און אויספאָלגן דער אַדמיניסטראַציע. נאָך דעם באַשטימטן טערמין, וועט די געזעלשאַפט זיך רעכענען מיט די זינדער נאָכ'ן ארטיקל אַכט פון דער „פראָמעסא דע ווענטאַ“ און פאָדערן געריכטלעך די „רעסיסיאָן“, פארניכטונג פונ'ם קאָנטראַקט.

אָט איז דער אָריגינאַל פונ'ם אוקאַז אין שפאניש:

*J. C. A. Callao 216*

*Buenos Aires, Diciembre 26 de 1910*

*Sr...*

*Nos consta que, a pesar de las cláusulas del contrato de promesa de venta, firmado con ésta Asociación, Vd. arrienda el campo que figura en su contrato.*

*En vista de ésto dámosle un plazo hasta el 31 de Marzo próximo para ponerse en regla con el Artículo No. 7. Si pasada ésta fecha no ha dado Vd. cumplimiento á lo que prescribe dicho Artículo, nos veremos en la obligación de exigir la aplicación del Art. No. 8 referente á la rescición de contrato.*

*Dirección General*
*Moss. Veneziani*

(איבערזעצונג)

יק"אַ, קאָזשאַאַ 216

בוענאָס איירעס, 26־טער דעצעמבער פון 1910.

הערר........... קאָל. מאוריציאַ.

עס איז אונז באַקאַנט, אז ניט אַכטענדיק אַף די פּונקטן פונ'ם קאָנטראַקט מיט פאַרקויף פאַרשפּרעכן, וואָס איר האָט אָפּגעשלאָסן מיט דער געזעלשאַפט, פאַרדינגט איר דאָס פעלד אַף וועלכן דער קאָנטראַקט באַציט זיך.

אין אָנבאַטראַכט דערפון, גיבן מיר אייך אַ טערמין ביז צום קומענדיקן 31־טן מערץ, זיך צו שטעלן אין אָנקלאַנג מיט'ן 7־טן פּונקט. ווען דער דאַטום וועט פאַריבער און איר וועט ניט דערפילן דאָס, וואָס דער אָנגערופענער פּונקט שרייבט פאָר, וועלן מיר זיך געפינען געצוואונגען צו פאָדערן די אָנווענדונג פונ'ם פּונקט אכט וועגן ביטול פונ'ם קאָנטראַקט.

די הויפּט דירעקציע.

מאָסס — ווענעציאַני

ווי אַ דינאַמיט באָמבע איז דער אוקאַז אריינגעפאלן אין קאָלאָניע. די זינדיקע האָבן אויפגעציטערט. און ווער איז עס עפּעס אינגאַנצן ריין פון זינד? אפילו אַ פּעאָן אז מ'האַלט באַ דער ארבעט, איז דאָך אויך נאָכ'ן קאָנטראַקט נאָך אַ חטא! אַזעלכע חטאים און פּשעים וואָס פאַר יעדן פון זיי קען די אַדמיניסטראַציע אַנולירן דעם קאָנטראַקט, לויט דעם פּונקט 8 און במחילה ארויסשמייסן פון דער קאָלאָניע, זיינען געווען גענוג.

יעדער איינער האָט זיך ארומגעטראָגן מיט דעם געדרוקטן אוקאַז און די ציינער אין מויל האָבן זיך געטרייסלט פאַר שרעק. „רעסיסיאָן" פונ'ם קאָנטראַקט! — האָבן די קאָלאָניסטן צווישן זיך מיט פּחד גערעט, — עס איז ניט קיין קלייניקייט. זיי, די רשעים, זיינען קאַפּאַבל אַף אַלץ, זיי ווילן פּשוט צונעמען די ערד!.. דער טעראָר איז שרעקלעך געווען. מ'זאָגט, די היסטאָריע ווידערהאָלט זיך. ס'איז גאַנץ ריכטיק. פּונקט ווי אין ערשטן מצרים, אזוי זיינען די איבערגעשראָקענע קאָלאָניסטן באַפאַלן די קעמפער, מיט דער גערעכטער טענה: למה הרעות לעם הזה? וואָס האָט איר פון אונדז געוואָלט מיט דער פרייהייט? איר האָט נאָר אין צאָרן אריינגעבראַכט אונדזערע הערשער און באַפרייען האָט איר אונדז ניט באַפרייט!..

אייניקע טעראָריזירטע האָבן באַלד תשובה געטאָן, האָבן זיך צוריק

אין קאַלאָניע אַריינגעקליבן. ישראל ראַגאַוו און ל. ר. האָבן זייערע גויים די אַרענדאַטאָרס פון זייער פעלד, צו 2500 פּעזאָס אַוועקגעשאַנקען, האָבן זיך פאַרזעצט, פאַר'משכונ'ט, אַבי פּטור ווערן פון דעם גוי און האָבן צוריק באַקומען דאָס פעלד.

די גויים זיינען אָבער באַלד קלוגער געוואָרן. זיי האָבן קיין געלט ניט געוואָלט נעמען, זיי האָבן פאַרלאַנגט ניט מער ווי אַ האַלבע טשאַקרע, אָדער כאָטש אַ דריטל זאָל זיי דער קאָלאָניסט אָפּשרייבן באַם נאָטאַריוס. און אז ניט, גייען זיי ניט אַרונטער פונ'ם פעלד און די יק"א וועט דאָס גאַנצע לאַנד צונעמען. די אַדמיניסטראַציע זאָגט דאָך אַזוי...

עס איז געוואָרן נאָך ערגער פון שלעכט. וואָס טוט מען? אין געריכט האָבן מיר פאַרשפּילט, די אַרענדאַטאָרס ווילן אונדז שרעקלעך עקספּלאָטירן. — אַ ביטערע גזרה! — האָבן די אַמאָליקע דאָרפס אידן געקלאָגט. — נאָך ערגער ווי איגנאַטיעווס גזרה.

---

לעבן „גראַן פּאָמאַ", אַ קלייט אין קאַסאַרעס, האָב איך אַ בינטל קאָלאָניסטן געטראָפן שטיין. — די סצענע איז איינגעשניטן אין מיין זכרון.

— אַלע פאַריאָמערט, בייז, און באַשולדיקן איינער דעם צווייטן.

— ארורים הרשעים! — זאָגט מעכעלע רימספּי. — ווען ניט זיי, די אדונים, מיט זייער שלעכטן גרופּע־פּלאַן, וואָלט קיינער פון אונדז ניט געווען אַריינגעצויגן אין שטאָט.

— וואָס האָב איך פון דער שטאָט? — זיפצט זיך אָפּ דער אַלטער חיים פונ'ם אינזל, — מענטשן! געזעלשאַפט! בין איך דען בעסער געוואָרן פון זיי? כ'לעבן, ערגער... אַ שטיקל ברויט אַ גרינעם, צי אַ טעפּל זויער מילך, ווער גיט דען אין שטאָט?

— אַ גאַנצער שאַפּענהויער איז ער, דער אַלטער. — טראַכט איך אין זיך, אַ איד פון אַ מיל און פילט און זאָגט דאָס זעלבע וואָס דער גרויסער געלערנטער פעסימיסט: וואָס מער איך קום צווישן מענטשן, אַלץ אַ קלענערער מענטש קום איך צוריק"...

— ווער' האָט אייך געגויט אַרויסצוציען אין שטאָט? — פרעגט אים דער קלוגער יאָסל פּוסטילניק — אַז איר דאַרפט ניט קיין געזעלשאַפט?

— אַ דאָרף האָב איך באַדאַרפט, אַ אידישן דאָרף, און ניט קיין אינזל און ניט קיין שטאָט...

מ'רעט איבער די פעלדער פון דער קאָלאָניזאַציע, דאָס רעדל מענטשן

לעבן „גראַן פּאַמאַ" ווערט וואָס אַמאָל גרעסער, עס קומען אונטער די שפּיאָנען פון דער אַדמיניסטראַציע, מ'לעגט צו אַן אויער. ס'ווערט באַלד אַ קריג, דער קאָמיסאַר קומט אונטער און בעט מיט גוטן מען זאָל זיך פאַנאַנדערגיין.

אין אָוונט קומען זיך צוזאַמען אַלע קאָלאָניסטן וואָס וואוינען אין שטאָט, און מ'באַשטימט צו שיקן צוויי מענטשן צו דער דירעקציע אין בוענאָס איירעס בעטן אַ לענגערן טערמין אָפּ אָפּצונעמען די פעלדער פון די אַרענדאַטאָרס, כאָטש ביז מערץ 1912, וואָס דאַן ענדיקן זיך כמעט אַלע אַרענדע־קאָנטראַקטן, בכדי מ'זאָל ניט דאַרפן אַוועקגעבן די גויים אַזעלכע שווערע סומעס געלד.

דער גורל פאַלט ווידער אויף מיר מיט בערל ראַבינאָוויטש, אַז מיר זאָלן צופאָרן.

עס האָט ניט געהאָלפן אונדזער בעטן זיך ביי די אָנגעשראָקענע קאָלאָניסטן, אַז ס'איז אומזיסט אונדזער פאָרן, אַז מיר'ן גאָר ניט פועל'ן. מיר האָבן געמוזט צו זיי פאָרן.

---

קאַלט און שטרענג האָבן אונדז די הערן אויף די דירעקטאָר שטולן עמפּאַנגען. אָפּצוציען, פאַרלענגערן דעם טערמין פון דער גזרה, האָבן זיי ניט געוואָלט. זיי האָבן זיך אויסגעלאַכט פון אונדז.

— „ווייי צו די באַזיגטע" — זאָגט מיר אין דער שטיל מיין חבר.

— ווער האָט אייך געגעבן דאָס רעכט צו פאַרדינגען דאָס לאַנד? — פרעגט בייז דער דירעקטאָר מאַסס.

— רעכט? איז דען דאָס לאַנד ניט מיינס? — ענטפערט אים מיין חבר אויך בייז — האָב איך דען קיין רעכט ניט צו לעבן פון מיין 20 יע־ריקער אַרבעט? באַ אייך אַ דינער, דער שווייצאַר, ווען ער אַרבעט אָפּ צען יאָר, ווערט ער פּענסיאָנירט, און איך, אַ קאָלאָניסט, זאָל ניט האָבן קיין רעכט צו לעבן פון מיין האַרעוואַניע, פון מיין לאַנד?

— אייער לאַנד? — ענטפערט דער הער ווענעציאַני מיט שפּאָט, — ס'איז אייערס? אייערס? — און אַ חוזק שמייכל דרייט אים די דינע ליפּן

— איר זעט דעם בלייפעדער? — ווייזט ער אַ רויטן בליישטיפט און קלאַפּט מיט אים אין דער דאַלאָניע פון זיין לינקער האַנט — קוקט, ס'איז אייערער? איר הערט! דאָס לאַנד איז אונדזערס, אונדזערס איז דאָס לאַנד! אַז איר ווילט ניט פאָלגן אַלע אונדזערע באַפעלן, זענט איר פריי,

איר קענט זיך גיין, ווי עס שרייבט פאר דער ארטיקל 8... און ער ווענדט זיין בליק צו מיר און מיט היץ ווארפט ער מיר צו א שפאט:

— וואס זאגט איר, סעניאר אלפערסאן, איר שווייגט?

דאס גאנצע בלוט, האב איך געפילט, האט מיר ארייגעשפארט אין קאפ, נאר איך האב מיך באהערשט, און אים מיט א שפאטישן געלעכטער געענטפערט:

— מעגלעך, אז מיט דער זעלבער האנט וואס איר האלט דעם בליי־פעדער וועט איר אונדז איינגיכן די טיטולאס אונטערשרייבן, הער וועניציאני...

דער שמייכל איז אים פארשוואונדן פונ׳ם פנים און אין אן ערנסטן טאן גיט ער מיך א פרעג:

— וואס־זשע, איר ווילט זיך ווייטער לאדן?

— איר ברייננגט אונדז דערצו, סעניאר; אז נאך צוואנציק יאר זאגט איר, אז דאס לאנד איז אייערס, קענט איר דאך נאך 30 יאר צייט אויך דאס אייגענע זאגן...

ער האט זיך אף א רגע פארטראכט און אנגעהויבן ריידן צום די־רעקטאר מאסס אף פראנצויזיש.

— איר זענט באפאלמעכטיקט פון דער קאלאניע צו ריידן אין זייער נאמען? — פאלט אף א שכל דער הער מאסס — איר זענט דאך ניט פון דער קאמיסיאן, פון די דעלעגאטן!..

— מ׳האט אונדז געשיקט — ענטפערט מיין חבר — מיר ווילן פאר־מיידן אייך און אונדז צו זיין א מוסר ממון בידי גויים... ווייל סיי לאדן זיך מיט אייך און סיי פאלגן אייך און אראפטרייבן די ארענדאטארס פונ׳ם לאנד, דארפן די גויים א סאך אידיש געלט פארשלינגען... די קא־לאניע וועט נאך מער פאראָרימט ווערן... פארשטויסט אונדז ניט פון זיך!

— גיט ער א ברום פונ׳ם טיפן הארצן ארויס, — מיר זיינען אלע אידן... מיר ווילן שלום! מיר ווילן דעם קיום פון דער קאלאניזאציע.

עס איז שטיל געווארן אין דער ביורא. אלע פיר האבן מיר שווייגנ־דיק געטראכט. עס איז ניכר געווען אין דער מינע בא די דירעקטארן אפ׳ן פנים, אז א מלחמה צווישן ביוראקראט און מענטש קומט אין זיי פאר און ביידע גלייך האבן געענטפערט דעם שטענדיקן געוויסן ענטפער: פא־ריז! מיר׳ן שרייבן...

מיר זיינען אהיימגעקומען און איבערגעגעבן דעם באנאלן ענטפער אונדזערע שיקערס.

אראלפא רייצין האט געזאגט: ס'איז א רוסישער קאנצעליאריע ענט־פער, „טאם! נאטשאלסטווא ראזבעריאט!" מיר האבן ניט וואס צו וואַרטן, מ'דארף זיך ווענדן צו די אדוואקאטן נאך אמאל. און אייניקע האבן גע־דרונגען, אז מ'זאל שיקן די קאמיסיאן־דעלעגאטן אפיציעל צו די דירעק־טארן און נאכאמאל בעטן אף שלום.

---

עס איז ווידער צעריסן געווארן דאס אחדות. צוויי פארטייען האבן זיך געבילדעט: מתונים און קנאים, אדער ווי מ'זאגט עס איצט: פאצי־פיסטן און מלחמה אנהענגער.

די לעצטע האבן זיך געווענדט נאכאמאל צום יונגן אדוואקאט ני־סענזאן. ער האט געענטפערט, אז דער דאקטאר פ א ז האט דעם פראָ־צעס פון קוויטעל מיט סענאל פארשפילט, ווייל ער איז געגאנגען צום ציוויל געריכט און איצט האבן אדוואקאטן אף א בעראטונג בצאשטימט, אז דער ענין קויפשיינען געהערט צום קאמערץ־געריכט. די יק"א — שרייבט ער — נעמט פראצענט, מאכט עמבארגאס, איז זי א קאמער־ציעלע געזעלשאפט, ניט קיין ציווילע און ניט קיין פילאנטראפישע. דער בארימטער אדוואקאט דר. מעלא נעמט זיך אונטער ארויסצובאקומען איי־ערע קויפשיינען, שיקט פולמאכטן אף זיין נאמען...

די קאלאניסטן האבן צווישן זיך געקריגט. די פאציפיסטן האבן זיך ניט געוואלט לאדן און האבן זיך געלאזט בעסער טעראריזירן פון דער אדמיניסטראציע. זיי האבן זיך פשוט פאראומגליקט, זיינען אריינגעקראכן צו מלוה'ס, צו ביינק, צו קאמערציאנטן, אבי נאכצוקומען דעם באפעל פון דער יק"א.

די קריגער האבען פראטעסטירט. האבן געשריבן אין דער „פאלקס שטימע" גאנצע ארטיקלען, אויך אין דער ציוניסטישער אויסגאבע „די אידישע האפנונג", און זיי געראטן אז זיי זאלן זיך ניט פארמשכונ'ען, ניט פאראומגליקן; זיי האבן אויפגעהויבן א וויי־געשריי אף דער גאנצער וועלט. א בראשורע „חלוצים הראשונים" האב איך דאן אנגעשריבן און פאנאנדערגעשיקט. די גאנצע אידישע פרעסע האט אונדזער וויי־געשריי אויפגעכאפט און די בראשורע איבערגעדרוקט. אונדזערע ברידער אין נארד אמעריקע האבן דערהערט. מ'האט דארט א פארזאמלונג פאררופן און ס'האט זיך פראיעקטירט צו שיקן א דעלעגאציע מיט דר. זשיטלאווסקי אין דער שפיץ, אום צו זעען וואס ס'טוט זיך מיט אונדז אין ארגענטינע.

הלואי וואָלטן זיי געווען געקומען, וואלטן זיי געווים דעם חורבן מאוריציאַ און אפשר אויך די רואינע פון דער גאַנצער קאָלאָניזאַציע, געווען פארהינדערט! ס'איז אָבער ניטאָ דער מזל, דער אומגליק האָט געוואָלט אַז...

איך גאַראַנטיר ניט פאַר'ן אמת פון דער זאַך, נאָר מ'זאָגט, אַז די אַדמיניסטראַציע האָט די זאַך פאַרכאַפט. געהאָלפן האָט איר דער ענטרעריאָסער פאריין „פאָנדאָ קאָמונאַל", וואס ער איז איר אַ גרויסער בעל חוב געווען, אַ מיליאָן מיט זיבן הונדערט טויזנט פעזאָס איז ער דער יק"א שולדיג געווען, און געמוזט טאַנצן נאָך איר פייפל. דורך די פאַרשטייער פון דעם „פאָנדאָ קאָמונאַל" האָט זי קיין אַמעריקע געשריבן, אַז דאָס אַנאָנימע ביכל „חלוצים הראשונים" איז גאָר ניט פון מאוריציער קאָלאָניסטן און די גאַנצע זאַך איז גאָר ניט אַזוי געפערלעך...

און ווי ליידן נעבעך דאָרט די קאָלאָניסטן פאַר זייער שענדלעכן טאָט! אין 1917 שניידט באַ זיי די יק"א די פעלדער, נעמט אַוועק באַ איינציקע צוואַנציק יעריקע קאָלאָניסטן אַ האַלב און אָפטמאָל אינגאַנצן דאָס לאַנד. טרערן פון זקנים, פרויען און קינדער, פאַלן אין דער שטיל, פליסן אין די „אַררּאָזשאָס", אין די טייכלעך פון ענטרע ריאָס... — מילא, וואס קען מען מאַכן? מיט כשר'ע קהל'ס לייט איז ניט נאָר דאָס אידישע פאָלק אליין געשטראָפט! — איך וויל נאָר דערציילן דעם סוף פונ'ם יק"א־אוקאַז. ס'האָט זיך אָפגעטומלט אַ יאר, און ס'האָט זיך אָנגערוקט דער 31־טער מערץ פון דעם יאר 1911, דער לעצטער טערמין וואס די יק"א האָט שריפטלעך געגעבן.

ס'איז געווען פונקט אין אַ שבת טאָג, אַ פינצטערער שבת איז דאַמאָלסט געווען.

איך בין אַ בעלן אים צו באַשרייבן.

---

XII

# דער שוואַרצער שבת

ס'איז אָנגעקומען דער חודש תּשרי, אַט אַ דער פריילעכער חודש, דער חשוב'סטער, דער ליבסטער פון אַלע צוועלף מאָנאַטן פון אַ גאַנץ יאָר, אונדזער יום־טוב־חודש, דער חג האָסיף אין קאָלאָניע.

דאָס ברויט פון פעלד, דער ווייץ, דער קאָרן און דער ליאָן, זיינען שוין אין שייער אריינגעפירט געוואָרן. דער לחם לאכול ובגד ללבוש האָט שוין די מאַמע ערד פאַרזאָרגט. איצט נעמט מען זיך צונויפזאַמלען די נאָשערייען, די זיסע מתנות פון די ביימער, מיט וועלכע זי האָט אונדז באַגליקט. אויך דער קלימאַט איז אינ'ם דאָזיקן חודש זיס, מילד און ווייך, די גרויסע היצן זיינען אַוועק. די זון שיינט, וואַרעמט, פויגעלעך זינגען פונקט ווי אין פרילינג.

דער הימל, אַ בלויער און טיפער קוקט אַראָפּ אויף די ווייס געקאַלכטע שטיבלעך, אויף די „פּאַרוועס" (סטויגן) ברויט, וואָס שטייען מיט אַזוי פיל חן, אַז ס'גלוסט זיך נאָר זינגען און טאַנצן, וואו נאָר דו קוקסט אין פעלד, אין גאָרטן, אין סאָד, זעסטו און פילסט גאָטס ברכה.

עס שטייען זיך די גראָב בייכיקע פייגנבוימער, באַלאָדן מיט זייער צייטיקער זיסער פרוכט, האַלטן אָפּן די רויטע מיילעכלעך, פון וועלכע עס טריפט דער האָניק און בעטן זיך ממש רחמים: נעמט אונדז אַראָפּ פון בוים. געזונטע ראָזעווע מיידלעך טוען עס, און זינגען דערביי אַזוי זיס, ווי די זיסע זאַפט פון דער פרי, וואָס רינט זיי איבער די הענט, בחורים קלעטערן העכער, קריכן העכער, קלעטערן אויף די הויכע עפּלבוימער און באַרנבוימער, זאַמלען די פירות און שיקן אַראָפּ צוזאַמען מיט די פירות, גליענדע בליקן און הייסע לופט־קושן צו די פלאַמענדיקע סעניאָריטאַס און דאָס לעבן שפּינט זיך זיין אייביק'ן געוועב...

דער אַלטער זיידע, דער פרומער, האַלט אַ ניי קוישעלע אין האַנט, גייט אום צווישן די ווינשטאָקן, קלויבט אַ טרויב צו אַ טרויב. די פולסטע,

די שענסטע וויינטרויבן זוכט ער אויס, ווארפט זיי אינ'ם קוישל און די אַלטע ליפּן זיינע שעפּטשען דערביי: כשר לפּסח. און אַפּטמאָל זינגט ער זיך צו אין דער שטיל ניסי בעלזער'ס „ארבע כוסות כבמחזה".

די מוטער, א דיקע מיטעלע פרוי, מיט א זאטן פּנים און אן אָפּגעשיילטע הויט פון די זומערדיקע היצן, דרייט זיך אום אין „פּאטיע", שעפּט תענוג פון איר אייגענעם פּראָדוקט, פון די עופות, וואס זיינען איר דאָס יאר זייער געראטן: גענז, קאטשקעס, הינדיקעס, הינער. זי ציילט זיי, ציילט און ציילט און קען נעבעך קיינמאָל ניט ארוים מיט'ן חשבון.

—הערשל! — גיט זי א בעט דעם מאַן, — אפשר וואלסטו מיר געהאָלפן א צייל טאָן די עופות?

הערשל גיט א צופרידענעם שמייכל און גייט זיך אוועק אין „סענאַדאָ" אריין — אויב ציילן — טראַכט ער — איז שוין גלייכער די הייעריקע קעלבער און לעמער א צייל טון. ער שפּאַצירט אום צווישן די בהמות, ציילט, באטראַכט די יונגע קי מיט די ווייסע אייטערס, די פעט פארגאָסענע זויג־קעלבער, דערזעט זיינע ליבלינגען, די פערד, וואס פּאַשען זיך איצט פריי און גלאַנצן פאר פעטקייט; ער גיט א רעד צו זיי, שטרעקט אוים די האַנט און וויל אָננעמען איינעם פון זיי. זיי הויבן אויף די קעפּ פון דער פּאשע, קוקן אן זייער באַלעבאָס, דערקענען אים א פּנים, הירזשען זיך פריילעך אוים און צעבריקעווען זיך אין א ראָד ארום אים.

— איי שקצים! איר הוליעט? הוליעט, הוליעט, ס'איז אייער חודש, אייער וואקאַנץ, אָט באלד נעמען מיר זיך אַקערן אַף ווייץ... ער קריכט אריבער דעם פּלויט, פּארקערעוועט זיך לינקס, באטראַכט די שוין באלד פארטיקע קוקורוזע; ווייסע, געלע, רויטע, קופּער, זילבער און גאָלד. ער טאַפּט ארום א „טשאַלע", א שטעקען קוקורוזע; אך! פיר קאַטשאַנעס אַף איינעם!.. דאָס הארץ ווערט אים אָנגעפילט מיט פרייד, און מיט געציילטע טריט שפּאַצירט ער זיך אזוי ביז צום וואלד — זיין וואלד, וואס זיינע הענט אליין האָבן צוריק מיט אכצן יאר פארפלאַנצט. ער באַקוקט אים, דעם וואלד, ווי ער שטייט זיך איצט שטיל באַגאָסן מיט זונען שיין און איז עפּעס ווי פארטראַכט. אייניקע ווייסע און אויך געלע בלעטער שעמערירן שוין ביי אים אין זיין גרינעם קאָפּ.

— זאָרג ניט, אלטער! — גיט זיך הירשל א זאָג אין דער הויך — אויך באַ מיר אין קאָפּ און באָרד זיינען זיי געקומען, די ווייסע־חברה'ניי־

קעס... לאך זיך אוים פון זייער טאטן, מיר זיינען נאך שטארק... ער צע־לאכט זיך אליין פון דעם וויץ, לעגט זיך אנידער אונטער א בוים, צע־שפרייט זיך די פיס בהרחבה'דיג און מיט די הענט טאפט ער די ערד:

— מוטערל מיינס! שפייזערן מיינע! איך האב דיך ליב!

אפ'ן געדאנק קומט אים זיין ברודער יאסל, דער קרעמער. ער צע־לאכט זיך אפ'ן קול: איי, ברודער, איי ברודער! דו האסט געלט, א קראם שמאטעס! אנו, ווען די קראם ברייגנגט דיר ניט אריין כאטש איינע אכט טאג וואס צו פיסקעווען? נעם, ברודער, דיינע שמאטעס, פרעם דיינע באנק דעפאזיטן!.. פאר וואס־זשע ליגן זיי טאקע דארט אין שטאט, ווער־גן זיך אין די עטאזשן, כאפן אוים איינער באם צווייטן דאס ביסל לופט? ארימע קרעמער!..

הערשל טראכט. מילא, זאל ער טראכטן. ניט אלע קאלאניסטן טראכטן דאך. בכלל האט דער פעלד מענטש פיינט דאס טראכטן. ווער שמועסט אונדזער דארפישע יוגנט! זי האט אודאי און אודאי דאס ניט ליב. זי, אונדזער יוגנט, שעפט דאס לעבן מיט פולע זשמעניעס ווען ס'קומט דער יום טוב־חודש, דער זיסער מערץ. אלע טענץ, אלע חתונות ווערן אין דעם חודש געפראוועט. ס'איז ששון ושמחה אינ'ם גאנצן דארף, מיט עמער שעפט מען די פרייד...

און אט אין דעם זיסן, פריילעכן חודש, אינ'ם ערשטן שבת פון חודש מערץ, האט זיך דער יק"א־אדמיניסטראציע פארגלוסט צו פארביטערן, פארפינסטערן און צעשטערן די שמחה. א שווארצער שבת איז דאן גע־ווארן. און ער איז דאך פריער אזוי ווייס, אזוי לויטער געווען!

מ'ווייסט עס אפ געווים, אז דער שיינער ספעקטאקל איז אירער, דער אדמיניסטראציעס אן אייגענער געווען. די שפיאנען־כוליגאנעס האבן עס אפ אירן א וואונק געמאכט.

א שטיק פינף און צוואנציק האבן זיי זיך אין דעם דאזיקן שבת צוזאמענגענומען. אייניקע אפ פערד, אנדערע צופוס, זיינען זיי אפ די פעלדער פון די בונטאוושיקעס, די כלומרשטע רעוואלוציאנערן ארויף, און אנגעהויבן מעסטן דאס לאנד, אויסשרייענדיק דערביי: „אט באלד, באלד קומט דער 31־טער מערץ, דער לעצטער טערמין, רעסיסיאן דעל קאנטראטא, איר אלטע ווערט ארויסגעשמיסן, דאס לאנד האט די אד־מיניסטראציע צו אונדז פארטיילט... „ביז דעם דאזיקן שטעגל געהערט צו דיר — שרייט אוים איין גרינער צום צווייטן — און פון דאנען און ווייטער איז מיינס"...

— נו, און דעם וואלד, מערזאוועץ, דיר איננאנצן אפגעבן? הערשל'ס וואלד וויל ער איינשלינגען איינער אליין! ס'איז א שלל, א פארמעגן!..

— אף פירן לאמיר אים צעטיילן, חברה, — פסק'נט איינער, א פערד־גנב פון דער היים.

דער ערלעכער שמיד פעסי בולמעס, וואס וואוינט יארן בא הערשלען אף דער „קינטע", כאפט א פרענט אייזן און לויפט זיך שלאגן: — רוצ־חים, גנבים! — שרייט־ער, און די אויגן ווערן אים פארגאסן מיט בלוט און טרערן — די פאמיליע האט דארויף געארבעט מער ווי צוואנציק יאר! איר קומט זיך טיילן?

עס ווערט א געשלעג.

מ'קען זיך גאר ניט פארשטעלן דעם פארדרוס און די שרעק פון די אלטע פיאנערן, ווען זיי האבן דערזען די בוליגאנעס מיט דעם געשלעג אף זייערע פעלדער.

א שווארצער שבת איז דאס געווען, וואס די אדמיניסטראציע האט פארטראכט אף אנצושרעקן און אנצולערנען די קריגער.

אין דעם שבת צו נאכט איז מען זיך צוזאמענגעפארן און מיט איין דעה האבן אלע באשטימט: לאדן זיך מיט די אדונים! אהער אדער אהין, עבדות אדער חרות, קנעכטשאפט אדער פרייהייט!..

אין דריי טעג ארום האט שוין דער פריער דערמאנטער אדוואקאט, דר. לעאפאלדא מעלא, דעם נייעם פראצעס וועגן די קויפשיינען פאר־פירט אינ'ם קאמערציעלן געריכט.

---

XIII

# מאוריציאַ און קעשענע באַ די שפּעקולאַנטן

דאָס קאַפע הויז „פּאַוליסטאַ". — די בוענאָס אײַרעסער מנחם מענדלס שניידן שוין מאוריציאַ אַף חלקים. — פּלענער און גליקן. — די אַדמיניסטראַציע שווייגט ניט. — „די ערד איז ניט זייערע". — ווערמאַנט אַף דער זײַט פון דער יק"אַ. —

אין דער רעזידענץ שטאָט בוענאָס אײַרעס אַף דער גאַס סאַן מאַר־טין אין די נומערן פון ערשטן הונדערט, שטייט דאָס באַוואוסטע קאַפע־הויז „פּאַוליסטאַ". טאָג און נאַכט ווערט די עלעקטריק דאָרט ניט אויסגעלאָשן; די גרויסע טירן שטייען שטענדיק אָפן און טויזנטער מענטשן זעט מען אריין און ארויסגיין. די גרעסטע סוחרים, שפּעקוליאַנטן פון הייזער און לענדער, מעקלערס מיט א שם, זיינען דאָרט ארום די טישלעך באַזעצט. שווינדלער, מיט פאַלשע פּלאַנען פון גיטער, פון פעל־דער, פון איינגעאָרדנטע ווירטשאַפטן, וואָס עקזיסטירן נאָר אַפ'ן פּאַפּיר, זיינען דאָ, אין יענער צייט פון באָדן־פיבער, באַ די פּאָלירטע טישלעך גע־זעסן און מ'האָט פארשאַכערט די וועלט, אַף גרעסערע און קלענערע חלקים צעשניטן און צעטיילט גאַנצע ערד און זי פארקויפט און איבער־געגעבן ווי א שטיקל סחורה מיד ליד...

אַף די טישלעך און אין בוזים־קעשענע באַם מעקלער האָט מען גע־קענט זעען פּלענער מיט צוקונפטיקע שטעט און קאָלאָניעס, מיט פאַר־טיקע שיינע בולוואַרן, פּלאַסעס און צוקונפטיקע באַנען וואָס קרייצן דורך אויסגעמאָלטע פּראַכטפולע קאָלאָניעס און פירן די פּראָדוקטן זייערע צו די האַפנס פונ'ם ים; פון די ווייטע פעלדער אין דער טשאַקאָ, ביז די זאַמדיקע „מעדאַנאָס", די בערגלעך פון דער פּאַמפּאַ, די מינעראַלן פון די אַנדן־בערג, די גאָלד מינען, די נאַפט־קוועלן פון טשובוט, אפילו דאָס קאַלטע דרום־ווייטע פייערלאַנד ביז צום פּאָליוס, די אור־וועלדער פון בראַזיל און פּאַראַגוואַי; אַלץ איז צעשניטן און פּלאַנירט געוואָרן.

שפעקולאַנטן צאָלן אַפּ שווערע געלט פאַר בלויז אַנאָנסן, פאַר רעק־לאַמע אין די צייטונגען. מ׳מאַכט ליציטאַציעס, ריכטיקע און פאַלשע, מיט אומזיסטיקע באַנען, מיט מוזיק פירט מען טויזנטער מענטשן אַפ׳ן ליציטאַציע פּלאַץ...

און דער אָרעמער מענטש, וואָס גאַרט נעבעך שטענדיק נאָך אַ היים, נאָך אַ שטיקל אייגענע ערד אַף דער גרויסער וועלט, זוכט זיך אויס אַפ׳ן פּלאַן אַ שטיקעלע, אַ חלק׳ל, וואו אים געפעלט, צאָלט איין פאַר אַ פּאָר חדשים פאַראויס און שרייבט אונטער אַ דאָקומענט אַף אויסצוצאָלן אין צוויי אָדער דריי יאָר אין דער אָדער יענער באַנק. סוחרים ווערן רייך. אויך די קאָמיסיאָניסטן, אינזשעניערן, רעמאַטאַדאָרן, אַלע מאַכן געלט. מ׳זיצט טאָג און נאַכט אין „פּאַוליסטאַ“, מען טרינקט די קאַווע בהרחבה און מ׳פאַרזאָרגט דעם אַרבעטער מיט אייגענע ערד.

אויך קאָלאָניע מאָוריציאָ איז אַף די פּאָלירטע טישלעך פון קאַפע „פּאַוליסטאַ“ צעלייגט. סוחרים האָבן שוין געוואָרפן אַן אויג אַף איר...

„לאַ פּרענסאַ“, די גרעסטע צייטונג פון לאַנד, האָט אין איר „גע־ריכטס אָפּטיילונג“ געשריבן, אַז די קאָלאָניסטן פון מאָוריציאָ האָבן דורך דר. מעלאָ איינגעגעבן צום קאָמערץ ריכטער אַרויסצופאָדערן די דעפיני־טיווע קויפשיינען אַף זייער ערד, באַצאָלנדיק דער „דזשואיש“ אין פאַר־אויס די גאַנצע צען יערלעכע ראַטעס און אַז נאָכ׳ן קאָמערציעלן קאָ־ד׳עקס האָבן זיי רעכט. די באָדן־סוחרים, מיט די אַלע מעקלער, גרעסטנ־טיילס אידישע מנחם מענדלס, האָבן די „פּרענסאַ“ דערזעען, האָבן זיי זיך ראַפּטאָם אין קאָלאָניע אַריין אַ לאָז געגעבן. עס איז לעבעדיק געוואָרן אין די גרופּעס.

נאָכ׳ן הייסטן אַלטן וואונש פון די קאָלאָניסטן, צו מאַכן פון דער קאָלאָניע פיר שיינע ד ע ר פ ע ר, האָבן שוין די שפּעקוליאַנטן אַזעל־כע שיינע פּלאַנען געלאָזט אויסמאָלן. און די רייכע אידן פון יענער צייט האָבן זיך שוין געזאָלט קויפן אין די דערפער דאַטשעס; פּאַלאַצן, טשאַ־לעען זיך אויסבויען און קומען מיט זייערע מאַדאַמען פאַרברייגגען דעם הייסן זומער אונטער די שיינע אַקאַציעס און סעדער אין אַ אידישער סביבה...

איינער אַ אידישער דאָקטאָר פון קאָלאָניע, אַ גרויסער פאַנטאַזיאָר, דר. ניורענבורג פון מאָסקווע, האָט גאָר אַ גראַנדיעזן פּלאַן אויפגעגעבן אין „פּאַוליסטאַ“; מ׳זאָל באַ דער לאַגונע, באַם טייך, וואָס שווענקט די

ברעגעם פון אונדזער בית־עלמין, וואס נאָכ'ן כעמישן און מעדיצינישן אנאַליז, פאַרמאָגן אירע וואסערן פיל פאספאר און פאַטאַש — בעדער אויפבויען און א קורבאַד פאר רעמאַטיז־לײַדענדיקע שאַפן.

שפעקוליאַנטן האָבן די אידייע ניט פארוואָרפן, אַז אינזשעניער און א כעמיקער זײַנען אראָפּגעקומען פון לא פלאַטאַ באַטראַכטן די פּאָזי־ציע.

— מיר ווערן אויסגעלייזט און גליקלעך! — האָבן זיך די קאָלאָ־ניסטן געקוויקט; — טויזנטער אידן וועלן זיך באַזעצן בא אונדז... א אידישער צענטער וועט בא אונדז אין מאוריציאָ ווערן... מ'דאַרף נאָר זען וואס שנעלער די קויפשײַנען ארויסבאַקומען, ווייל, ווייל אַז זיי קען מען דאָך גאָרנישט מאַכן...

---

די אדמיניסטראַציע האָט דערזועען אַז אַט, אַט שטעלן זיך די קאָ־לאָניסטן אַף אייגענע פיס און דער ישוב גליטשט זיך ארויס פון זייער ממשלה, און האָט געזוכט אַן עצה. וואס האָט זי געטאָן? טאָ הערט:

די שפּ׳ר־הינט וואס ליגן שטענדיק לעבן איר טיר, צוזאַמען מיט די סוחרים פון די ארומיקע שטעטלעך, די וואס עקספּלואַטירן יאָרן און יאָרן די קאָלאָניסטן און האָבן נאָך טענות אז אלע זייערע באַנקראָטן מוזן זיי מאַכן צוליב די קאָלאָניסטן, וואס צאָלן זיי ניט אָפּ זייערע שולדן, אַט אָ די כאַליאַסטרע, האָט די אדמינסטראַציע אָנגערייצט אַף די קאָלאָניסטן זיי צו דעמאָראַליזירן און צו מאַכן איגנאָרירן אַלע די אויבנדערמאָנטע פּלענער.

אין דעם זעלבן קאַפע־הויז „פּאַוליסטאַ“, איז איינער פון די סוחרים מיט זײַנער א באַנדע געזעסן און האָט בסוד סודות דערציילט יעדן איי־נעם, אז פון קדשי קדשים איז באַשטימט ניט צו דערלאָזן אז די קאָלאָ־ניסטן זאָלן דעם פּראָצעס דורכ'ן דר. מעלאָ געווינען, — ס'מעג קאָסטן מי יודע וויפיל.

— דאָס לאַנד איז ניט זייערס און ס'זײַנען אומזיסט די אלע פּלאָ־נען...

מ'האָט עס צעטראָגן אין קאַפע־הויז, אין גאס און אומעטום: דאָס לאַנד איז ניט זייערס!..

און מערקט אייך די איראָניע:

די אריסטאָקראַטישע יק"א, וואס איגנאָרירט שטענדיק די עפנט־

ליכע מיינונג, די רייכע ועזעלשאפט, וואס לאכט זיך אויס פון דער פרע־
סע און פון דער גאנצער וועלט, טענה'נדיק: לאזן זיי שרייבן די שנא־
רערס וואס זיי ווילן, — -אט די שטאלצע מומע האט בא דעם טיטולאס־
קאמף געזוכט די סימפאטיע פון דער אידישער פרעסע.

די „פאלקס שטימע" און די „אידישע האפענונג", די כמעט איינצי־
קע דאמאלסדיקע אידישע צייטשריפטן, האט זי דאן געוואונען אף איר
זייט. פלוצים האט א. ווערמאנט, דער רעדאקטאר פון דער „פאלקס־
שטימע", וואס האט שטענדיק געשאטן פעך און שוועבל אף דער אדמי־
ניסטראציע, זיך איבערגעקערט. ער האט אנגעהויבן מוסר זאגן און אויפ־
געפאדערט כל ישראל פון ארגענטינע צו זעען היגדערן די פרייהייט,
מאטיווירנדיק, אז די קאלאניזאציע איז דאס שענסטע ווערק פונ'ם אי־
דישן פאלק דא אין לאנד, ווען ניט די אידישע אגריקולטארן וואלטן די
היזיקע גאר אנדעריש אף אונדז געקוקט... און מיט דער פרייהייט וועלן
אידן פארקויפן די לענדער און עס איז אויס מיט אן עק...

א הייליקן אמת האט ער דאן געזאגט; ער האט אבער די קאלאניס־
טישע ארגומענטן, זייערע גערעכטע טענות, די סבות וואס טרייבן זיי צו
דער פרייהייט, ניט דערמאנט.

די קאלאניסטן האבן זיך געפונען פון דער שטאטישער אגיטאציע
באליידיקט און געקרענקט. די קאלאניסטן האבן געטענה'ט און מיט
רעכט: די קרעמערס ווילן מאכן אלערליי פסלנות, אלע טריפה'נע באנ־
קראטן און זיך צודעקן מיט אונדזער שווייסיקן טלית, מיט'ן „זיעת אפים"
פונ'ם קאלאניסט...

אבער טענה'ן האבן זיי נאר געקענט צווישן זיך; אין דער עפנט־
ליכקייט, דורך ווארט און שריפט זייער רעכט אויסצודריקן, האט מען
זיי ניט געלאזט; קיין איינער פון די אויבנדערמאנטע ארגאנען האט זיי־
ערע ארגומענטן ניט געוואלט דרוקן.

---

XIV

# די יקא׳ האָט באַשטימט חרוב מאַכן...

„דער פּאַרטיידיקער". — די שריפט פון דר. מעלא אַוועקגעשיקט קיין פּאַריז. — דער אַדמיניסטראַטאָר נעמט נקמה. — נאָך איין דעלעגאַציע. — די דירעקטאָרן האָבן באַשטימט חרוב מאַכן מאָוריציאַ. —

מ׳ זאָגט „גאָט שיקט צו דעם טרינקער זיין ווײַן און דעם שפּינער זיין לײַין". די מאָוריציער קאָלאָניסטן האָט גאָט צוגעשיקט די ברידער קראַסילאָווסקי. אָט די צוויי ברידער פידעל און הערמאַן, האָבן אין קאַסאַרעס געהאַלטן אַ שפּאַנישע דרוקעריי און ווען די אידישע פּרעסע פון ב. איירעס האָט זיך פאַר׳ן אידעאַל אָדער מעטאַל דערשראָקן און אָנגעהויבן פּויידיקן מאָראַל, אַז מאָוריציער קאָלאָניסטן זאָלן זיין גוט און פרום, ניט ריידן קעגן דער רייכער מומע און זיך אָפּציען פון דעם ענין קויפשיינען, זיינען די ברידער קראַסילאָווסקי, וועלכע זיינען באַזעעלט געוועזן מיט אַ פייערדיקן רעוואָלוציאָנערן גייסט, די קאָלאָניסטן צו הילף געקומען.

— מיר וועלן אַ אידיש וואָרט לאָזן דרוקן — האָבן זיי געזאָגט — שרייבט און פאַרטיידיקט זיך אַקעגן די קרעמער, באַווייזט די אומווּיסענדיקע, די בלינדע, אייער רעכט...

אַ קליינעם קאָמיטעט פון אונדזערע קאָלאָניסטישע אָרעמע ליטעראַרישע כחות האָבן זיי דאַן צוזאַמענגעשטעלט און געגרינדעט אַ וועכנטלעכן זשורנאַל מיטן נאָמען „דער פאַרטיידיקער".

איך האָב פּראָוויזאָריש די רעדאַקציע אַרבעט געמוזט איבערנעמען און רויזענפעלד, הערמאַן קראַסילאָווסקי, פּוסטילניק און דוד גלאַזערמאַן (אונדזער יונגער שוחט) זיינען אַלס מיטאַרבעטער באַשטימט געוואָרן. אַ פּרעס־קאָמיטעט האָט דאָס געהייסן.

שפּעטער האָט צבי שקאָלניק איבערגענומען די רעדאַקציע און ער מיט קראַסילאָווסקי׳ן האָבן די קאָלאָניסטן זייער ערלעך געדינט. דער לעצטער איז צו צוויי יאָר טורמע פאַרמשפּט געוואָרן צוליב זיי און איז אויך

א צוויי חדשים געזעסן. איך וועל נאָך ריידן דערפון.

און ווי האָבן זיך די קאָלאָניסטן מיט דעם „פארטיידיקער“ געפרייט! דער נאָמען אליין האָט זיי שוין דערקוויקט.

דאָס קעפל מיט דעם מאָטאָ „לא הניח לאיש לעשקם“, וואס דער „פארטיידיקער“ האָט אַף זיך געטראָגן, האָט א נייעם מוט אין די דעמאָראַליזירטע קאָלאָניסטן ארייגעגעבן.



# דער פערטהיידיגער



**EL DEFENSOR**

Aparece semanalmente Organo de los intereses Israelitos Unidad Agricultura Comercio Economia, Literatura e Información

editor GERMAN KRASILOWSKY | Imprenta de FIDEL KRASILOWSKY

| Dirección y Administración: Av. Nueve de Julio 123 y 125 Tel. N° 106 | Carlos Casares 21 de Abril de 1919 | Año II N° 48 |
| --- | --- | --- |

מאוריציאָ האָט באַקומען אַן אייגענעם, אפילו אַן ארעמען, ארגאַן. מען האָט שוין געקענט דורך שריפט באַקעמפן די דעספאָטיע און ווייזן די קרעמער ווער עס האָט רעכט.

אַזוי ארום איז דער בונד פון די פּריהייטס קעמפער געוואָרן שטאַרקער.

דר. מעלאָ האָט דערוויל געטאָן זיינס. ער האָט א וויכטיק לאָגישע שריפטליכע אָפּהאַנדלונג צוגעשיקט דעם „כוועז דע קאָמערציאָ“ און איבערגעוויזן דאָס קאָלאָניסטישע רעכט און אויך דאָס גוטס און פּראָגרעס וואָס זיי און אויך דאָס לאַנד וועלן האָבן ווען די מענטשן וועלן זיין פריי...

א קאָפּיע פון דער שריפט האָט דר. מעלאָ אין קאָלאָניע ארייגעגעשיקט. מהאָט צוזאמענגערופן אַן אסיפה פון אלע קאָלאָניסטן, פּאציפּיסטן ווי „קנאים“.

און כדי צוליב צו טאָן די ערשטע, וואָס האָבן אלץ נאָך געדענקט אַז מ׳קען אפשר מיט גוטן ארויסבאַקומען די קויפשיינען בא דער דירעקציע, האָט מען דעם שריפט פון דר. מעלאָ אָוועקגעשיקט צוזאמען מיט א ביטע פון 140 אונטערשריפטן צום פּרעזידענט פון „יק״א“, צו נאַרסים לעוועז, קיין פּאריז, און דערביי אָנגעוויזן א ריכטיקן חשבון וואס

יעדער קאָלאָניסט איז שולדיק אין דער אַדמיניסטראַציע, אויפווייזנדיק, אַז די אַלע גרויסע שולדן זיינען אַנגעוואַקסן אלס קאָנסעקווענץ פון דער נאַרישער גזרה פונם 26־טן דעצעמבער 1910, מיטן פונקט 8 און אים נביאות געזאָגט וועגן חורבן מאוריציאַ, אַז די פעלדער וועלן מוזן פארקויפט ווערן און אַז דאָס איז אַלץ אַ דאַנק דער פאַלשער אַדמיניסטראַציע. און — שרייבן זיי אים ווייטער — אויב ער וויל נאָך עטוואָס אָפּראַטעווען די קאָלאָניע, זאָל ער שיקן אַ קאָמיסיע פון פאַריז, וואס זאָל זען מיט די אייגענע אויגן דעם צוגעגרייטן תהום, אפשר וועלן זיי נאָך קענען העלפן. אַ קאָפּיע פון דער ביטע האָבן די קאָלאָניסטן אריינגעשיקט צו דער היגער דירעקציע.

די ביטע האָט די דירעקטאָרן נאָך מער אין כעס אריינגעבראַכט. אָן רחמנות האָט די אַדמיניסטראַציע אָנגעהויבן יעדן איינעם צו פּלאָגן.

אין אַ שבת—אַלע לומעפּרייען קומט אוים באַ זיי אום שבת צו טאָן — איז דער אַדמיניסטראַטאָר ארויסגעפאָרן מיט פּאָליציי אויף נקמה. ער האָט עמבאַרגירט די שולדיקע, צוגענומען וואס ס'איז געווען אין שטוב, די לעצטע מילך־קו, די פּאָר זעקלעך ווייץ אויף מעל און אויך די זריעה.

באַם אלטן משה ליכטמאַן, אין גרופּע 54, האָט זיך זיין בן יחיד אפרים, אַנטקעגנגעשטעלט און ניט געלאָזט די סעמיזשע ארויסנעמען פון שטוב. די פּאָליציי האָט אים מכבד געווען כדיבעי און אין „קאַלאַבאָס" אוועקגעפירט. דער אדמיניסטראַטאָר האָט אים דערביי נאָך געסטראַשעט מיטן באַקאַנטן היגן „סיביר" פון סיעררא טשיקא. דער אַלטער פאַטער איז דעם שבת צופוס קיין קאסארעס אוועק און מיט פיל שתדלנות, דורך די קאסארעסער קרעמער, האָט מען דעם ארעסטירטן באַפרייט.

די מאַסע איז ווי שטענדיק — ווען זי דערזעעט די בייטש — אויפגעציטערט געוואָרן.

פּאַריז—זאָגן זיי—איז ווייט, גאָט איז הויך און די פּאָדפּאַנקעס טוען וואס זיי ווילן... און איידער עס וועט קומען אַ קאָמיסיע פון פּאַריז, וועלן זיי אונדז אַלע צעברעכן... לאָמיר שיקן צו זיי קיין בוענאָס איירעס נאָכאַמאָל אַ קאָמיסיע, בעטן אפשר וועט מען דאָך באַ די היגע דירעקטאָרן פּועל'ן.

איינגעעקשנ'ט האָבן זיך די מתונים, די פּאַציפיסטן, זיי ווילן נאָך איין מאָל פּרובירן שיקן אַ דעלעגאַציע, זאָלן די דעלעגאַטן איבערריידן

מיט די דירעקטאָרן, אולי ירחם! ס'האָט ניט געהאָלפן קיין ארגומענט און קיין טענה'ן. הייזעריק איז אדעלפא רייצין אין קהלס שטיבל גע־וואדן, שרייענדיק:

— בלינדע, ביז וואנען איז דער שיעור צו בויגן דעם קאָפּ?!

— נאָך איין מאָל! — איז געקומען דער ענטפער — מיר מוזן נאָך איין מאָל און ניט מער...

מ'האָט אויסגעקליבן פיר קאַנדידאַטן, סאַמע מאמינים אין דער פי־לאַנטראָפּיע: ישראל דיניעץ, משה הויכרייך, יענקל עדעלמאן און דוד שמוקלער, אַלע פיר גלויביקע און כמעט גוטע ברידער מיט'ן אדמיניס־טראטאר און מ'האָט זיי געשיקט צו דער דירעקציע קיין בוענאָס איירעס.

און ווידער מוז איך זאָגן, אז די פרייהייט־געטין האָט זיך אירע וועגן. אפילו באַ דער צענטער מכה האָט זיך דער מושל פון מצרים ניט געוואָלט אונטערגעבן און אויך אונדזערע יק"א הערן פון קאזשאַאַ 216 האָבן זיך פון דער נייער גלויביקער דעפּוטאַציע אויסגעלאַכט. און ווען די נאַאיווע אידישע פּויערים האָבן מיט ביטערקייט אין אַ העכערן טאָן אָנגעהויבן ריידן, איז דער דירעקטאָר ווענעציאַני אין כעס געוואָרן און זיך אויסגעשפּראָכן:

— מיר וועלן גיכער מאָוריציאָ רואינירן, איידער קויפשיינען אייך ארויסגעבן.

זיי זיינען איצט פּאַלקאָם מקיים זייערע רייד.

איינער פון די פיר, דוד שמוקלער, זייער אַ הייסער טעמפּעראַמענט, איז באַ די ווערטער אויפגעקאָכט געוואָרן און אַף אַ קול אויסגעשריען:

— איר האָט ניט קיין רעכט אַ תל צו מאַכן מאָוריציאָ, איר האָט זי ניט געבויט! — און ער האָט מיט דער פויסט גענומען שלאָגן זיך אין ברוסט, שרייענדיק:

— מיר וועלן אונזער היים פאַרטיידיקן פון הונדערט אַזעלכע צע־שטערער ווי איר זענט...

— אַפוּעראַ! (ווי מ'זאָגט דאָ צו אַ הונט) — האָט ווענעציאַני אויס־געשריען אין שרעקלעכן כעס — ארויס פון דאַנען! וואָן! און ער האָט אָנגעהויבן קלינגען צום שווייצאר.

די פיר משולחים האָבן אָבער ניט געוואָלט וואַרטן אַפ'ן משרת, זיי זיינען אליין גלייך ארונטערגעלאָפן די טרעפּ און אוועק אַף דער אבסניה.

דאַמאָלסט איז דער גזר געחתמ'עט געוואָרן.

דערנידעריקט און פאַרשעמט זיינען די מאמינים אהיימגעקומען און אַ קול, אַ יאָמער האָבן זיי אין קאָלאָניע צעטראָגן: „די דירעקטאָרן האָבן באַשטימט חרוב צו מאַכן מאוריציאָ"!

דוד שמוקלער און ישראל דיניעץ זיינען אומגעפארן פון גרופּע צו גרופּע און אויפגעפאָדערט די קאָלאָניסטן צו קומען אַף דער גרויסער אסיפה, דאָנערשטיק, אין שול פון אלגאראבא.

---

XV

# די שבועה

מיר שווערן. — די אדמיניסטראציע אין חרם. — די אפיציעלע מעלדונג פון „סענטרא אגריקאלא“. — ווענעציאַני אַליין איז געקומען. — אַ שפּיי פאר אַ שפּיי. — זיס איז די נקמה! —

מיטן באַגינען האָבן זיך שוין געצויגן מחנות־ווייז רייטער און פוס־גייער, וועגן און סולקיס, געפּאַקט מיט מענער, פרויען, נערים וזקנים, אַלע האָבן זיך געצויגן צום שטעטל אַלגאַראַבאַ.

מ'האָט ארויסגעטראָגן אַ טיש אין שול־הויף און די זקנים מיט די פארשטייער האָבן זיך אַרומגעשטעלט רונד אַרום אים. די ברענענדיקע שטראַלן פון דער זון האָבן אָפּגעגלאַנצט אויף דער רויטער שול מיט איר צינערנעם דאַך און ווי מיט זייַלן פייער אַרומגענומען די מאַסע ווייבער מיט קינדער, האָבן אָפּגעשפּיגלט די אויפגעבראַוזטע פּנים'ער פון די זקנים. עפּעס אַ מאוים'דיקער סוד איז געלעגן אין זייערע אַלטע צעאַקערטע גע־זיכטער.

דער אינגסטער פון די שליחים, ישראל דיניעץ, איז דער ערשטער ארויף אויפ'ן טיש.

— איר' האָט מיך געשיקט, ברידער, אויף די טויערן פון קאַזשאַאַ צו קלאַפּן, רחמים בעטן — האָט ער אָנגעהויבן — ווייסט, ברי־ 216
דער, מיר זיינען פון די אדונים באַשפּיגן געוואָרן! מ'לאַכט אונדז אויס! פאר אַ צדקה געשעפט רעכענען די פראַנצויזן די קאָלאָניזאַציע. פאר בעטלערס, שנאָרערס, נעמען זיי אונדז אָן. דאָס לאַנד איז ניט אונדזערס, זאָגט ווענעציאַני...

— פון די טרעפּ האָט מען אונדז אַראָפּגעיאָגט — שרייט אויס דער היציקער דוד שמוקלער — „אפּוערא“, ווי צו הינט, האָט ער אויף אונדז געשריגן... אַ תל מאַכן פון אונדזער היים ווילן זיי...

און האָט זיך צעוויינט אויפ'ן קול.

אַ כוואַליע פון כעס, געמישט מיט גיפטיקן צער, האָט זיך אויסגע־

גאסן אף דער גאנצער מאסע פארזאמלטע. ס'האט זיך געהערט דאס קריצן פון ציין און א שרעקלעכע קללה מיט א שטילן כליפען האט זיך ארויסגע־ריסן בא די קאלאניסטקעס, בא די פיאנערן, פון מויל.

דער דיקער אדאלפא רייצין איז ארויף אפ'ן טיש און ווי מיט צע־שמאלצענער לאווע האט ער אף דער דעספּאטיע ארויסגעשפּיגן. ער האט אויסגערעכנט אלע אונדזערע אונטערטעניקע ביטעס, די הכנעות וואס מיר האבן זיי, די אדונים, פארגעלעגט, און וואס זיינען אלע מיט ביליקן שפאט צוריקגעוויזן געווארן, און האט אויפגעקלערט דער מאסע, אז מיט גוטן וועלן אונדז די אדונים קיינמאל ניט ארויסלאזן פריי, זיי וועלן אונדז ביסלעכווייז פארניכטן „דעסאלאכירן" און צונעמען אונדזער היים...

— פרייהייט גיט מען נים, — שרייט ער אף א קול — מ'מוז דאס נעמען!..

נאך א פאר רעדנער האבן גערעט און אלץ מיט וויי און צארן אף די אדונים, וואס דערנידעריקן זייט יארן און יארן די קאלאניסטן און שפייען אף זיי.

מיך האט מען, ווי שטענדיק, מיט אחרון מכבד געווען. ווען איך בין אפ'ן טיש ארויף און א בליק געווארפן אף דער אויפגעברויזטער באליי־דיקטער מאסע, אף די אלע פארוואגלטע פנים'ער ,איז מיר די גאנצע קאָ־לאניזאציע, ווי די עמיגראציע פון איר אנהויב אן ארויפגעשוואומען פאר די אויגן און א געדאנק האט מיר א ברי געטאן אין מח: האבן דען די מענטשן רעכט? האבן זיי דען צוריק מיט צוואנציק יאר דארט הינטער די קאמיטעט־טירן פון לעמבערג און קראקע, קאנסטאנטינאפאל און האמ־בורג, פון א י י ג נ ט ו מ ס געטראכט? געיאגט פון פאגראמען און גזרות רעות האבן זיי מער ניט ווי א שטיקעלע ברויט און א שטיקעלע רואיק פלאץ געבעטן? און וואס ווילן זיי נאך?

אבער בלויז איין סעקונדע האט דער נכנע געדאנק זיך אין מיין מח געהאלטן. דער שטאלצער, אייביקער אמת, האט אים באלד פארטריבן, און איך האב געזאגט:

א מענטש, וואס געפינט א הילפלאז קינד באם וואסער, צו אין פעלד, און נעמט אים צו זיך אין הויז, איז אים מגדל און מאכט אים פאר א מענטש, קען ער דאך, דער וואלטעטער, ניט פארלאנגען, אז דאס געפונענע הילפלאזע קינד, זאל זיינער אן אייביקער שקלאף זיין!.. דאס פארוואגלטע קינד, וואס דעם בארא:ס באאמטע האבן בא די וואסערן פונם אטלאנ־

טיק געפונען. איז שוין איצט צוואַנציק יאָר אַלט און אַלס דערוואַקסענער מענטש וויל עס וויסן ווער ער איז! ער וויל ווערן אַ באַלעבאָס איבער זיך אַליין. אָבער, איך שעם זיך, ברידער; איר ווילט ניט זיין פריי... אַריס־טאָטעלעס האָט געזאָגט: דער שקלאַף איז שקלאַף, ווייל ער איז אַ שקלאַף, די נשמה אין אים איז אַ שקלאַפישע, ער אַליין פאַרלאַנגט דאָס... איר ווילט ניט, ברידער, זיין פריי! צוואַנציק יאָר איז עס, ווי דער שענדלעכער פילאַנטראָפּישער בייטש שמייסט אונדז איבער'ן פּנים און איר שווייגט!.. זעט! — האָב איך מיט דער האַנט אַ ווייז געגעבן, — קוקט, אַלטע, גרוי־געוואָרענע מענטשן פאַר דער צייט! אַף וועמען וועט איר לאָזן אייערע פרויען און קינדער? אַפּ'ן יושר פון דער אַדמיניסטראַציע?

ווי אַ וואַלד וואָס רוישט אויף אין אַ שטורם, אזוי האָט די מאַסע באַ די לעצטע רייד אויפגעשטורמט, אַ מעכטיקע שטימע האָט זיך ווי פון אַלעמענס ברוסט אַרויסגעריסן:

— מיר ווילן זיין פריי!

און כהרף עין איז עטוואָס דערהויבנס געשעען.

די צוויי חשוב'ע זקנים מיט די פּאַטריאַרכישע בערד, ניסענזאָן און סעגאַל, טראָגנדיק אין די הענט יעדערער אַ ספר תורה, האָבן זיך צווישן דער געדיכטער מאַסע באַוויזן. דער עולם איז צעשראָקן און מיט אָפענע מיילער שטיין געבליבן און פאַר זיי צעעפנט אַ וועג ביז צום טיש, וואו איך בין געשטאַנען. אַ שטימע האָט אין דער הויך אָפּגעקלונגען:

— קאָלאָניסטן, לאָמיר שווערן באַ אונדזער תורה צו זיין פריי!

ווי דורך אַ כישוף איז פּלוצלונג באַ יעדען איינעם די רעכטע האַנט אין דער הויך געשטאַנען און איין שטימע, אַ מעכטיקע, האָט אויסגעדרו־נערט פון יעדנס מויל:

— מיר שווערן!

איינער האָט אין דער הויך ווידעראַמאָל אויסגעשריגן:

— קיינער פון אונדז קאָלאָניסטן, זאָל ניט איבערטרעטן די שוועל פון דער אַדמיניסטראַציע, ביז מיר וועלן ניט אַרויסבאַקומען אונדזער פרייהייט!

— מיר שעוורן באַ דער הייליגקייט פון אונדזער תורה, ניט איבער־צוטרעטן אפילו דעם אַדמיניסטראַציאָנעם דראָט פון דער געביידע! — האָט די מחנה אויסגעשריגן.

— באָיקאָט! — האָט איינער פון די מוסרים אויסגעגרופן. — דאָס שמעקט מיט טורמע!

— טראָג דיך אָפּ, רויטער מסור! — האָט אים אַ קאָלאָניסט אַ ברוי־קע געגעבן אין זייט.

ער האָט זיך הינטער דער שול וואַנט פּאַרקאַטשעט, דאָרט וואו אַ דריי פון אונדזערע פאַנאַטיקער האָבן מיט די פינגער געהאַלטן די אויערן פאַרשטאָפּט, זיי זאָלן ניט הערן די שבועה, וועלכע זיי האָבן אין אמת'ן פרום גערעכנט, אַז ס'איז אַ חלול הקודש.

אַנדערע „ווייסע בערד" האָבן די ספרים, נאָכדעם ווי יעדער האָט זיי מיט באַגייסטערונג אַ קוש געגעבן, אין ארון קודש צוריק באַהאַלטן און מ'איז פרייליך און מיט זיכערקייט אין דער געוואוינער פרייהייט, זיך פאַנאַנדערגעפאָרן אהיים.

---

דער אדמיניסטראַטאָר איז די גאַנצע צייט פון דער שבועה געשטאַ־נען אין וועלדל און פון ווייטן, דורך אַ בינאָקל, צוגעקוקט און אָפּגעשפּאָט פון דער גאַנצער שבועה. ס'זיינען עטלעכע טעג אריבער און קיין קאָלאָניסטישער פּוס האָט זיין שוועל ניט באַטראָטן, אפילו ניט זיינע אינטימע, די וואָס זיינען גראַד צוליב אַ סיבה באַ דער שבועה ניט גע־ווען, האָבן אויך מורא געהאַט אריבערשפּאַנען דעם אדמיניסטראַציאָנעם דראָט.

— ניט קיין „מאַקאַנעס" (ליגן, אויסטראַכטעניש), סעניאָר, אַ שבועה געגעבן! אַ חרם... אַ ריינינקייט... מיר האָבן מורא!.. — האָבן זיי גע־טענה'ט.

דעמאָלט האָט דער אדמיניסטראַטאָר דערפילט, אַז ס'איז ניט קיין שפּאַס, אַז זיי זיינען טאַקע אין דער אמת'ן באָיקאָטירט.

פּוסט און ליידיק איז די פּלאַטפאָרמע פון דער אדמיניסטראַציע געשטאַנען. ווי אַ פאַרשאָלטענע זאַך, ווי אַ עפּוש'דיקער מאַנאַסטיר, איז די גרויסע, רויטע געביידע, מיט'ן אדמיניסטראַטאָר און קאַסירער, אין עצבות, אין אבלות, אין אַ פאַרשעמטער איינזאַמקייט, טאָג און נאַכט גע־שטאַנען און געשטומט.

ס'זיינען אַזוי אַוועק אַ פּאָר וואָכן. די אדמיניסטראַציע צוזאַמען מיט די מוסרים האָבן גוט געקרענקט אויף דער שבועה.

דער אדמיניסטראַטאָר האָט אָנגעהויבן אונטערצושיקן וועגן שלום. אָבער קיינער האָט אים ניט גענומען אין אַכט.

— פאַר אונדז עקזיסטירט ניט מער קיין אדמיניסטראַציע. — האָט מען זיינע שליחים געענטפערט.

און כדי דער זאך צו געבן א פארמאליטעט, זיינען די פערצן קאָ־
לאָניסטן אַנפירער, ביינאַכט דעם 7־טן מערץ פון 1911, זיך צוזאמענ־
געפארן אין הויז פון צ. אין קאסארעס און דאָרט א דאָקומענט אונטערגע־
שריבן אלס אָפיציעלע מעלדונג דער הויפט־דירעקציע אין בוענאָס איי־
רעס, אז מיר זיינען פון דער שבועה אָן שוין בארעכטיקטע פרייע קאָ־
לאָניסטן, אז פאר מאוריציאָ עקזיסטירט ניט מער קיין אדמיניסטראציע,
און אויב זיי האָבן עטוואס קאָלאָניע אָנגעלעגנהייטן מיטצוטיילן, זאָלן
זיי זיך ווענדן גלייך צו זיי.

דאָס איז דער טעקסט אין שפאניש פון יענער מיטטיילונג:

*Col. Mauricio, Marzo 7 de 1911.*

*A los Sres. Directores de la I. C. A.*

*Buenos Aires*

*Honorables Señores:*

*Nosotros, abajo firmados, colonos de la Col. Mauricio, en representación de ésta, hemos resuelto, de hoy en adelante, desvincularnos completamente de la Administración, y de ella haremos caso omiso.*

*Todos los intereses, tanto morales como materiales y todas las cuestiones que podrán suscitarse entre nosotros y la Dirección, los resolverá nuestra Sociedad denominada "Centro Agrícola", al cual rogamosle se sirvan dirigirse directamente, pues no queremos más intermediarios.*

*Saludan a Vds. attos. S. S.*

*M. Alpersohn, Lassar Nissensohn, Aarón Rosenzwaig Jacobo Edelman, Jacobo Tesler, León Sigal, S. Rabinovich, I. Dinitz, B. Rabinovich, I. Scharagrodsky, Lazar Qevstel, Israel Rogoff, M. Kweitel, M. Waisman.*

(איבערזעצונג)

צו די דירעקטאָרן פון דער אידישער קאָלאָניזאציע געזעלשאפט.
בוענאָס איירעס.

חשוב'ע הערן דירעקטאָרן:

מיר אונטערגעשריבענע קאָלאָניסטן פון דער קאָלאָניע מאוריציאָ,
אין פארטרעטונג פון דער זעלבער, באשליסן:

פון היינט אָן און ווייטער, קיין שום באציונג ניט האָבן מיט דער

אדמיניסטראציע, און מיר נעמען זי ניט מער אין אכט. אלע אנגעלעגנ־הייטן, די מאראלישע ווי די מאטעריעלע, וועלכע קענען ארויסקומען צווישן אונדז און דער הויפט דירעקציע פון בוענאס איירעס, וועט אנט־שיידן אונדזער פאריין וואס טראגט דעם נאמען „סענטרא אגריקאלא“, צו וועלכן מיר בעטן אייך אזוי גוט זיין זיך ווענדן, ווייל מיר ווילן ניט מער וויסן פון פארמיטלער.

אן ווייטערדיקן, גריסן מיר אייך פריינטלעך און שטייען אייך צו דינסט.

קאלאניע מאוריציא, 7־טן מערץ 1911.

מארקאס אלפערסאן, לייזער ניסענזאן, אהרן רויזענצווייג, יעקב עדעלמאן, יעקב טעסלער, לעאן סעגאל, ש. ראבינוויטש, ישראל דיניעץ, ב. ראבינאוויטש, יעקב (בוזי) שארגאראדסקי, לייזער גירסטעל, ישראל ראגאוו, מאיר קווייטעל, מארקאס ווייסמאן.

נאך אינם זעלבן אוונט איז דער אדמיניסטראטאר געקומען אף דער סטאנציע אין קאסארעס, צו ישראל דיניעץ, און אים געבעטן ער זאל זען ניט צו שיקן דעם דאקומענט צו די דירעקטארן.

— איך ווייס אלעס — האט ער אים דערציילט, — מיינע מענטשן זיינען הינטער די פאנארן געשטאנען און אייך אלעמען געזען. זיי האבן מיר דערציילט ווי דער קליינער א. ר. האט געוויינט און ניט געוואלט אונטערשרייבן און געשלוכצט: „איך האב מורא“... איך האב טעלעגרא־פירט נאך ווענעציאנין. ער קומט מיט'ן נאכטצוג. איך וועל אים גלייך פירן צו רייצינען אין טשאקרע... (צוליב א סיבה איז רייצין יענעם אוונט ניט געווען אין קאסארעס). קומט אונטער אייניקע פון אייך אהין, וועלן מיר דארט ריידן פון שלום... אלעס קען מען איצט מאכן... — האט זיך בא אים געבעטן דער מושל.

פארטאג זיינען א פאר קאלאניסטן אוועקגעשיקט געווארן צו רייצינען און אים איבערגעגעבן דעם וואנטש פון די קאלאניסטן ער זאל אונדזער הער דירעקטאר עמפפאנגען פונקט מיט דער זעלבער העפליכ־קייט ווי ער האט אונדזער דעפוטאציע דאס לעצטע מאל אויפגענומען. מיר ווילן קיין קאמפראמיסן איצט ניט שליסן. פרייהייט און ניט מער!..

א געדיכטער טומאן איז גראדע יענעם פרימארגן געווען. א שווארצער נעפל האט זיך געלעגט צו דער ערד און די בוימער, ווי די גראזן, האבן מיט קאלטן טוי געטריפט. אין יענער נאסער קאלטער טונקלקייט האט

זיך דער געלער קאַטש מיטן יק"א הערב געשלעפּט, פירנדיק די הערן צו דער גרופּע 46, און זיך אָפּגעשטעלט לעבן הויז פון אַראַלפאַ רייצין.

געדענקט האָבן זיי צו טרעפן די מערסטע אַנפירער פון דער פריי־הייטס באַוועגונג און זיי ווי ארום דיפלאָמאַטיש די קעפּ פארדרייען. נאָר ווי אַנטוישט זיינען זיי געוואָרן. קיינער פון די אָנפירער איז דאָרט צום זעען ניט געווען. בלויז איין רייצין איז אינדרויסן געשטאַנען. ער האָט דעם הער דירעקטאָר קאַלט געענטפערט אַף זיין באַגריסונג און אים אפילו אין שטוב ניט אריינגעבעטן, ביז דער אדמיניסטראטאר האט געמוזט זאָגן: לאָמיר אריינגיין אין שטוב, וועלן מיר ריידן...

א שעה מיט צען מינוט האָבן זיי אין אַנגסטן אין הויז פון רייצי־נען פארבראַכט און אוועקגעפאָרן מיט אַ לאַנגער נאָז.

קומענדיק אין דער אדמיניסטראַציע אָן אויפגערעגטער און א באַ־ליידיקטער, האָט ער נאָך געוואָלט אָנווענדן דאָס פון זיי אויסגעפּרואוו־טע, אַלטע רוימישע מיטל „צעטייל און באַהערש", און האָט א רייטער אין די גרופּעס צעשיקט, מיט דער מעלדונג:

„דער דירעקטאָר וועגעציאַני איז צום שפּרעכן מיט די קאָלאָניסטן היינט און מאָרגן. ווער ס'האָט עפּעס א ביטע, זאָל קומען".

ביידע טעג איז ער אָפּגעזעסן, ארויסגעקוקט דורך די שויבן; נאָר קיין איין קאָלאָניסט האָט זיין שוועל ניט אריבערגעטראָטן.

בייז און צערודערט פון זיין געבראָכענעם שטאָלץ, איז ער אפּ'ן דריטן טאָג אָפּגעפאָרן.

דורך די פענצטער פון דער קאָנדיטעריי אפּ'ן וואָקזאַל אין קאַסאַ־רעס, האָבן די קאָלאָניסטן אים געזען און האָבן באַטראַכט ווי באַטריבט און פול מיט בושה זיינע אויגן זעען אויס, און זיי האָבן זיך געשמאָלצן פון תענוג: וויים, דעספּאָט, באַגרייף ווי גוט עס איז אראָפּצוואַרפן די אונד־זעריקע פון די טרעפּ!..

— א זיסע זאך איז נקמה — האָבן די קאָלאָניסטן געזאָגט, — כאָטש איין מאָל אין צוואַנציק יאר אונדזערע דערנידעריקער מיט זייער אייגענעם מיגיץ באַצאָלט... א שפּיי פאר א שפּיי... זאָלן זיי אויך פילן דעם טעם דערפון.

---

XVI

# די האָפנונג ווערט מקוים

די האפנונג. — די קאָמיסיע פון פאריז איז געקומען. — קאָזעס קומט קיין מאורי־ציאַ. — אונדזער אוידיענץ באַ קאָזעס'ן אין בוענאָס איירעס. — „איך וועל אייך די קויפשיינען ארויסגעמען!“ — מיר גיבן אָפּ אַ מתנה דעם אפגעזאָגטן אַדמיניסטראַטאָר. — די שוחטים זיינען מתיר נדר. — באַרוך ווערט אדמיניסטראַטאָר. —

בים שטענדיק נאָרט זי דעם מענטשן, אַט די שיינע, ליבע צויבערן, די האָפנונג; טרעפט, ווען אפילו זייער זעלטן, קומט זי דאָך די פאַלשע באַ־טריגערן, און ברענגט עטוואָס פון אירע גאָלדענע פארשפּרעכונגען.

מיין גאָט! וואָס וואָלט די אָרעמע, ליידנדיקע מענטשהייט געטאָן, ווען אָט די מילדע, זיסע שווינדלערן, וואָלט ניט געווען אָפּ דער וועלט! דיווירקלעכקייט איז דאָך אַזוי ביטער, דער לעבנסבוים איז דאָך אַזוי שטעכנדיק, יעדעס צווייגעלע איז דאָך פול מיט גאַל, פון יעדן בלעטל טריפט דאָך סם. די זיסע זאַפט פונם עץ החיים איז, אַ פּנים, נאָך דאָרט אין גן עדן אויסגערונען געוואָרן. אונדזער ערשטע מוטער, האָט אונדז נאָר עטוואָס פונם צווייטן בוים, דעם דעת, דערלאַנגט און אויך פאַר דעם מיט'ן גוצלאָזן לעבן באַצאָלט...

געוויינט האָט די ערשטע מענטשלעכע מוטער — דערציילט די לע־גענדע — נעם דיר, בורא, דאָס ביסל זינדיקע באַגרענעצטע פארשטאַנד צוריק! אָן אים, וועט מיר אפשר דאָס לעבן גרינגער זיין צו טראָגן...

און אַ מיטלייד־שמייכל האָט אָפּ'ן באַשעפערס פּנים זיך באַוויזן און ער האָט איר זיין טעכטערל די הימלישע צויבערהאַפטע האָפענונג פאַר אַ מיטהעלפערן געגעבן.

אין טרוימען, אין אילוזיעס, און האָפענונגען פארשלייערט זי דעם פאַרשטאַנד און פארוויגט דעם ליידענדיקן אין אַ מילדן, זיסן צויבער; גיט דעם בלינדן זיינע אויגן, דעם געלעמטן זיינע גלידער, דעם געפאַנגענעם זיין פרייהייט... אפילו באַם גוסס צוקאָפּנס באַ זיין לעצטן בליק אָפּ דער שיין, שטייט זי, די צויבערן, און גיט אים האָפנונג אָפּ אַ יענער זייט...

יאָ, דו ליבע, ביזט אונדז זיס מיט דיינע ליגנס! אין די שווערסטע מאָ־מענטן ביזטו אונדזער איינציקע טרייסט... און עס טרעפט, דיינע טרוימען ווערן א מאַט־זאַך.

אויך די האָפענונג פון אונדזערע קאָלאָניסטן, אז דער נייַנציק יע־ריקער זקן נארציס לעווען אין פאריז, וועט דערהערן זייער וויי־געשריי און וועט א קאָמיסיע צו זיי שיקן, איז מקוים געוואָרן. אָנהויב מאַי 1911 איז אָנגעקומען פון פאריז דער אַלט באַוואוסטער קאזעס, מיט נאָך איינעם א יונגן־מאַן, דר. אונגרע.

דיפּלאָמאַטיש האָט עס געהייסן, אז זיי זיינען גאר ניט געקומען צו־ליב מאוריציאַ מיט איר סכסוך איבער קויפשיינען. דער הער אונגרע איז גאָר גלייך קיין סאַנטאַ פע אוועקגעפאָרן אָנצוקוקן די נייע דרייסיק טויזנט העקטאַר זאמד ארום סערעס, פאר וועלכע מ׳האָט דריי מיליאָן באַצאָלט, און וואו מ׳וועט גרינדן די קאָלאָניע „מאָנטעפיארע". יענע אומגליקלעכע קאָלאָניע, וואו פּרץ הירשביין האָט שפּעטער מיט דריי יאר די קאָלאָ־ניסטן אירע, צוזאַמען מיט׳ן דאָרטיקן תושב דעם הייזעריק געטראָפן אַף די דעכער ליגן, שטאַרבנדיק פון הונגער, ווייל די וואסער האָט זיי פאַר־פליצט...

איך וועל שפּעטער קומען צו זיי. די קאָלאָניסטן האָבן דאַן געשמו־עסט צווישן זיך, אז דער באַוואוסטער רוסישער אגראָנאָם, אונדזערער א געטרייער איד, עקיבא עטינגער, האָט די עדעלע דירעקטאָרן געוואָרנט:

— קויפט ניט דעם זומפּ! אונדזערע ברידער וועלן דאָרט אומקומען פון הונגער, ס׳איז א גיהנום, ס׳לוינט ניט פאר אגריקולטור, פאר קאָלאָ־ניזאציע...

די איצטיקע דירעקטאָרן זאָגן דעם היפוך, אז עטינגער איז געווען יד אחת מיט די איבעריקע באַאמטע און צוגערעדט צו סערעס... דער פּערסאָנאַל, וואס האָט געהאט א פעטן אינטערעס אין דער קניה האָט געווירקט אַף די פירער פון דער „דזשואיש" און מ׳האָט א שיינעם גלענצנ־דיקן ראַפּאָרט אוועקגעשיקט קיין פאריז, באַשרייבנדיק סערעס אַלס אַן ארט פון חלב ודבש.

נו, איז דער יונגער פאריזער באַאמטער אונגרע, אהין אוועק, זעען דאָס געבענטשטע לאַנד, און אונדזער אלטער קאַזעס איז קיין מאוריציאַ אָנגעקומען, בלויז די שולעס צו עקזאַמינירן און ניט מער.

צוויי טעג איז ער מיט׳ן פּראָפעסאר הלוי ארומגעפאָרן, באַזוכט אַלע

שולן און פון די קאַלאָניסטן איז קיין נפש צו אים ניט אַריינגעקומען.

דער אַדמיניסטראַטאָר האָט זיך געבעטן:

— קומט אין אַדמיניסטראַציע, דער דירעקטאָר קאַזעס פון פּאַריז איז דאָ, איר קענט אַלץ פּועל'ן!

— איר ווייסט דאָך, אַ שבועה! — איז דער ענטפער געווען. — מיר טאָרן ניט שטיין אונטער'ן דאַך פון אייער אַדמיניסטראַציע...

אָפּ'ן דריטן טאָג קומט צו מיר צופאַרן דער פּראָפעסאָר הלוי:

— דיין אַלטער אַמיגאָ (פריינט), סעניאָר קאַזעס, איז דאָ, ער וויל דיך זעען... קום פאָר אַראָפּ צו אים, ס'איז אַ גרויסע שאַנדע. — זאָגט ער, — איר האָט דאָך די „דזשוּאישׂ" ניט באַיקאָטירט...

— וואוהין זאָל איך פאָרן, אין אַדמיניסטראַציע?

— ניין, ניין, חלילה, ניט דאָרט! קום אַראָפּ, ס'וועט רעכט זיין... מיר ספרדים ווייסן וואָס עס הייסט אַ שבועה. סעניאָר קאַזעס ווייסט שוין פון אַלעס...

איך האָב אים געפאָלגט.

ווען איך בין אַראָפּגעקומען, איז קאַזעס געשטאַנען אינדרויסן פאַר דער אַדמיניסטראַציע, מיט דער פּלייצע צוגעשפּאַרט צום דראָט, ד. ה. מחוץ לחרם...

— ביצד שלום? — פרעגט ער מיך, ווי זיין שטייגער איז געווען, און דריקט מיר שטאַרק די האַנט.

איך בין מיט אים אין וועלדל אַריינגעגאַנגען און פון דעם גאַנצן ענין איבערגערעט.

צום שלום, זאָגט ער צו מיר:

— קום קיין בוענאָס איירעס, מיט נאָך אַ פּאָר קאַלאָניסטן, די פון אייער קויפשיינען־באַוועגונג. דאָרט, אין מיין צימער פּריוואַט, ניט אין דירעקטאָריום, וועל איך מיט אייך איבעררייידן. נאָר שרייב מיר פריער, וועל איך דיר באַשטימען ווען איר קענט קומען. איך גלויב — האָט ער פאַרענדיקט — אַז מיר וועלן צו עטוואָס קומען; איך בין דאָ מיט נאָך איינעם, סעניאָר אונגרע, ער וועט שפּעטער זיין בא אייך. רעט איבער מיט אים, דערקלערט אים דעם גאַנצן סכסוך.

קאַזעס איז אָפּגעפאָרן.

אָפּ מאָרגן האָבן מיר אַ קורצע פאַרזאַמלונג אָפּגעהאַלטן און באַשטימט עס זאָלן מיט מיר מיטפאָרן צו קאַזעסן דריי קאַלאָניסטן: רייצין, דיניעץ און ראַבינאָוויטש.

איך האָב אים גלייך דורך א בריוו געמאָלדן און אָנגעפרעגט ווען מיר קענען קומען, און האָב פון אים גלייך אָט דעם בריוו אין שפּאַניש באַקומען:

*Buenos Aires, Mayo 25 de 1911.*

*Sr. Marcos Alpersohn*

*Muy Señor mío:*

*En contestación a su atenta del 23 del corr. me es grato comunicarle que desde ayer he informado al Sr. Dinitz que tendré mucho placer de recibir a la Comisión de Vds. el domingo, lunes o martes de la semana próxima sea por la mañana de 10 á 12 o por la tarde de 3 á 5.*

*Le saluda con la mayor estima*

*S. S. S.*

*D. Cazés.*

(איבערזעצונג)

בוענאָס איירעס, 25־טער מאַי פון 1911.

הער מאַרקאָס אַלפּערסאָן.

זייער געערטער הער!

אלס ענטפער אף אייער פריינטלעכן בריוו פונ׳ם 23־טן דעם מאָנאַט, איז מיר אנגענעם אייך מיטצוטיילן, אז נאָך נעכטן האָב איך געמאָלדן דעם הער דיניעץ, דאָס איך וועל האָבן פיל פארגעניגן אויפצונעמען אייער קאָמיסיע ארום זונטיק מאָנטיק אָדער דינסטיק, פון קומענדיקער וואָך. אין דער פרי (פון 10 ביז 12) אָדער נאָכמיטיק (פון 3 ביז 5).

איך גריס אייך מיט דער גרעסטער אכטונג, אייער זיכערער דינער

ד. קאַזעס.

דעם 28־טן מאַי 1911, דעם ערשטן טאָג נאָך שבועות, זיינען מיר, די אויבנדערמאָנטע פיר קאָלאָניסטן, צוזאַמען מיט קאַזעס׳ן, געזעסן בא אים אין צימער אף קאַזשאַאָ 216.

אַדאָלפאָ רייצין, וועלכער איז געווען דער ראש המדברים אין שפּאַ־ניש, האָט אים אַלעס אויסדערציילט, די אלע שווינערייען, שווינדלע־רייען און אויך דעם כּאבאַר־סיסטעם פון די אדמיניסטראַטאָרן מיט זיי־ער קאָמפּ שניידן, דאָס צונעמען בא איינעם און געבן א צווייטן; די אלע לומפּערייען פון דער הנהגה, מיט זייערע עמבאַרגאָס, מיט זייערע אַדוואָ־קאַטן און פּאָליציי...

— זיי וועלן איינברעכן אונדזער ליבע קאָלאָניע; זי וועט שפּעטער מוזן איבערגיין אין פרעמדע הענט, — האָט ער געזאָגט מיט הארץ און זיך צעוויינט ווי א קינד.

ישראל דיניעץ נעמט בא אים איבער די רייד. ער ווייזט קאזעס'ן דעם געדרוקטן אוקאז פונם 26־טן דעצעמבער 1910 וואס באפעלט די קאָלאָניסטן אראפּצוטרייבן די ארענדאטאָרס פונם לאנד און קיינעם ניט פארדינגען די אלפאלפעס, און אויב ניט וועט מען זיי דורכן געריכט אנגרירן דעם קאָנטראַקט און ארויסשמייסן פון קאָלאָניע... און דיניעץ רופט אָן די נעמען פון קאָלאָניסטן, וועלכע האָבן זיך פאר דער גזרה דערשראָקן, האָבן זיך פארמשכונ'ט, פארזעצט, זיך אויסגעבראכט ביז'ן העמד, און האָבן דעם ארענדאטאָר באצאָלט וויפיל ער האָט פארלאנגט, אבי אָפּצונעמען בא אים דאָס פעלד. און איצט שטייען די אלפאלפא־פעלדער ליידיק און די ראטע גייט, די פּראָצענטן וואקסן און דער חורבן רוקט זיך...

קאזעס נעמט דעם אוקאז, בליקט אראָפּ אָף די אונטערשריפטן פון די דירעקטאָרן און ציט צוזאמען דעם שטערן, געבנדיק דערביי א שטארקן זיפץ.

— באסטאַ! — זאָגט ער גערירט — מיר איז שוין אַלעס באוואוסט. מיר האָט דער סעניאָר אַלפערסאָן אַלעס געשריבן. וואס קען איך טאָן פאר אייך? זאָגט!

— צוויי זאכן פארלאנגט די קאָלאָניע. דאָס ערשטע און אויך דער עיקר, איז די פרייהייט, דאָס אייגנטום־רעכט אָפ'ן לאנד; און דאָס צווייטע, אוועקצונעמען דערוויל, איידער עפּעס וואס ס'וועט זיין, די אדמיניסטראציע. דער אדמינסטראטאָר איז א צרעת, א פּעסט פאר דער קאָלאָניע...

קאזעס האָט אָנגעשפּארט דעם קאָפּ אָפ'ן טיש און זיך פארטראכט.

— אלזאָ, — גיט ער ווי שלעפעריק א פרעג — איז בא אייך פעסט באשטימט אז די קופּשיינען וועלן אייך פון אלע צרות באפרייען?

— פעסט און זיכער! — האָט אים רייצין געענטפערט.

ער האָט דעם שטערן צוזאמענגעקנייטשט און געשוויגן.

איך האָב א וואונק געגעבן צו אונדזערע אז זיי זאָלן מיך לאָזן ריידן.

— יסלח לי אדוני! — זאָג איך אים אין העברעאיש.

— דבר ידידי!

— מיר זיינען שוין ניט קיין יונגע מענטשן, — הויב איך אָן אין דער

שפּראַך, וועלכע ער האָט אזוי ליב געהאַט — דער מענטש ווייסט ניט זיין טאָג, ס'קען אויפשטיין אף אונדזערע קינדער א מלך חדש, א נייער דירעקטאָר, וועלכער האָט אָט דעם דערנער־וועג, דעם בלוטיקן צוואנציק־יעריקן, וועלכן דו, אדוני, האָסט מיט אונדז צוזאמען אין די וויסטע מדבר־ריות פון ארגענטינע דורכגעמאַכט. אָט ער, דער נייער, האָט אים ניט גע־זעען און ניט געקענט, און ער וועט דורך א סיבה אָדער צוליב אַן אינ־טריגע, אראָפּוואַרפן אונדזערע קינדער פון דעם לאַנד, און די באַרמהער־ציקע מענטשהייט וועט דאָס נאָך אָננעמען פאַר רעכט. — ס'זיינען דאָ געגוג עניים, עמיגראנטן, וועלן זיי זאָגן, פאַר וואָס קומט זיי אזוי פיל?. אף אייך, אדוני, ליגט א חוב קדוש צו פאַרהינדערן אזא גאַנץ מעגלעכן אומרעכט. איר האָט אונדז מגדל געווען, אזוי ווי קינדער אונדז דערצויגן, און איר דאַרפט אונדז באַ אייער לעבן ארויספירן אף דער פרייהייט...

זיינע גרויסע, שוואַרצע אויגן זיינען אים אָנגעלאָפן מיט טרערן און ער זאָגט צו אונדז באַהאַרצט:

— איר האָט דעם פולשטענדיקן רעכט! איר האָט מיין וואָרט, אַז אַליז וואָס איז אין מיין קראַפט, וועל איך אָנווענדן פאַר דער זאַך און איך גלויב, אַז די הערן אין פאַריז, וועלן צושטימען צו מיינע רייד.

—זשאַ סאַקאַרע סום טיטולאָס (איך וועל אייך די קויפשיינען ארויס־נעמען) — האָט ער אין שפּאַניש געזאָגט. — זייט רואיק, אין גיכן וועט איר האָבן אייערע דעפיניטיווע טיטולאָס. און ווען יענעם אדון, אים וועל איך שוין צונעמען פון דאָרט. א „בוען מוטשאַטשאָ" (א וואוילן בחור) וועל איך אייך שיקן אף זיין פּלאַץ.

מיר האָבן פּרובירט ריידן פון היפּאָטעקירן אונדזערע לענדער, טאַקע באַ דער „דזשוּאיש" אַליין, נאָר ער האָט פון דעם ניט געוואָלט הערן; — אַז פריי, זאָלט איר זיין אין גאַנצן פריי.

מיר האָבן זיך מיט אים געזעגנט און מער האָבן מיר אים ניט געזעען. דער אכזר, דער טויט, האָט אים אוועקגענומען.

שלום לעפרו!

אָבער זיין פאַרשפּרעכן האָט ער הייליק מקיים געווען, די פרייהייט האָט ער אונדז געגעבן.

אין נעקסטן קאַפּיטל וועלן מיר ריידן דערפון.

א פּאָר טעג האָבן מיר נאָך אין דער רעזידענץ פאַרבראַכט און ווען מיר זיינען מיט דער גוטער הבטחה אהיימגעקומען, האָבן מיר שוין גע־

טראָפֿן דן דינערן אומגיין צווישן די פֿערד־הענדלער און בלאָטע קרעמער פֿון קאַסאַרעס זאַמלען געלט אַף אַ מתנה קויפֿן דעם אַדמיניסטראַטאָר, וועלכער איז שוין אַנטזאָגט געוועז און פּאַרט אַפֿ פֿון מאָוריציאָ.

אונדזערע קאָלאָניסטן האָבן אויך מיטגעשטייערט אַף דעם גאָל־דענעם זייגער מיט דער קייט, וואָס זיי האָבן אים געשאָנקען: אַ שמחה איז אַף זיי געוואָרן, פּטור געוואָרן פֿון דעם רוסישן טשינאָווניק...

אַ יונגער, בלאָנדער מאַן, אַ ספרדי, סעניאָר באַרוך, האָט פֿאַרנו־מען זיין פּלאַץ.

די שוחטים מיט אונדזערע תלמודיסטן האָבן גלייך נאָכ׳ן אָפּפֿאָרן פֿון ה׳ קאַזעס געמאַכט „הפרת נדרים“. זיי האָבן אויסגעפֿונען, אַז ניטאָ דער נוגש, איז די שבועה בטל...

ס׳איז שטילער, רואיקער געוואָרן אין קאָלאָניע. מ׳האָט גענומען וואַרטן אַף קאַזעס׳ס הבטחה, און די וואָס האָבן אין זיינע רייד קיינמאָל ניט געגלויבט, האָבן געהאָפֿט אַף דר. מעלאָ.

---

XVII

# דער פרומער אונגרע

דר. אונגרע׳ס ערשטער וויזיט. — די טירן פון דער אדמיניסטראציע זיינען צעעפנט. — דער עקס אדמיניסטראטאר געשטעלט אויג אף אויג. — „צוואנציק יאר ווערט דער אמת געבאדן אין טינט״. — דר. אונגרע זאגט קדיש אין ק. קאסארעסער „סאלאן איז־ראעליטא״. —

דעם 12־טן יוני 1911, איז דער יונגער אונגרע אנגעקומען אין דער קאלאניע. מיטגעבראכט האט ער מיט זיך דעם עקס אדמיניסטראטאר. א פנים, אויג אף אויג צו שטעלן מיט די קאלאניסטן, וועלכע ער האט אזוי פארלוימדעט פאר אים.

די טירן פון דער אדמיניסטראציע, זיינען ברייט צעעפנט געווארן, מ ע ש ה ח י ר ו ת, מ׳האט געקענט מיינען, אז א נייער רעזשים, א פרייערער האט איינגעטראטן.

אונגרע, זייער א ליבלעך און איינפאך מענטשל, האט אין פראסט מאמע לשון מיט יעדן פריינטלעך גערעט, און ווייזט אוים, אז ער האט נים געפונען אין די מאוריציער אזעלכע פייערדיקע אנארכיסטן פון באמבעם און דינאמיט, ווי די מושלים האבן פאר אים אונדז פארגעשטעלט.

— ווי קומט צו אייך, קאלאניסטן, דער געדאנק, — פרעגט ער נאאיוו, — איינצוגעבן אף „דזשואיש״ אין געריכט?

— מיר האבן זיך פון דער „דזשואיש״ אליין אויסגעלערנט. — האט אים די קאמיסיאן פון דעלעגאטן געענטפערט.

— וואס מיינט איר דערמיט צו זאגען? — פרעגט ער און קוקט אף די ארומשטייענדיקע קאלאניסטן.

— מיר מיינען, אז די יק״א גיט איין אין געריכט אף אונדז, מאכט עמבארגאס, באפאלט אונדז מיט פאליציי, מעגן מיר דאך אויך אזוי טאן.

— ווער? מיר? די דזשואיש קאלאניזיישאן מאכט עמבארגאס?

— סי סעניאר! — ענטפערט מען אים. — אט שטייט דער אלטער

משה ליכטמאַן. ניט לאַנג איז אין דעם ווי אים האָט אָט דער סעניאָר, — מ'ווייזט אַן אַפּ'ן אדמיניסטראַטאָר — עמבאַרגירט און זיין זון ארעס־טירט...

אונגרע הויבט אויף די אויגן צום אַדמיניסטראַטאָר.

— איר, סעניאָר?

דער אַדמיניסטראַטאָר ווערט אַנגעצונדן רויט און באַלד בלייך און ענטפערט:

— יאָ, איך האָב אים געמאָנט געלט...

— געלט? — גיט דער יונגער פּאַריזער אַ געשריי — די „דזשוּאיש" דאַרף געלט? מיר נויטיקן זיך אין געלט? מאָנען מיט פּאָליציי געלט? צו וואָס?

דער אַדמיניסטראַטאָר הויבט אָן שטאַמלען:

— איך האָב אַן אָרדער פון מיינע פאָרגעזעצטע באַקומען אַזוי צו האַנדלען.

— אַזוי? אַן אָרדער באַקומען? איך וויל אים זען...

ער לויפט אין צווייטן צימער, ברענגט דעם מאָנאַטליכן קאָרעספּאָנ־דענץ־בוך, הויבט אָן מישן, בלעטערן און די דינע פּאַפּיראָס פּאַפּירן רייסן זיך אין זיינע ציטערדיקע פינגער...

אונגרע האָט ניט געקענט צוזעען דעם צער פון דעם נידערשלאָגענעם עקס אַדמיניסטראַטאָר און זאָגט:

— לאָזט עס, סעניאָר, מירן שפּעטער דעם באַפעל געפינען.

און צו די דעלעגאַטן ווענדט ער זיך:

— מיט וואָס קען מען דעם גאַנצן פּלאָנטער פון אייך מיט דער גע־זעלשאַפט אויפּוויקלען?

— מיט דער פרייהייט, סעניאָר, אייגנטום־רעכט אַף אונדזער לאַנד ארויסצובאַקומען און מער מיט איר זיך ניט אָנקערן... דעם גאַנצן צו־טרויען צו אירע דינער האָבן מיר פאַרלוירן... מיר האָבן געפּרואווט בע־טן קויפשיינען מיט היפּאָטעקע־פאַרפליכטונג, האָט מען אונדז געזאָגט, אַז די סטאַטוטן פון דער דזשואיש דערלויבן עס ניט...

— די סטאַטוטן? — גיט ער אַ שמייכל — זיי קען מען ארומגיין... גלויבט מיר, אַז פּאַריז ווייסט גאָר ווינציק וואָס ס'טוט זיך דאָ מיט אייך...

אַן אויפגערעגטער, איז ער אויפגעשטאַנען פונ'ם טיש, געהייסן שפּאַ־נען דעם קאַטש און גענומען מיט זיך צוויי קאָלאָניסטן: ישראל דיניעץ און אַברהמ'ל רויזענפעלד.

— קומט מיט מיר, ווייזט מיר אייערע רעוואָלוציאָנערן, איך וויל זעען מאָוריציאָ.

גאָר אין אַנדערע פאַרבן האָט ער די קאָלאָניע געזעען, גאָר ניט די זעלבע קאָלירן מיט וועלכע די באַריכטן וואָס גייען קיין פּאַריז זייגען באַפאַרבט, האָבן זיינע אויגן געזעען.

— פאַלש! — האָבן זיינע ליפּן, ניט ווילנדיק, אַרויסגעמורמלט און מיט פאַרקלעמטע ציין זאָגט ער אין דער שטיל:

— צוואַנציק יאָר באָדן זיי דעם אמת אין טינט...

אַ צערודערטער, אַן אויפגעבראַוזטער, איז ער נאָך דעם זעלבן אָוונט קיין קאַסאַרעס אוועק. ער האָט ניט געוואָלט איבערנעכטיקן אונטער'ן אַדמיניסטראַציאָנעם דאַך.

אייניקע פון אונדז האָבן אים באַגלייט.

— מאַכט מיר אַ מנין, אידן — בעט ער זיך בא אונדז, שוין אין קאַסאַרעס. — איך האָב יאָרצייט נאָך דער מוטער.

מיר האָבן דעם שיינעם קאַסאַרעסער „סאַלאָן איזראַעליטאַ" געעפנט און ער האָט דאָרט קדיש געזאָגט.

אין „האָטעל דע ראָמאַ", איידער דער 12־ער באַן גייט אָפּ, בין איך מיט ב. ראַבינאָוויטש בא אים געווען. אַף אונדזער ביטע, ער זאָל אונדז זאָגן, וואָס איז עפּעס דאָרט אַזעלכעס אין פּאַריז? פאַרוואָס ענטפערן אונדז ניט די הערן אַף אונדזערע ביטעס און פאַרוואָס דערלאָזן אונדזערע גרויסע ברידער צו אַזעלכע אומרעכטן, וואָס ס'ווערן דאָ געטריבן: עמבאַרגאָס, דעסאַלאָכאָס, כאַבאַרן, שווינדלעריי? — אַף די אַלע פראַגעס, האָט ער נאָר איין ענטפער געגעבן:

— צווינגט מיך ניט צו ריידן דיפּלאָמאַטיש... ס'איז היינט בא מיר דער אָנדענקס־טאָג נאָך מיין גאָטזעליקער מוטער...

און די אויגן זיינען בא אים געוואָרן אַזוי ווייך, פרום, ווי די אומשולד פון אַ קינד.

מיר האָבן שוין פאַרשטאַנען וואו אונדזערע ביטעס און קלאַגעס קומען אַהין.

באַם געזעגענען זיך, זאָגט ער צו אונדז:

— איך בין ערשט ניט לאַנג אין דירעקטאָריום אַריין. 14 יאָר האָב איך בלויז בא די ביכער געאַרבעט. אויב איר וועט האָבן וויכטיקס, זאָלט איר ניט שרייבן, בעסער קומט אַ דעפּוטאַציע גלייך קיין פּאַריז. דאָרט

ען איך פיל פאר אייך טאן. איך וועל מיט'ן סעניאר פאזעס איבעררײידן. איך גלויב, אז איר וועט אינגיכן פטור ווערן פון דעם סכסוך.

און ער איז זיך אפגעפארן.

איך מוז עס אנמערקן. שפעטער מיט צען יאר, איז אט דער פרור־מינקער אומשולדיקער אונגרע ווידער צום באזוך בא אונדז געווען, אבער גאר מיט אן אנדער הויט אפ'ן פנים און אויך מיט אן אנדער הארץ.. הארט, פארשטיינערט, א יס"א טשינאווניק, וואס באַרעכטיקט די אלע לומפערייען פון דער לאקאלער הנהגה און האט הנאה, פילט א טעם אין זיי.. אונדזערע איצטיקע צוויי גרויסע ארגאנען, „די אידישע צייטונג" און „די פרעסע", וועלכע האבן מיט אים אינטערוויואוען געהאט, האבן געענוג גאל אויסגעשפיגן בא אים...

איך וועל זיך נאך אפשר אומקערן צו דעם.

---

XVIII

# שײנקײט פאַר אַ חורבן

ליכט און פינצטערניש. — דאָס שוואַרצע יאָר 1912. — די קללה פון רעגן. — דער צירקוליאַר 153 מעלדעט די פרײַהײט. — אײדער עס איז געקומען די נחמה איז אויסגעגאַנגען די נשמה. —

ליכט מיט פינצטערניש גײען באַנאַנד; פונם אור מיט'ן חושך האָט דער בורא אַרויסגעקאַלופּעט אונדזער אָרעמע װעלט. און װען דו זעסט דעם אור, דאָס ליכט, אין זײַן פולן גלאַנץ, דאַן װײס, אַז דער חושך לױערט שױן דאָרט אין זײַן „קאַמאַראַ אָבסקוראַ", ער שצירעט שױן אױף דיר זײַנע פינצטערע צײן...

דאָס גליק, דער ליכטיקער שײנער טאָג, ענדיקט זיך תמיד מיט דער שטאָק־פינצטערער נאַכט.

בײַ אונדז אין קאָלאָניע, איז דער טאָג נאָך דעם אָפּפאָרן פון די פּאַריזער אדונים, זײער אַ ליכטיקער געװען. שטראָמען פרײד און ליכט האָבן זיך פון אַלע זײַטן אױף אונדז געגאָסן.

רואיק און שטיל אױפ'ן פעלד און אין שטוב. דעם אוריאַדניק מיט'ן רעװענקע אין האַנט איז ניט צום זען מער; די עבדים האָבן אָפּגעדיכעט. קײן אוקאַזן, צירקוליאַרן, אינסטרוקציעס פון די דירעקטאָרן אין קאַזשאַאַ 216 איז אין דער װיטרינע אױף דער רױטער מצרים־װאַנט ניט צום זען געװען. אױס מיט עמבאַרגאָס, הױט שינדערײַ איבער דער „אַנואַלידאַד" (יערלעכער ראַטע). אונגרע האָט ריכטיק געזאָגט: די „דזשואיש" נױטיקט זיך ניט אין געלט...

דער נײַער אַדמיניסטראַטאָר, באַרוך, האָט גערופן פון יעדער גרופּע אײן קאָלאָניסט אַלס דעלעגאַט פון די איבעריקע שכנים, אױף אַן אסיפה, און אױף דער באַראַטונג איז מען צו אַ הסכם געקומען צו רעאָרגאַניזירן די קאָלאָניע, אױפלעבן איר און אױסקשטעלן זי אױף איר פריערדיקן שײנעם מצב. די אַגריקולטאָרן זאָלן פירן אױף אַ ברײטן מאַסשטאַב די אַגריקול־

זמר, פארגרעסערן דעם שטח זריעה און די אלפאלפא־באזיצער זאלן זיך נעמען צו דער פראָדוקציע פון פאַשע, ד. ה., מ׳זאָל די לוצערנע פעקלאך טראַנספּאָרטירן מיט דער באַן קיין בוענאָס איירעס. די סחורה האָט זיך דאָן, אין די טרוקענע יאָרן, זייער גוט באַצאָלט.

מ׳האָט זיך גענעבן אַ נעם אויפסניי צו דער אַרבעט. די קרעמער, האָבן אָפ׳ן וואונק פונ׳ם אדמיניסטראַטאָר, וואָס האָט זיך אויסגעשפּראָכן אַז מאוריציער קאָלאָניסטן זיינען שוין בארעכטיקטע אייגנטימער פון זייער ערד, געעפנט אַ גרויסן קרעדיט די קאָלאָניסטן. מ׳האָט גענעבן אָפּ באָרג און, קאָלאָניסטן האָבן גענומען.

די תבואה־מאַכער האָבן געבראַכט נייע אַקערס, מאָדערנע זייע־מאַשינען, ווייץ און ליאָן אָפּ זריעה. אַלעס האָבן די געשעפט־הייזער אָפּ קרעדיט געגעבן. די אַלפאַלפאַ־מאַכער האָבן אָפּ גיך איינגעהאַנדלט קאַסאַרקעס, גראַבליעס, פרעס־מאַשינען, ברעזענטען די סטויגן פאַשע איינצודעקן, אַלע מכשירים אין וועלכע די פאַשע ־ פּראָדוקציע נויטיקט זיך, און מיט פלייס, מיט מוט, מיט שמחה און געזאַנג, האָט זיך די אַרבעט אין פעלד געטראָגן.

די קאָלאָניסטן, וואָס זיינען געהאַט אַריבערגעפאָרן אין שטעטל אין קאַסאַרעס, האָבן זיך צוריק אין זייערע היימען אַריינגעקליבן. אַרום־געריייניקט די וועלדלעך, באַפּוצט די פרוכט־בוימער, אַרומגעשוירן די בלומען, אָפּגעקאַלכט די ראַנטשאָס...

קורץ, דאָס לעבן אין מאוריציאָ האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ לעטאַרגישן שלאָף, איר בלוט האָט אָנגעהויבן נאָרמאַל צו צירקולירן, אַ טייל פון דער יוגנט וואָס איז אין די שטעט זיך צעלאָפן האָט זיך ביסלעכווייז אהיימגעקערט און ענערגיש זיך גענומען צו דער אַרבעט אין פעלד.

ווען ס׳איז געקומען סוף אָקטאָבער, האָט זיך שוין די קאָלאָניע אַרויסגעוויזן מיט איר פולן ליכט און גלאַנץ. דאָס נייע לעבן האָט גע־שטראָמט, זיך געגאָסן אָפּ די פולע תבואות פעלדער, אַז ס׳האָט פאַרכאַפּט דאָס אויג. די קאַסאַרקעס האָבן זיך אָפּ די לוצערנע פעלדער געגליטשט און אויסגעלעגט די געשניטענע אַלפאַלפאַ אין דער ליניע, מיט זייער שטי־לינקען זמר: זיג־זאַג. מ׳האָט געשניטן די פאַשע, צוזאַמענגעפירט אין די טויזנטער סטויגן. מער ווי אָפּ אַ פּאָר מיליאָן פאַשע האָט מען שוין אין די ערשטע צוויי שניט געשאַצט. היינט דער דריטער און דער פערטער שניט!..

די שטימונג אין קאָלאָניע איז געווען אַ געהויבענע און אַ פרייליכע. געפּראַוועט האָבן זיך די קאָלאָניסטן, אַ דאָפּלטע שמחה האָט אין זיי געלעבט: צעבראָכן דעם אייזערנעם יאָך פון דער יק״א, צעגאַנגען איז געוואָרן דער צוואַנציק־יעריקער שניי, — האָבן די קאָלאָניסטן צווישן זיך גערעדט. עס שמעקט מיט זומער, די פרייהייט קלאַפּט אין טיר... דר. מעלאַ, צי קאזעס מיט אונגרע׳ן, אָבער אונדזערע טיטולאַס זיינען געזיכערט... צוויייטנס, דער שניט. די קאָסעטשע ווייזט זיך גאָר אַן אַנטיק. און אויך די סטויגן, די פּעקלעך פּאַשע, וועלן אָפּ׳ן ווינטער שיינע, היפּשע טויזנטער אריינברענגען...

אָט קומען די טיטולאָס, מיר ווערן באַלעבאַטים פון דער ערד. צוויי הונדערט פּעזאָס נאָר היפּאָטעקע אויף אַ העקטאַר, איז אַ קימאַ לן פון אַ פּערציק טויזנטער. דער שניט אליין וועט געווים אַלע פריערדיקע שולדן אָפּצאָלן. אַלע יערלעכע ראַטעס, מיט זייער שמוציקן פּראָצענט, מיט זייער הלוואה פונ׳ב באַטריגערישן מיליאָן, וועלן אונדזערע תבואות דעקן... און פאַרן היפּאָטעקע געלט וועלן מיר איינקויפן פיה, אָדער בעסער, מער לאַנד פאַר די קינדער וואָס די יק״א האָט אָפּגעוואָרפן... און ס׳וועט זיין ליהודים...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איז אָבער דעם מענטשן באַשערט צו געניסן גוטס אויף דער וועלט, פאַרגינט אים דען די השגחה הנאה צו האָבן כאָטש אַ קליין ביסעלע אין זיין באַשרענקטער לעבנס־צייט?!

קאַרג, און ניט קיין פאַרגינער איז ער, אָט דער געהיימער, וואָס קיינער זעט אים ניט, און דאָך זאָגט מען אַז אַלעס איז אין זיין האַנט. קיין זאַך פאַרגינט ער ניט דעם מענטשן. דאָס בעסטע איז פאַר אים, זיך האָט ער דאָס גוטס צוגענומען. און אונדז האָט ער נאָר צרות און ליידן איבערלאָזן. אפילו צופיל פאַרנטאַזירן פון גוטס לאָזט ער אויך ניט.

---

ס׳איז געקומען דאָס יאָר 1912.
אַ שוואַרצער חושך טראָגט זיך פונ׳ם טייך.
אין מזרח, וואו דער אייביקער אַטלאַנטיק ליגט אין זיין ברייטן בעט און וואַשט די ברעגעס פונ׳ם ארגענטינער לאַנד, איז פינצטער געוואָרן. שוואַרצע וואָלקענדלעך זיינען פונ׳ם ים־בויך ארויסגעקראָכן, האָבן זיך ווי לענגלעכע ווערעם אָפּ׳ן הימל צעקראָכן און דערנאָך אין גרויסע שטי־

קער בלייז זיך צענויפגעגאסן און גענומען דעם שיינעם זומערדיקן הימל אין שטיקער צעברעכן. אלע פענצטער האבן זיי אים אויסגעשלאגן און עס האט אנגעהויבן מבול'ן, גיסן מיט גאנצע עמערס וואסער אף אונדזער ערד. ניט קיין פערציק טעג, ווי אין נח'ס צייטן, האט בא אונדז גערעגנט, נאר א יאר און צוויי און דריי. מיד געווארן אף א פאר טעג, א וואך, זיך אויסגערוט, און ווייטער גענומען גיסן און פארפלייצן די ערד.

די אונטערשטע וואסערן האט עס א פנים פארדראסן, אדער זיי האבן זיך אין די אויבערשטע וואסערן פשוט מתקנא געווען, זיינען זיי פון ערגעץ טיף אין דער ערד ארויפגעשוואומען און זיך גענומען שלאגן, פאטשן, שליידערן בערג מיט כוואליעס איינע אף די אנדערע.

די נידעריקע פעלדער ארום בוענאס איירעס און אין סאנטא פע, זיינען גלייך פארטרונקען געווארן. טויזנטער שטיק פי, שאף און רינדער, זיינען ביז אין די בייכער אין וואסער געשטאנען, פון הונגער און נעץ אוועקגעפאלן. אין א סך ערטער זיינען די רעלצן פון אייזנבאן אוועקגעריסן געווארן. אונדזערע קאלאניסטן אין דער קאלאניע סערעס זיינען וואכנווייז אפ'ן דאך געלעגן און זיך דערנערט מיט דערטרונקענע געפגר'טע עופות, ווי פרץ הירשביין האט זיי דאמאלסט געטראפן און ווי איך האב עס שוין פריער געשריבן. מיליאנען פלעצער, געקויפטע חלקים ערד, זייענען אונטער'ן וואסער געבליבן. די ארעמע קויפער טראגן זיך עד היום אום מיט זייערע קאלירטע פלאנען און מיט די קבלות פון דעם איינגעצאלטן געלט, וואס זיי האבן אף אייביק פארלארן. באנקראטן האבן אנגעהויבן צו קלאפן טאג אין טאג, די לאנד־שפעקוליאנטן זיינען די ערשטע געפאלן. נאכדעם האבן געבראכן די תבואה־ אויסקויפער, וואס זייער רייכטום איז שטענדיק פון זייפן־בלאזן געמאכט, און אויך די קרעמער, אט די שמאטע הענדלער, די אלע אויפגעבלאזענע גבירים, זיינען מיט'ן וואסער אוועק. אייניקע האט עס קיין טשילע פארטראגן... און אייניקע האט מען אין די טיורמעס באזעצט, פאר ניט האבן געמאכט דעם באנקראט נאכ'ן כשר'ן, ארנטלעכן שטאטליכן געזעץ... עס זיינען געפאלן גבירים, אף ככר לחם זיינען געקומען סוחרים, וואס זייערע דאמען זיינען ערשט פון די זומער בעדער אין מאר דעל פלאטא געקומען און דארט געטריבן דעם לוקסוס ביז משוגעת... דער קריזיס האט זיך צעשפרייט און צעוואקסן אין לאנד און אנגעמאכט חורבות און שממות.

אונדזער מאוריציא, וואס שטייט אין דער בעסטער געגנט, אף דער

העפּפּטער ניווא פון בוענאָס איירעסער פּראָווינץ, האָט ניט געקענט פאַר־טרונקען ווערן, אָבער פוילן האָט זי יאָ אָנגעהויבן. צוערשט האָט דאָס וואַסער די סטויגן ברויט געבאָפּט, דורכגענעצט זיי ביז'ן יסוד, באין אופן האָט מען ניט געקענט אויסדרעשן די תבואות, אפילו די זעק מיט גע־דראָשענער תבואה אָפ'ן פעלד, זיינען צעוואַקסן און פאַרפוילט געוואָרן. די קאָסטמשע איז אינגאַנצן קאַפּוט געגאַנגען, און נאָך מיטגענומען, ווי מ'זאָגט דאָ „אַ לאַ זשאַפּאַ“, (אַ צוגאָב) די הוצאה פון שניידן און „פּאַרווירן“ (לעגן אין סטויגן). דער היזק איז געווען אין לשער. נאָכדעם איז געקומען די ריי צו די אַלפּאַלפּאַ פעלדער. דאָ ערשט איז געקומען דער אמת'ער בראָך; אַלע טויזנטער סטויגן מיט לוצערנע וואָס די קאָלאָניסטן האָבן אין ווינטער פון הונדערטער טויזנטער פּעזאָס געשאַצט, אָט די אַלע סטויגן פּאַשע, וואָס מ'האָט פאַר'ן גליק און רייכטום גערעכנט, זיינען דורך און דורך אויסגענעצט געוואָרן און גענומען פוילן; שטיין זיינען גע־בליבן די אַלע מאַשינען, קאָסאַרקעס, גראַבליעס, „פּאַרדאַדאָראַס“, ליע־ווערעס, די אַלע נייע מאָדערנע מעכאַניזמען, וואָס מ'האָט אַף קרעדיט גענומען און וועקסלען אונטערגעשריבן; עס זיינען שטיין געבליבן די אַלע ברייטע פעלדער, מיט דער הויכער גרינער אַלפּאַלפּאַ, וואָס האָט אין דער רעגן־צייט פון דער הויט אַרויסגעיאָגט. קיין איינציקער האָט זיי ניט גענוצט. די קאָלאָניסטן האָבן קיין פּי פאַר זיי ניט געהאַט און דינגען — מ'האָט שוין דאַן געמעגט פאַרדינגען — איז קיין איינציקער ניט גע־קומען. ווייל ווּעמען האָט דאָס דאַן געפעלט!

אַ שוואַרצער דלות האָט זיך אָנגערוקט אַף אונדזער שיינער מאָורי־ציאָ און האָט אונדזערע פּנים'ער ווי קויל שוואַרץ געמאַכט. מ'האָט שוין פאַרגעסן אין אַלעם, אַלע פּאָליטיקעס. פרייהייט, קויפשיינען זיינען גע־בליבן אַרונטער. די פראַגע פון „מה נאכל“, עסן, אָט די פראַגע האָט יעדן געבויערט אין מח. נידערגעשלאָגן און אָנטוישט, שוואַרץ ווי די נאַכט, שטום און בייז, האָט מען אין די וואַסערן געקוקט, געזוכט די טויב, די בשורה טויב, אפשר וועט זי פון ערגעץ אָנפליען, מיטן מזונות בלאַט אין מויל...

אָבער אַף דאָס וואָס מ'קוקט אַרויס, דאָס קומט ניט, קומען קומט דאָס אַף וואָס מ'ריכט זיך ניט. וואָס ווייניקער דו דענקסט פון אַ זאַך, אַלץ שנעלער קומט עס אָן און איז דאָ. דער הויפּט־טרעפער פון דער לאָטערייע קומט אויך נאָר אומגערעכט.

אונדזער פרייהייט, דעפיניטיווע קויפשיינען זיינען אויך קאן אומגע־ריכט מיט דער וואסער אנגעקומען. חלואי וואלטן זיי דאן ניט געווען גע־קומען.

דעם 27־טן מערץ 1912 האט די שיף „מאגאליאנעס“ דעם פרייהייטס צירקוליאר פון פאריז געבראכט און שפעטער מיט אכט טעג, פונקט א טאג פאר ערב פסח — אין דער חירות צייט — האבן די דירעקטארן פון קאזשאא 216 דעם צירקוליאר אין קאלאניע אריינגעשיקט: נאט, קאלא־ניסטן, זעט, איר זיינט פריי! און אין אייער זכות וועלן שוין געניסן אלע אנדערע קאלאניסטן.

ער האט געהאלטןווארט, דער גרויסער ספרדישער איד, דון דוד קאזעס.

— זשא סאקארע סום טיטולאס — האט ער אונדז מבטיח געווען, און ער האט די הבטחה מקיים געווען.

---

דער צירקוליאר האט געטראגן דעם נומער 153 און האט זיך געלייי־ענט בזה הלשון:

די גענעראל דירעקציע אין בוענאס איירעס האט די ערע מיטצוטיילן אלע קאלאניסטן פון ארגענטינע דעם פאלגענדן באשלוס פונ'ם אדמיניסטראציאנס ראט אין פאריז, וועגן ארויסגעבן דעפיניטיווע קויפשיינען די קאלאניסטן.

יעדער קאלאניסט וואס איז שוין 20 יאר אף זיין טשאקרע און האט שוין ביז איצט צוועלף יערלעכע ראטעס איינגעצאלט, קען באקומען די איינגנטום־שיינען אף זיין לאנד אין חודש אפריל פון קומענדן יאר 1913, ווען ער וועט באצאלן זיינע איבעריקע אכט ראטעס צוזאמען מיט די אלע אנדערע שולדן, וואס קומען פון אים ארויס. דער אדמיניסטראציאנס ראט איז זיכער, אז די קאלאניסטן וועלן וויסן ווי אויסצונוצן די פרייהייט און וועלן פארבלייבן ארי־בעטנדיק אף זייערע פעלדער און דערציען א דור פון ערד ארבעטער, אז די גע־זעלשאפט וועט ניט דארפן חרטה האבן אף דעם צוטרויען וואס זי האט זיי גע־שיינקט.

גענעראל דירעקציע קאזשאא 216, בוענאס איירעס.

דירעקטארן:

דוד וועגעציאני און מ. [illegible]

אונזער וועכענטלעכער ארגאן „דער פארטייזשענער"
האט דעם צירקוליאר אין אידיש איבערגעדרוקט, רייטערס זייגען מיט
דער בשורה אין די גרופעס ארומגעלאפן:

— קאלאניסטן, איר זיינט פריי! די ערד איז אייערע!

מ'האט זיך מזל טוב אפגעגעבן, אבער, מיט ניט קיין זיכערער שטי־
מע; ניט מיט קיין גראנדיעזער שמחה האבן די איין און צוואנציק יערי־
קע עבדים די פרייהייט אויפגענומען; קיין כלי־זמר האבן ניט געשפילט
און יונגט האט דעם פרייהייטס הימן ניט געזונגען. א שאטן פון טרויער
האט די פרייהייט שכינה פארהילט.

— שפעט! — האט זיך שטיל און קרעכצנדיק ארויסגעריסן בא די קא־
לאניסטן פון מויל. — דער מערדערלעכער קריזיס איז פריער געקומען...

---

XIX

# דער סוף פון די מיליאָנען

וווּדער ניט צופרידן. — דער שרעקלעכער ווינטער. — געבראָכן דער „מיליאָנער". — אַ זעלבסטמאָרד. — מ'וויל זיך ווענדן צו יעקב שיף. —

אַוון די נשמה־לאָזע, די פּריץ־אידעלעך?

איך שעם זיך עס צו שרייבן: ווי די פּאַנשטשיניקעס פאַר אַלעק־סאַנדער דעם צווייטן, ווען ער האָט זיי פון די פּריצים באַפרייט, וואָס האָבן אונטערגעשפּאַרט מיט דער פּלייצע די וואַנט פונ'ם פּריצ'ס הויף און געוויינט: — וואוהין וועלן מיר איצטער גיין? מיר האָבן דאָך ניט מער קיין כאַזיאַאין...", פּונקט אַזוי האָבן איניקע קאָלאָניסטן זיך הינטער דער וואַנט פון דער אַדמינסטראַציע אויסגעשטעלט, מיט דעם צירקולאַר 153 אין איין האַנט און די בײַטש אין דער צווייטער, געקנייטשט דאָס פּאַפּיר, געביסן די פּוזשאַלע, געוואָרטשעט, געשאָלטן קאָלאָמבוס'ן, קאַזעס'ן מיט זיין צירקוליאַר, מיט זיין פרייהייט און מיט דער כאַכלאַצקע טענה פון די פּאַנשטשיקעס, איינס ס'אַנדערע געפרעגט:

— וואָס וועט איצטער זיין?

אויך די היטסע פרייהייטס קעמפער האָבן טיף אין זייער האַרצן זיך דאָס זעלבע געפרעגט:

— וואָס וועט ווייטער זיין?

טיף און אומבאַגרייפלעך זיינען די געפילן פונ'ם מענטשן. ווער קען זיי פאַרשטיין!... צוויי עקסטרעמען בושעווען אינ'ם מענטשנס מח, געהיי־מע קעמערלעך זיינען פאַרזיגלט אין זיין האַרץ, היינט קעמפט ער מיט אַפּפּערוויליקייט, בלוטיקט היים פאַר אַן אידעאַל, און מאָרגן, ווען ער האָט שוין אויסגעקעמפט, קוקט ער אַף אים קאַלט און אַפּאַטיש, אַן איבל נעמט אים אָן און ער פרעגט זיך: — וואָס איז עס? ניט דאָס האָב איך גע־מיינט...

ווי הילפלאָז איז די נשמה אינם מענטשן! שטענדיקע אומצופרידנ־

קיינ פראגט זי ארום אף דער ערדישער וועלט...

זאל דאס אמת זיין, אז זי איז א פרעמדע, און אנגעקומענע אינ'ם מענ־טשנס חומר פון העכערע ספערן און גארט אויך תמיד צוריק צו איר מקור, וואוהין זי גייט זיך טאקע שפעטער, נאך דער לעבערלעבער לעבנס קאמעדיע, אוועק? זאלן די אלטע מיסטיקער, צוזאמען מיט די נייע ספי־ריטיסטן, אמת זאגן, אז קיין ערדישע צופרידנהייט קען איר נישט באגליקן, צי זיינען אפשר די יונגע געלערנטע די ריכטיקע אמת זאגער, אז זי איז אויך ניט מער ווי א שטיק חומר, א מאטעריע וואס וואקסט צוזאמען מיט'ן גוף און זארגט, קעמפט, צוגלייך מיט אלע חומר'שע חושים פאר דער ער־דישער עקזיסטענץ, און ווען די עקזיסטענץ איז אויסגעקעמפט, די תאווה צו דער נצחון, איז א געוואונענער, פאלט זי אריין אין א נייעם סקעפטי־ציזם און פרעגט וואס וועט ווייטער זיין?...

נאר לאמיר לאזן די ניט געלעזטע נשמה־פראבלעם פאר זיי, פאר די געלערנטע פסיכאלאגן...

די קאלאניסטישע נשמה איז דאן מיט דער אויסגעקעמפטער פריי־הייט ניט צופרידן געווען. ווי א האגל אף די רייפע תבואה־זאנגען, אזוי האבן זיך די פיר הארטע און קאלטע ווערטער אף די קעפ פון די אנפירער געשאטן:

„וואס וועט איצטער זיין?"

און דער איצטער איז טאקע א ביטערער, א שרעקלעכער געווען. ער איז געשטאנען אפ'ן שוועל פונ'ם ווינטער, א ווינטער א קאלטער, א נאסער, א מבול'דיקער און א הונגעריקער, אונטער א בארג מיט חובות.

---

דעם ווינטער האט ניט אויפגעהערט רעגענען. ס'איז געווען נאס און קאלט, די ציין אין מויל האבן זיך געטרייסלט פון הונגער און קעלט. דער וויי־טיק אין הארצן איז אין לשער.

הונדערטער סטויגן ברוינע און פאשע שטייען און פוילן, זינקען, קריכן אריין אין דער צעווייקטער ערד און פילן אן די לופט מיט א עיפוש'דיקן געווינט. דער ווינט וואיעט בייז און גרויזאם, ווי א סטאדע הונגעריקע וועלף, טרייבט די וואסערן, שלאגט כוואליעס, פינעט און שווענקט אונ־טער די ליימיקע ראנטשאס, רייסט פון זיי שטיקער און וויל אונדז נאר אין דרויסן זען...

אלע קוימענס זיינען צעלייגט, די דעכער אף א זייט געבויגן, דער רעגן גיסט אף די ווענט, מ'טראָגט זיך מיט די געלעגערס פון איין ווינקל אין צווייטן; ס'פאלט אן אימה, א שרעק אנצוקוקן וואָס ס'איז פון דער קאָלאָניע געוואָרן: אלע בוימער שטייען אויסגעטאָן נאקעט, קיין איין בלעטל איז אף זיי ניטאָ; אלע ראנטשאָס זיינען שווארץ, דער קאלך איז שוין לאנג מיט'ן וואסער אוועק; אייניקע ווענט זיינען איינגעפאלן; ס'איז נאָר געבליבן דער דראָט, א פארזשאווערטער, וואָס קוקט מיט אומעט פון דער אמאָליקער באלעבאטישער שטוב ארויס; דערטרונקענע עופות שווימען אום פאר דער טיר; פויגעלעך קלאפן אין די שויבן, בעטן זיך רחמים אריין אין שטוב; אויף אלץ איז א מרה שחורה אויסגעגאָסן, אלעם איז „כליה" געוואָרן, דאָס הארץ קרעמפט צונויף פאר אומעט און צער.

דער דלות נאָר, ער איז מונטער פריילעך, ער פליושקעט זיך אין די וואסערן, צעלייגט זיך מיט חוצפה, וואקסט אין דער ברייט און אין דער לענג, ווערט גרעסער, שארפער פון טאָג צו טאָג.

צו דעם גרויזאמן ווינטער האָט אונדז דאָן נאָך א שרעקלעכער אומגליק געטראָפן; א בראָך וואָס האָט דערשיטערט און כמעט פארניכטעט א האלבע קאָלאָניע.

דער מיליאָנער פון קאסארעס, דער פריערדערמאָנטער פאפירענער העלד, האָט געקראכט... די פאפירענע וועקסל־בריק, וואָס ער האָט געהאָט אויסגעבויט אף א דריי מיליאָן, און האָט זיך געצויגן פון מאוריציאָ ביז דער קאָלאָניע מאָזעסוויל אין סאנטא פע, דער גאנצער מעכאניזם איז פונ'ם וואסער א פנים צעווייקט געוואָרן, דער קרעדיט איז אוועקגעשוואומען, די פאפירענע בריק איז צעריסן געוואָרן, און דער גביר איז געפאלן. די קרעדיטאָרן האָבן פון זיין גאנץ פארמעגן, וואָס איז געווען היפאָטעקירט אף פיל מער פונ'ם ווערט, אויסגעקליבן בלויז די קאָלאָניסטישע וועקסלען, אייניקע ריכטיקע און מערסטנס אויסגעבאָרגטע טובה־וועקסלען — אָט דאָס האָבן זיי פאר עפעס א ווערט־זאך געפונען און האָבן זיך מיט אימפעט א לאָז געטאָן אף די קאָלאָניסטן, האָבן עמבארגירט זייער רעמאָנענט, די בהמות און אויך די ערד.

די עמבארגירטע קאָלאָניסטן האָבן געמאכט א גוואלד, זיי זיינען געלאָפן צו דעם אומגליקלעכן מיליאָנער: סטייטש? האָט ער זיי א קלאָרן ענטפער געגעבן: — באנקראָטירן איז א מענטשלעכע זאך, ס'איז ניט גע־

שטאן פאר חיות אדער פערד... מאכט די זעלבע שפיל וואס איך!

אייניקע האבן געפאלגט, האבן פאבריצירט א שווינדל באנקראט, א „קאנקורסא סיוויל" האט דאס געהייסן; פאלשע וועקסלען צו גוטע בריי־דער ארויסגעגעבן די ערד צו דער יק"א צוגערעכנט און גערעכנט אזוי ארום פטור צו ווערן, ארויסצוקריכן פון אן אומגליק.

נאר ווי אנטוישט און באטראגן די תמימים זיינען נעבעך געווארן! די אדוואקאטן פון איין זייט און די קרעדיטארן פונ'ם מיליאנער פון דער צווייטער זייט, און ועל כולם די רחמנות'דיקע יק"א; זי האט אירע פילאנט־ראפישע לאפעס אויסגעשטרעקט, ארומגענומען דעם נאאיוון מענטשן פשוט באם האלדז און...

איך וועל שפעטער שרייבן פון דעם. דערוויי? איז פון דעם גביר'ס פאלען די לאגע פון די קאלאניסטן פארערגערט געווארן.

א זעקל מעל האט קיינער מער ניט געבארגט, ס'איז אזוי שלעכט געווארן די צייט, אז די האנט ציטערט מיר. ס'טוט מיר זייער ווייי דערפון צו שרייבן און ס'איז טאקע א סוד אויך דערביי:

איין קאלאניסט ד. ז. איז דאן, אין חודש יולי, פון דער באן סטאנציע גואנאקא געקומען, איז צוגעפארן צו די ברידער סקאלא, א זעקל מעל צו בארגן און אין אוונט איז ער הונגעריק און פארשעמט, ליידיק און מעל צוריקגעקומען און האט פאר פארדרוס זיך נעבעך דאס לעבן גענומען... אף אן אייגענעם בוים זיך אויפגעהאנגען... די אומגליקלעכע פאמיליע האט דעם זעלבסט־מארד פארלייקנט; פלוצימדיקער טויט, האבן זיי געזאגט, איז עס געווען. ארעמער מענטש!

און אין דער אמת'ן איז דאך טאקע דער פארדרוס א גוואלדיקער גע־ווען. מערקט אייך די איראניע: די טיטולאס אף דער ערד זיינען שוין זי־בעט־דא, ס'איז נאר געוועגט אין א שטיקל צייט פון אכט ביז ניין חדשים, ס'איז דא א פארמעגן פון פערציק ביז פופציק טויזנט פעזאס, און דו נעם דערוויי? און שטארב פון הונגער! פינף קילא גאליעטן וויל מען א קא־לאניסט ניט בארגן! וואס איז, שפעקוליאנטן, קרעמער באנקראטירן, גייט דאס אויס צום ערד ארבעטערס קאפ... אבער דעם פארדרוס בייסט מען און מ'קייט אים, און וויפיל מ'זאל אים ניט שלינגען, קען מען מיט אים זאט ניט ווערן.

אזוי ווי די הונגעריקע שאף צעקריכן זיך אף די בערג אין הונגער

צייט צו זוכן א גרעזעלע, אזוי זיינען אונדזערע קאָלאָניסטן זיך צעגאַנגען אַף די געפּערלעכסטע וועגן צו זוכן חיונה.

בּאַ די עקספּלאָטאַטאָרס, בּאַ די שקאָנטינסטן, בּאַ אַלע מיני פּראַצענטניקעס האָט מען די טירן געקלאַפּט און אָט די גיפטיקע פּיאַווקעס האָבּן שוין געוואוסט ווי אויסצונוצן דעם קאָלאָנסטישן אומגליק. און האָבּן אים ארייננגענארט אין פּאסטקע... איינציקווייז האָט מען זיי געכאַפּט. דעם מיט א קאָנטראקטל, יענעם מיט א היפּאָטעקע אַפּ'ן לאַנד, אַף דער צייט ווען די קויפשיינען וועלן קומען, און דערוויל א חתימה'לע בּאַ אים געגנומען „ען בּלאַנקאָ". בּאַ איינציקע אין ארענדע דאָס פעלד אַף יארן אויסגענארט. קורץ, מ'האָט אָנגעהויבּן מיספּרויכן מיט דער פּרייהייט אַפּ'ן שענדליכסטן אופן.

אייניקע פון די אָנפירער האָבּן געשריען: גוואלד, האַלט אייך אַלע איינעם, צוזאמען וועלן מיר געפינען א מיטל. אפשר וועט אַן ארנטלעכער בּאַנק אָדער א גרויס פּריוואט הויז און אפשר וועלן די אקציאָנערן פון יק"א גופא היפּאָטעקירן אונדזערע לענדער און אונדז ארויסהעלפן פון דעם קריזיס. קריכט ניט צו די שווינדלער, צו די פּיאווקעס.

דורך די שפּאַלטן פון'ם „פּארטיידיקער" האָבּן מיר זיי געוואָרנט פון די מחבּלים די פּראַצענטניקעס...

„עצמות יבשות" — האָבּ איך זיי אַן ארטיקל דאַן געשריבּן. — בּאַ יחזקאל הנביא האָבּן די טרוקענע ביינער אויפגעלעבּט, ווען זיי האָבּן זיך נאָר צוזאמענגערוקט איינס צום אנדערן. האַלט זיך צוזאמען, וועלן מיר געפינען עפּעס א הילף!..

עס האָט אַפּ'ן מאָמענט געווירקט. מען איז זיך צוזאַמענגעקומען אַף א פארזאמלונג אין לאָקאַל פון'ם צענטער און אָפּגעהאַלטן א בּאראטונג.

אייניקע האָבּן פארגעלעגט מ'זאָל זיך ווענדן צו די רייכע אידן אין אייראָפּע אָדער גאָר צום אידישן בּאַנקיר און כלל טוער שיף, קיין אַמעריקע, אז זיי זאָלן היפּאָטעקירן אונדזערע לענדער, ארויסגעבּנדיק הונדערט פּעזאס אַפּ'ן העקטאר לאַנד. האָבּן אָבּער פיל אָפּגעשלאָגן דערפון, מיט דער טענה, אז קיינער פון די רייכע אידן וועט ניט וועלן איינגיין עפּעס פאר אונדז צו טאָן, ניט וועלנדיק קאָמפּראָמעטירן די יק"א. ווענדן זיך צו דער יק"א אַליין וועגן היפּאָטעקע? איז, ראשית, האָט דאָך קאַוּעם דעם פּראָיעקט אפילו ניט געוואָלט הערן, צווייטנס, האָבּן זייער פיל קאָלאָניסטן

ניט געוואָלט איישטימען דערצו, מיט דער טענה: איר ווילט אונדז נאָכ־אמאָל אין דעם שקלאַפן־יאָך אריינשטופן? בעסער אינגאַנצן פארלאָרן גיין, איידער נאָכאַמאָל צו פילן דער אדמיניסטראַציעס בייטש...

מ׳האָט דעבאַטירט, זיך ארומגעריסן א גאַנצע נאַכט און זיך צעגאַנגען מיט גאָר ניט.

יעדער נויט־באַדערפטיגער האָט זיך געזוכט הילף וואו ער האָט געקענט. א טייל זיינען געקראָכן צום וואָלף גלייך אין מויל אריין.

פון דער ביורא אין בוענאָס איירעס האָט מען געשוויגן, דער דירעקטאָר וועגעציאַני איז דאַן געווען אַפּגעפארן אין פאריז. מיר האָבן זיך געפונען שטאַרק געקרענקט, הילפלאָז און ראַטלאָז. און דאָ דערנענטערט זיך דער טערמין פון אפּריל 1913, די צייט פון ארויסנעמען די קויפשיינען, און דער קריזיס איז אזוי גרויס, דער רעגן גיסט אַלץ.

---

XX

# א דעלעגאַציע קיין פּאַריז

דער גייסט פון וואלף שרייבער אף אן אסיפה. — „אדאנדע עסטא על אמת?" — א מעשה'לע מיט פראנץ יאזעף און א בלינדן בעטלער. — קיינער וויל ניט פארן. — „נתנה ראש ונשובה מצרימה". — אדאלפא רייצין ניט אויף די פירערשאפט און פאר־פלאנטערט זיך אין א היפאטעקע. —

ענדע נאָוועמבער 1912 איז דער דירעקטאָר וועגעציאַני צוריקגעקומען פון פּאַריז. די ראשים פון'ם פּאַריין „סענטראָ אגריקאָלאַ" האָבן געבעטן דעם אַדמיניסטראַטאָר באַרוך ער זאָל אָנפרעגן אין ביור־ראָ צי זיי וועלן איינגיין מיט די קאָלאָניסטן אַף אַ קאָמפּראָמיס. אָבער דער יונגערמאַן האָט ניט געוואָלט שרייבן און געראָטן ניט צו ווענדן זיך צו זיי, ווייל — האָט ער באַמערקט — די „סעניאָרעס סופּעריאָרעס" זיינען בייז אַף מאָוריציאָ און זיי ווילן זי מער ניט קענען...

— אז ניט אין קאַזשאָאַ 216 זאָל זיין אין רו פּאַסקויע 2 אין פּאַריז! — האָבן די ראשים געזאָגט. — אַ קאָמיסיע קיין פּאַריז וועלן מיר שיקן!

דעם 17־טן יאַנואר 1913 האָבן זיי פאַררופן אַ גענעראַל פּאַרזאַמלונג אין שול פון אַלגאַראָבאַ אויסצוקלייבן אַ דעלעגאַציע וואָס זאָל פאָרן קיין פּאַריז. אַלע קאָלאָניסטן זיינען אַף דער אסיפה געקומען.

ס'איז געווען אין אַ בין השמשות. די זון האָט זיך געהאַלטן באַם זעצן. דער גייסט פונם אַרעמען וואלף שרייבער, וואָס איז נעבעך 2 מאָל פון דעם „פּאַריז" באַטראָגן געוואָרן, האָט זיך אַ פּנים פונם הימל אַראָפּ אַרויסגעכאַפּט און איז אַף דער פאַרזאַמלונג געקומען. און ווען דער פּרעזידענט פון „צענטער" האָט דאָס וואָרט „פּאַריז" אַרויסגערעדט האָט זיך דעם געשטאָרבענעם שרייבערס שטימע, די הייזעריקע, קלאָר גע־הערט:

— „אַראָנדע עסטאַ על אמת"? אַ ראָנדע עסטאַ על אמת?..

די קאַלאַניסטן האָבן זיך תחילת שטאַרק דערשראָקן. זיי האָבן שריי־בערס קול דערקענט. א פּאָר אַלטע פאַנאַטיקער האָבן אויסגעשריגן: שמע ישראל! ס'איז געוואָרן א בהלה, א געדראַנג צו דער טיר, ביז מ'האָט זיך געכאַפּט אז דאָס האָט מאַקס רייכעלסאָן, א שטיק אַקטיאָר, נאָכגעמאַכט דעם אָפּגעשווינדלטן אָרימן שרייבער ווי ער איז אומגעגאַנגען אין פּאַריז און געשריגן:

— ,,אַדאָנרע עסטאַ על אמת"?

ער האָט דערמיט געגעבן אָנצוהערן וואָס פאַר א בטחון און הילף מיר קענען האָפן פון פאַריז.

ס'האָט זיך ריכטיק און קלאָר די גאַנצע שרייבער טראַגעדיע פאַרגע־שטעלט פאַר'ן עולם, דאָס צעוויטיקטע באַליידיקטע פּנים פון וואָלף שריי־בער האָט אומגעשוועבט אין זאַל. יעדער האָט עס געזען און טיף אין זיך געווייטיקט און זיך געשעמט...

ס'איז פאַרגעקומען אזוי ווי אף יעדער אסיפה: צאַנקערייען, רעדעס, וואַרפן די שולד פון דער שלעכטקייט אף יענעם...

איינער א קהל'ס־מאַן, מיט א ברייטער פּלייצע און א צעקעמטער באָרד, דעם פריערדיקן אַדמיניסטראַטאָרס א גוטער ברודער, וועלכער האָט צען טויזנטער פונ'ם מיליאָן געגאַשט, און א חלק פונ'ם געשעפט מיט די פערד, האָט געפונען אין דער קריטישער לאַגע דאָ אין שול דאָס פּלאַץ צו קריטיקירן דעם קאַמף פאַר די קוּפּשיינען. ער איז אף דער במה ארויף און זיך צעשריגן:

— ווער האָט דען די פרייהייט זייערע באַדאַרפט? איז אונדז דען ניט בעסער געווען פריער אונטער דער אַדמיניסטראַציע? ווען האָבן מיר דען אַזאַ הונגער, אַזאַ מאַנגל אין א זעקל מעל געליטן, ווען מיר זיינען גוט געווען מיט די דירעקטאָרן? א טייל פון דעם עולם־גולם האָט נאָכגעזאָגט באַם.

די פריץ־אידעלעך האָבן אפ'ן קול פּאַטאַקעוועט: טאַקע! טאַקע! ס'איז געוואָרן א טומל: אייניקע האָבן זייער שטאַרק געגוואַלדעוועט: פאַריז! פאַריז!

איך האָב געמוזט אפ'ן טיש ארויף און זיי דערציילן אַן עפּיזאָד וואָס איך האָב ערגעץ געלייענט:

פראַנץ יאָזעף, דער עסטרייכישער קיסר, איז אַמאָל געגאַנגען מיט

זיין דאָקטאָר שפּאַצירן אין ווין. האָט ער אַף דעם פּראַטער דערזעען אַ בלינדן בעטלער, נאָר זייער אַ שיינעם מענטשן, ווי ער שטייט אויסגע־שפּרעקט די האַנט און בעטלט. דער בלינדער האָט דעם מאָנאַרך פאַר־אינטערעסירט און פראַנץ יאָזעף רופט זיך אָן צו זיין דאָקטאָר:

— גייט נאָר און באַטראַכט דעם אָרעמען בלינדן, צי זיינען זיינע אויגן טאַקע אומהיילבאַר. אפשר קען מען אים די שיין צוריקגעבן?

דער דאָקטאָר האָט באַטראַכט דעם בעטלער און זאָגט:

— יאָ, מאַיעסטעט, בלויז אַ לייכטע אָפּעראַציע קען דעם מענטשן זע־ענדיק מאַכן.

מ׳האָט דעם שיינעם בעטלער אין קיסר׳ליכן שפּיטאָל אַ שטיקל צייט אָפּגעהאַלטן און אים זיין זעענסקראַפט צוריקגעגעבן.

אין אַ טאָג מעלדעט זיך דער געוועזענער בלינדער צום קייסער און פאַלט אים צו די פיס:

— איך דאַנק דיר קייסער פאַר דער ליכט וואָס דו האָסט מיר גע־געבן, אָבער מער צופרידן בין איך געווען מיט דער פינצטערניש...

דער מאָנאַרך איז אויפגעציטערט געוואָרן.

— וואָס זאָגסטו, קינד? איז די ליכט דען ניט בעסער פון דער פינצ־טערניש?

— פריער,—ענטפערט דער בלינדער—ווען איך בין געשטאַנען אין דער פינצטער, האָט יעדער פאַרבייגייער רחמנות געהאַט אַף מיר און איצט שטאַרב איך פון הונגער...

ווען איך האָב געענדיקט ריידן האָט שוין דער פאַרזאַמלטער עולם גאָר אַן אַנדער מינע באַוויזן; זיי האָבן זיך, ווייזט אויס, געשעמט פאַר׳ן פריערדיקן בעטלער געדאַנק...

און באַין אופן האָבן זיי קיין דעלעגאַטן קיין פּאַריז ניט געקענט זיך צוקלויבן; וועמען מ׳האָט פאָרגעגעבן האָבן זיי אָפּגעוואָרפן; און ווען זיי האָבן שוין יאָ איינגעשטימט אַף איינעם, האָט אָבער דער אָנגעוויזע־נער ניט געוואָלט פאָרן. און מ׳איז זיך צעגאַנגען מיט גאָרנישט. ס׳האָט זיך נאָך איין מאָל ווידערהאָלט די געשיכטע: נתנה ראש ונשובה מצרימה.. דאָרט, אַף אומצוקערן דאָס פאָלק קיין מצרים, האָבן זיי אויך, אַ פּנים, קיין ראש זיך ניט געקענט צוקלייבן...

אַדראַבּאַ רייצין און נאָך אַ פּאָר פון די ראשים האָבן זיך געפּונען

באַליידיקט און האָבן דימיטירט פון דער קאָמיסיאָן.

— אויס! — האָבן זיי געשריגן — מיר ווילן אייך מער ניט טראָגן, איר זיינט שוין ניט קיין קנדער, איר האָט קויפשיינען אויסגעקעמפט, דאָס איז אַ פאַרמעגן, זאָל זיך יעדער גיין זיין וועג.

רייצין אַליין מיט נאָך דריי, זיינען טאַקע באַלד אַוועק אַף אַ וועג, זייער אַ גליטשיקן: שטיקלעך היפּאָטעקע אַף אַ טערמין פון דריי יאָר צייט האָבן זיי ערגעץ אַף זייער לאַנד ארויסגענומען. און אַז דער קורצער טערמין האָט זיך געענדיקט, האָט דער גרויסער אידעאַליסט זיין שיינע טשאַקרע מיט דעם רייכן סאַד און וואַלד, די „ווילליאַ רייצין", געמוזט צו אַ גוי פאַרקויפן. ער איז טאַקע פאַר ווייטיק באַלד געשטאָרבן...

אָבער די איבעריקע קאָלאָניסטן האָבן נאָך דאַמאָלסט אַזאַ געפער־ליכן וועג ניט געוואָלט אָננעמען.

# א בייזער שפּיל

מיר ציען אַף זיך אַרויף אַ דיפּלאָמאַטישע הויט. — די דירעקטאָרן זיינען גוט. — מיר גלויבן זיי. — איך און מיין חבר בעריל ראַבינאָוויטש. — די אדונים זוכן ווידער נקמה און חורבן. — דער אַדמיניסטראַטאָר באַרוד אָפּגערופּען. —

דעם 26־טן יאַנואַר 1913, ניין טאָג נאָך דער אויבנדערמאָנטער אסיפה, זיינען צוואַנציק חשוב'ע קאָלאָניסטן, דער סולת פון קאָלאָניע, צו מיר געקומען, געבעטן און אויך געפאָדערט איך זאָל שרייבן וועגעציאָנין און אָנפרעגן, צי ער וועט ניט וועלן אויפנעמען אַ דעפּוטאַציע פון מאָוריציע.

— מיר ווילן ניט נאָכאַמאָל בלינד ווערן — האָבן זיי צו מיר געטענה'ט, — מיר ווילן ניט פּאַריז; ווייל, אַז די אדונים אין קאַזשאַא וועלן ניט וועלן, וועט אין פּ אַ ר י ז אויך גאָר ניט ווערן... מיר פאַרלאַנגען איר זאָלט צו זיי פאָרן, אפשר וועט איר דאָ ביי זיי פּועלן אייער אידייע: „טיטולאָס היפּאָטעקאַריאָס". דאָס איז די איינציקע רפואה אונדזערע, אַז מיר זאָלן קענען בלייבן קאָלאָניסטן.

איך האָב געמוזט אַרויפציען אַף מיר אַ דיפּלאָמאַטישע הויט, אַוועקלעגן די בושה אָן אַ זייט און אַוועקגעשיקט אַ בריוו, ניט דערוואַרטענדיק אפילו קיין ענטפער.

ס'איז אָבער ניט אַזוי געשען. נאָך דריי טעג איז אָנגעקומען ענטפער פוןביידע דירעקטאָרן, אַז די טיר איז פאַר אונז אָפן... און דעם 30־טן יאַנוואַר 1913, בין איך מיט בעריל ראַבינאָוויטש, געוועזן ביי זיי אין קאַזשאַא 216.

דאָס פּנים האָט באַ אונדז ביידן געפּלאַמט פון שאַנדע, ווען מיר זיינען אין ביוראָ אריין, דערמאָנענדיק זיך דעם בזיון וואָס ער, דער דירעקטאָר וועגעציאָני, האָט ערשט ניט לאַנג ביי אונז געליטן... ער האָט אָבער אונז צו מערקן ניט געגעבן פון וועלכן ס'איז רוגז, אומגעקערט, ביידע דירעקטאָרן האָבן אונז גאָר פריינטלעך עמפּפאַנגען און דער ערלעכער, ניט געשליפענער דירעקטאָר מאָסס, האָט מיר די הענט אָפּן אַקסל אַרויפגעלעגט און זאָגט:

— „מיר האבן זיך איבער אן אידייע געשלאגן און איר האט געזאגט... איצט קענען מיר גוטע פריינד זיין...״

גלייך האבן מיר אנגעהויבן מיט אונזער פראיעקט: מיר ווילן היפאטעקירן אונזערע פעלדער ביי דער געזעלשאפט גופא, מיר האבן זיי אבער געוויזן אז כדי די פעלדער זאלן נים אריינפאלן אין פרעמדע הענט, איז ביי די קאלאניסטן געבליבן אין הסכם צו זיין אונטער דער יק״א נאך 30 יאר, אבער פרייע קאלאניסטן, נים קיין ע ב ד י ם ביי דער אדמיניסטראציע, ד. ה., איר זאלט אונז היפאטעקירן אונזערע לענדער, ארויסגעבנדיק אונז 100 פעזאס אפן העקטאר, און מיט דעם געלט וועט זיך מאוריציא רעארגאניזירן זעלבסטשטענדיק און זיכערן איר עקזיסטענץ.

— און אויב איר טוט דאס נים — כאפט אונטער מיין חבר ב. ראבינאוויטש — איז דער חורבן פון דער קאלאניע א פארזיגעלטער. אזוי ווי ביים חורבן טיטוס זיינען די שקלאפן - הענדלער גרייט געשטאנען הינטער אונזערע טויערן אום אפצוקויפן די געפאנגענע, אזוי שטייען איצט די הענדלער מיט די וואוכערער, די פראצענטניקעס, מיט א בינטל גוים, אום אפצוקויפן אונזערע לענדער און אונז ארויסטרייבן פון אונזער היים.

די דירעקטארן האבן אונז אויסגעהערט און ביידע גלייך אן ענטפער געגעבן:

— גוט! מיר זיינען אויך מיט דער זעלבער מיינונג, שרייבט א ביטע קיין פאריז! — און באמערקנדיק, אז מיר זיינען זייער אויפגערעגט געווארן פון דעם באנאלן צוואנציק יעריקן ענטפער: „טאם״! דארט! פאריז!, האט וועגעציאני זיך א כאפ געטאן: — איך היים עם אייך שרייבן! מיר פון אונזער זייט וועלן אונטערהעלפן דעם פלאן אויסצופירן. און ער האט א בלייפעדער גענומען און אונז א קאפיע אייגענהענטיק אנגעשריבן.

— אט אזוי זאלט איר די ביטע אנשרייבן און די קאלאניסטן זאלן חתמ׳ענען — זאגט ער ערנסט, — אייער היפאטעקע וועט געוויס באשטעטיקט ווערן.

מיר האבן דאן אין זייער ערנסטקייט געגלויבט, און נאך אין זעלבן אוונט צו אונזערע קאלאניסטן טעלעגראפירט מיט א ישועה: „מיר האבן טיטולאס היפאטעקאריאס, אונזער ישוב איז גערעטעט״.

---

דא איז אבער ווידער א שטערן אונז אריבערגעפלויגן. דער שווארצער שטערן וואס באגלייט די ארגענטינער קאלאניזאציע פון איר געבורט אן.

מיר ווייסן ניט אף ריכטיק ווער ס'האט דעם פלאן צעשטערט, נאר צו נישט איז ער געווארן. ווען מיר זיינען מיט פינף טעג שפעטער געקומען מיט דער ביטע און מיט די אונטערשריפטן צו די דירעקטארן, האבן זיי אונז גאר אן אנדער מינע געוויזן. זיי האבן כמעט גאר ניט געדענקט דעם גאנצן ענין וואס מיר האבן מיט זיי פארהאנדלט.

— אט א די ביטע? — שמייכלט ווענעציאני און דער דעספאטישער פאלד צווישן זיינע דינינקע ברעמען ציט זיך אים ענג צוזאמען. און דער צווייטער, דער ניט קלוגער דירעקטאר מאסס, כאפט אונטער:

— יא! מיר האבן זייער קיין צייט ניט, מיר האבן אזוי פיל קאלאניעס וועלכע זיינען נאך זייער ווייט פון טיטולאס היפאטעקאריאס... מיר מוזן פאר ז י י פריער זארגן...

און ווי שטענדיק, גיסן זיך זייערע ביידע שטימען צוזאמען:

— אייער ביטע גייט פרייטיק אפ נאך פאריז!..

מיר זיינען שנעל אפגעפארטיקט געווארן.

ביז אף היינטיקן טאג האבן מיר אף דער ביטע קיין ענטפער ניט באקומען. אייניקע זאגן, אז זי איז אין פאפיר - קארב לעבן די דירעקטארנס פיס אריינגעקראכן, זי האט גאר די שיף ניט געזעען. אנדערע באהויפטן, אז זיי האבן טעלעגראפיש אין פאריז אנגעפרעגט און פון דארט האט מען דעם פראיעקט אנולירט. סאי ווי סאי, אויף דער יק"א איז שוין ניט געווען וואס צו האפן.

— זיי ווילן נקמה נעמען אין אונז, — זאגט מיר מיין חבר ראבינאוויטש אפן וועג פארנדיק אהיים, — זיי ווינטשן דעם אונטערגאנג פון מאוריציא...

— מעגלעך אז די דירעקטארן דא פארלאנגען עס, זיי האבן א פארדרוס אף אונז..

— אבער פאריז, די אקציאנערן, פיליפסאן און די אנדערע גדולים, פארוואס זאלן זיי וועלן אונזער חורבן?

— אום צו ווייזן דער וועלט, אז דער רוסישער איד איז ניט פעהיק זיך אליין צו אדמיניסטרירן...

— זיי דענקען, זאל איין קאלאניע חרוב ווערן, וועט מען שוין די איבעריקע קאלאניעס קיין מאל ניט געבן די פרייהייט, — זאגט מיין חבר באטריבט און קייט דעם שפיץ פון זיין ווייסער בארד. חורבן! — שרייט ער אויס, — מאטל! איך זאג דיר, חורבן שממה! היינט האבן די פראנ־

צוויזן אים אונטערגעשריבן... איך זע שוין די שקלאפן - הענדלער מיט די בייטלען געלט ביי די טויערן פון מאוריציא, זיי, די גוים מיט די פראצענט־ניקעס וועלן איר צונעמען... א קללה אף זיי, אף די רעספאטן...

און ער, דער שטארקער איד, מיט זיין הארייקן באוואקסענעם הארץ, לאזט פאלן א גרויסע זודיקע טרער אין זיין פוכיקער ווייסער בארד.

— דיין פלאץ, פריינט מיינער, איז אין גרענלאנד, דארט אף די אייז־פלעצער, דו ווייסער בער! — זאג איך צו אים לאכנדיק. — דו האסט מיך אזש קאלט געמאכט מיט דיין פעסימיזם. דער חורבן איז נאך וויים. מאך נאר ניט אן קיין מרה שחורה אין קאלאניע, מעגלעך אז פון פאריז וועט נאך גוטס אנקומען...

ער האט אף מיר א הארצרייסנדן ברום געטאן, טאקע ווי א פאר־וואונדעטער בער, האט זיין פאלטן איבערן קאפ ארויפגעצויגן און דעם גאנצן וועג איין ווארט ניט אויסגערעדט.

מיר זיינען אהיימגעקומען. דעם ענטפער האבן די קאלאניסטן אין אונזער נידערגעשלאגנקייט געלייענט.

אין צען טעג ארום האט דער אדמיניסטראטאר בארוך דער דעלעגאטן קאמיסיע געמאלדן, אז ער איז אפגערופן פון מאוריציא.

— איך פאר אפ — זאגט ער — דא איז שוין ניטא וואס צו טון... אהער קומט א יונגער בחור, מאסיע לעווי פון פאריז, ער וועט נעמען געלט און איר וועט נעמען טיטולאס. איר וועט זיך שטעלן אף אייגענע פיס. — שמייכלט ער צו, מיט'ן באוואוסטן שעלמישן ביוראקראטישן געלכטערל.

דעם 18־טן פעברואר 1913, איז שריפטלעך געמאלדן געווארן אין קאלאניע, אז ווער פון אונז ס'פארלאנגט טיטולאס, זאל קומען אין דער אדמיניסטראציע אונטערשרייבן א פאפיר, וועט דער אינזשעניער קומען מעסטן דאס לאנד און דעם ערשטן אפריל, וועט ער, נאכן אפצאלן זייערע שולדן, ארויסבאקומען זיינע דעפיניטיווע טיטולאס און ווערן אייגנטי־מער פון זיין פעלד.

און מערקט דאס אייך גוט, איך מוז דעם פאקט ווידערהאלן, קיין איינציקער פון די קעמפער, וואס האבן מיט די מושלים זיך געאמ־פערט, זיינען דעם פאפיר אונטערשרייבן ניט געגאנגען... ווי רעטזעלהאפט דעם מענטשנס נשמה איז, און ווי טיף און גרונדלאז עס זיינען אירע קאפריזן! — דער מענש קען זיך אליין ניט פארשטיין...

מאיר קוויטעל, דער פארקערפערער פונ'ם אמת'ן אידישן פויער, און

דער אַלטער סענאַל, די צוויי העלדן וואָס האָבן די יק״א אין דער אַנגלאָנ־באַנק געזעצט, האָבן נאָך איצט, ווען איך שרייב די שורה׳ס אין 1917, זיי־ערע קויפשיינען ניט אַרויסגענומען אַפן לאַנד.

ס׳איז צו אַ גרויס געווינס, צו פיל מזל די 180 העקטאַר לאַנד, — זאָגט מיר אַנומעלט דער נאַאיוועך קווייטעל, — איך האָב עס מורא צו נעמען אין האַנט אַריין...

— וואָס־זשע האָט איר זיך אַזוי פיל אַרומגעשלאָגן מיט זיי פאַר די טיטולאָס?

— „ווייל זיי האָבן געזאָגט, אַז ס׳איז ניט אונזערס, מיר וועלן קיינ־מאָל ניט זיין קיין אייגנטימער אַפן לאַנד, ס׳איז אַן הכנסת אורחים. — האָבן אונזערע אדונים געזאָגט... אָבער איצט, אַז איך האָב דעם צירקולאַר נומער 153, אַז די ערד איז מיינע אַן אייגענע, זאָל דאָס שוין זיין ביי זיי, ביז איך וועל ניט האָבן קיין אייגן געלט. ניט דורך קיין באַנק, ניט דורך קיין היפּאָטעקע, נעם איך ניט די קויפשיינען אין האַנט.

אָט מיטן זעלבן קווייטעל - געדאַנק זיינען געגאַנגען און גייען נאָך פיל פון די אידעאַליסטן וואָס האָבן פאַר דער פרייהייט מיט דער יק״א זיך אַרומגעריסן. די ערד איז ביי זיי אַ הייליגטום, זיי ווילן זי ניט פאַרמשכונען ביי קיין שום באַנק... פון פאַרקויפן, איז נאָך דאַן חלילה קיין איינציקן אַפן זינען ניט געקומען.

ווער דען איז דאַן געגאַנגען אַף טיטולאָס זיך פאַרשרייבן? די קראַנ־קע, די עבדים, די פאַרקריפּעלטע נשמות, די לעקערס פון דער אדמי־ניסטראַציע, וועלכע האָבן פריער מיט גאַל די קעמפער באַשפּיגן, טענה׳נדיק: ווער דאַרף אייך מיט די טיטולאָס? אָט די זיינען די ערשטע געווען צום פאַרשרייבן זיך, און אָט די פּסולת זיינען שפּעטער אויך די ערשטע צום פאַרקויפן דאָס לאַנד געווען. זיי, די געוועזענע קרעמער, די טענדלער, וואָס אַלעס איז ביי זיי אַ סחורה: ערד, הימעל, שמאַטעס, אַי־דעאַל, געפיל... זיי האָבן דעם ערשטן שטיין פון דעם 30 יעריקן בנין אַרויסגעריסן און נאָכדעם זיינען שוין אונטערגעקומען די דירעקטאָרן פון דער יק״א מיט זייער נקמה און אפשר מיט זייער געלדמאַנגל און אַרויס־געריסן אַ שטיין נאָך אַ שטיין.

און דער בנין פאַלט, און פאַלט, און וועט שוין באַלד צווישן די רואי־נען פאַררעכנט ווערן, וועט אַרונטערפאַלן אונטער די געלע בלעטער פון׳ם עבר.

**און מעג זיי גאָט אין הימל שענקען די זינד, די קאַלאָניע קען זיי דאָס ניט שענקען.**

---

דרייצן טענדלער האָבן זיך דאַן אף די טיטולאָס אונטערגעשריבן, פון זיי זיינען: אכט אמאַליקע קרעמער, דריי אייער־הענדלער, איין געוועזענער קברות־מאַן און אַ דאַמסקע שניידער. אַט די דרייצן פּאַרשוין האָבן זיך דורך אַ מישטאַליער ערגעץ אַ שטיקל באַנק צום היפּאָטעקירן אויסגעזוכט, האָבן אויך געפונען אַן ארגענטינער וואוכערניק, דוקא אַ קריסט, אָבער מיט דער זעלבער נשמה פון זייער צלאל דעם מלוה, דאָרט אין דער אַלטער היים, און ער האָט ניט טייער גענומען, ס'ה 50 פּעזאָס פון די טויזנט פאַר אַ גאַנצן מאָנאַט צייט ווילאַנג די אפּעראַציע וועט גערדויערן. ווייל, ווי באַוואוסט, האָט מען דער יק"א געמוזט פאַר אַלעמען דאָס גאַנצע געלט פון די אכט קומענדיקע ראַטעס מיט'ן פּראָצענט פון די קומענדע אכט יאָר, ד. ה., ביז 1921 פּאָרויס אַנידערלעגן.

— וואָס? איר לאַכט? וואָס הייסט באַצאָלן פאַר קומענדיקע 8 יאָר פּראָצענט פאַר אַ קרן וואָס ער ווערט איצט באַצאָלט? אַזוי איז עס אָבער געווען, אַזוי האָט זי גענומען, די פילאַנטראָפּישע חברה און געגעבן אַ קוויטונג דאַרויף און גיי שריי, אַז ס'איז קיין יושר ניט!... נו, האָט מען די אכט אָדער צען טויזנטער געמוזט אַנידערלעגן. און ביז די פּאַפּירן גייען אַדורך דעם רעגיסטער און דער קאָלאָניסט באַקומט ניט דעם קויפשיין, קען דאָך די באַנק די היפּאָטעקע אָפּעראַציע ניט מאַכן. דערביי האָט זיי דער גוטער קריסט, דער וואוכערניק אויסגעהאָלפן; ער האָט אייגנהענטיק דעם אַדמיניסטראַטאָר דאָס גאַנצע געלט פאַר זיי באַצאָלט און אין אַ חודש אָדער צוויי חדשים צייט ארום, האָבן אונדזערע טענדלער די דעפיניטיווע קויפשיינען שוין היפּאָטעקירטע אף דריי יאָר צייט, באַקומען. דער מלוה האָט זיך זיין שכר פאַר דער טובה אָפּגענומען און אויך דער אַדמיניסטראַטאָר.

מ'האָט אָבער באַלד אַרויסגעזען דעם דורכפאַל פון דעם געשעפט. אונזערע פרייע, היפּאָטעקירטע קאָלאָניסטן, זיינען אומגעגאַנגען שוואַרץ ווי די ערד. ווען מ'האָט אַ פרעג געטאָן דעם קברות־מאַן משה שפּאַק, אַ איד אַ זקן, וואָס נעמט אַ ביסל בראַנפן מיט דריי מאָל „אודך", וואָס הערט זיך, ר' משה? האָט ער גלייך אַן ענטפער געגעבן: — גוט באַגראָבן... איך האָב שוין ניט קיין געלט און ניט קיין פעלד! דאָס אייגענע דער **דאַמסקע שניידער מ. ק. דוקא אַ גוטער קאָלאָניסט, נאָר פּאַרט אַ נאַדל. די**

צוויי האָבן תיכּף געפּטרט דעם קאַמף. דער לעצטער האָט אַף שניידער־
לשון געענטפערט: — אַ שטאָך ניט די ווערט געהאַט דער גאַנצער גע־
שעפט... אויך די צעלניק און שמאַטע קרעמער, האָבן געוויזן אַ חשבון, אַז
דער עסק האָט ניט געלוינט: די פּראָצענטניקעס, די יק"א, די היפּאָטעקע,
און איגנאַסיאַ פּערערא, דער שקאַנטיסט... היינט די קאָנטריבוציע און די
ערשטע קוואָטע פון די זעקס חדשים דער היפּאָטעקע באַנק... איז שוין
כמעט גאָר ווינציק געבליבן.

ביז וואַנען מ'האָט ניט קיין איינן געלט צו באַצאָלן — זאָגן זיי —
טאָר מען דעם קאַמף ניט רירן. אודאי ס'זאָל געוועזן קומען די טיטולאָס
פאַר דעם קריזיס, איידער דער מבול האָט אונז פאַראַרעמט, וואָלט געוויס
גוט געוועזן, אָבער איצט איז צו שפּעט...

די שרעקלעכע לעקציע פון די דרייצן, האָט די קאָלאָניסטן געלערנט
ניט מער צו מאַכן אַזעלכע שרעקלעכע אָפּעראַציעס, און קיינער איז שוין
אַף טיטולאָס צו פאַרשרייבן זיך ניט געגאַנגען. אייניקע וואָס דער
אינזשעניער האָט שוין געהאַט זייערע פעלדער אָפּגעמאָסטן,
האָבן זיך אַדיך צוריקגעצויגן פון דער זאַך, אָנגעבנדיק אַ תירוץ, אַז זיי
וועלן וואַרטן אַף דעם ענטפער פון פּאַריז, אפשר וועלן דאָרט די גדולים
אַליין אונזערע לענדער היפּאָטעקירן.

ס'איז אַזוי אַוועק דאָס גאַנצע יאָר 1913.

די ביורא דאָ האָט אויך זיך צוריקגעצויגן פון איר רייסעניש; האָט
ניט דאָקוטשעט מיט קיין געלט, ניט געמאָנט, ניט דעם יערלעכן אָפּצאָל,
ניט דעם חוב פונם מיליאָן.

און ס'איז אויך זייער נאַטירלעך געוועזן; אין אייראָפּע איז דאַן אַ
„מאָראַטאָריע" אַף זעקס חדשים פּראָקלאַמירט געוואָרן און דאָ אין לאַנד
זיינען די קאָמערציאַנטן פריי פון די חובות אַף ניין חדשים געוועזן.

דער קריזיס איז שרעקלעך געוועזן, מ'האָט זיך געמוטשעט מיט חיו־
נה, מיט נויט קוים זיך דורכגעשלאָגן די צייט און געוואַרט דער קריזיס
זאָל פאַריבער, די וואַסערן וועלן אָפּלויפן, די פעלדער וועלן צוריק אַ
ווערט באַקומען, און אפשר וועט אַ קאָסעטשע זיין, וועלן מיר זיך נעמען
רעאָרגאַניזירן אונדזער קאָלאָניע אַלס פרייע מענטשן, און די יק"א מיט איר
לומפּיקער הנהגה לאָזן לויפן איר וועג; ס'איז פּעסט באַשלאָסן געוואָרן באַ
די קאָלאָניסטן ניט אַרויסצונעמען מער קיין טיטולאָס דורך באַנק אָפּעראַ־
ציעס, און מיט די דרייצן פּריערדיקע זאָל שוין פאַרשלאָסן ווערן די ערד.

## XXI

# דער נייער דירעקטאָר און זיינע גזירות

דער ריה פון מלחמה. — דריי בליצן אַף דער קאָלאָניזאַציע. — באַלד באַצאָלן די הינ־טערשטעליקע חובות. — אַפשניידן פעלד פארן הוב. — דער אַדמיניסטראַטאָר הלוי גע־זעגנט זיך. — אַ קאָלאָניסטישער אינגל אַף זיין אָרט. — די שאַף האָבן דערשמעקט דעם וואָלף. — די שוואַרצע פויגל האָבן דערשמעקט פגירה. —

ס'איז אָנגעקומען דאָס אומגליקלעכע בלוטיקע יאָר 1914. אין חודש אַפּריל איז עס געווען. די קאַנאָנען פון יענער זייט ים האָבן נאָך ניט געקראַכט; דער אומגליקלעכער וועלט בראַנד, די מלחמה, האָט נאָך ניט אויסגעבראָכן, ערשט אין חודש אויגוסט האָט די אייראָפּייאישע וועלט אויפגעציטערט.

און בא אונדז דאָ איז שוין אַ מהומה געוואָרן.

אַ מלך חדש, אַ נייער דירעקטאָר אַפ'ן אָרט פונם פאַרשטאָרבענעם מאָסס, איז אָנגעקומען און ער האָט אַ קאָמאַנדעווע געגעבן:

— „וואָינאַ“, רוסן! קאָלאָניסטן, צאָלט!

מ'זאָגט, אַז פּאַריז האָט אים געשיקט אַלס „סמיריטעלני גענעראַל“ חרוב צו מאַכן מאוריציאַ און דיסציפּלינירן אַלע קאָלאָניסטן.

דריי בליצן, איינער שאַרפער פונם אַנדערן האָט ער דורך אַלע יק"אַ קאָלאָניעס דורכקרייצן געלאָזט; דער ערשטער בליץ האָט געהייסן: געלט! באַצאָלט אַלע אייערע הינטערשטעליגע חובות!

דער צווייטער טראָגט דעם נאָמען: שניידן! ד. ה. אויב דו האָסט ניט צו באַצאָלן, שנייד איך בא דיר אָפּ אַ האַלב, אָדער דריי פערטל, אָדער גאָר זיבן אַכטל פון דיין פעלד...

און דער דריטער בליץ, דער ערגסטער פון אַלע, איז זיין נאָמען אין שפּאַניש „דעסאַלאָכאָ“ און אויף פּראָסט אידיש הייסט דאָס: — נעם דיר דיינע פינף און צוואַנציק יעריקע ליידן, דיינע פורעניות'ן, דיין גע־פאַלדעוועטן, געקאַרטשעטן פנים, דיינע צעבראָכענע ביינער און טראָג זיך אָפּ פונם באַראָנס נחלה. די ערד מיט אַלעם וואָס איז פאַרבויט און פאַר־פלאַנצט אַף איר, איז אונדזערס און דו גיי! מאַרש! אַפוערא! וואָן פון דאַנען!..

ס'איז איבעריק צו זאָגן, אז ניט איינעם פון די דריי באַפעלן האָבן די קאָלאָניסטן געקענט, צי געוואָלט נאָכקומען און די מלחמה צווישן זיי מיט דער דעספּאָטיע האָט אויפסניי אויסגעבראָכן.

ווי א גענוטער סטראַטעגיקער, וואס זוכט די שוואכסטע פּאָזיציע פונם שונא אים דעם ערשטן קלאַפּ צו געבן, אזוי האָט אויך דער נייער דירעקטאָר אין די שוואכסטע, אָרעמסטע מקומות די שלאכט אָנגעהויבן. דאָרט אַף די פעלצער, וואו דער היישעריק מיטן דלות זיינען תושבים אַף זייער אייגענער טעריטאָריע פון אייביק אָן, דאָרט וואו די גאנצע אָרדענונג פון דער געגנט איז אויך א מאָגערע און א הונגעריקע... דאָרט אין די פּראָווינצן פון סאנטיאַגאָ דעל עסטערא, פון סאנטא פע, ענטרע ריאָס, דאָרט האָט ער די מלחמה אָנגעהויבן, און בא די ערשטע קאנאָנען שאָסן, זיינען שוין קאָלאָניסטן געפאלן... מ'האָט דורך יענער פּאָליציי 25 יעריקע קאָלאָניסטן אַף דער גאס ארויסגעוואָרפן. אייניקע לעמעשקעס, שטילע שעפּסעלעך, די וואָס האָבן זיך ניט אנטקעגנגעשטעלט דער פּאָליציי מיט די סאָלדאטן און קיין גוואַלדן אין דער עפנטלעכקייט אַף דער יק"א ניט געמאכט, — אט די האט דער נייער באהאנדלט מיט חסד, נאָר א העלפט פון זיין נחלה אפגעשאָסן פארן חוב און דעם שעפּס ווייטער געלאזט: זאָל ע ר זיך מוטשען ביז ס'וועט אויפשטיין א נייער נאָ־טשאַלניק, און אים נאָכאמאָל אפשערן און ארומשניידן...

ס'האט זיך פון יענע קאָלאָניעס געטראָגן א שטילער, שמערצליכער קרעכץ; זיי האָבן ניט געשריגן, די געקווילעטע לעמער, זיי האָבן געפּאָלגט זייערע פ א ס ט ו כ ע ר און האבן דעם נייעמס מעשים פארשטיקט אין זיך. ערשט שפּעטער מיט א צייט, ווען דער יונגער שרייבער ז. ברכות איז אהין געקומען און האָט ארומגערייזט יענע ארעמע קאָלאָניע, יענע ארימע ערד, און יענע ארימע פאסטוכער, האָט ע ר ערשט דעם גוואלד געמאכט.

קאראאול! — האט ער געשריגן — די יק"א ראבעוועט די קאָלאָניסטן! מ'שנייט אפ לאנד און מ'נעמט דאס אָן אין דער פרייז פון צוריק מיט 25 יאָר, דער קאָלאָניסט בלייבט כמעט דער זעלבער בעל חוב. און פון וואס צו צאָלן איז שוין אפילו קיין אויסזיכט ניטאָ, ווייל ער האט דאָך נאָר א האלבן צי א דריטל פעלד...

ער איז אומגעלאָפן דער געטרייער יונג ז. ברכות אין אלע קאָלאָניעס, האט געשריגן, געוועקט, א דעלעגאטן־פארזאמלונג, א „קאָנגרעס"

פון די קאַלאָניסטן קיין בוענאָס איירעס האט ער צוזאמענגעשלעפּט; אבער ס'איז גאר ניט געווארען פון דעם: די טשינאַוואָניקעס האבן גע־וואוסט אז באין ברירה וועט מען אים מאכן די זעלבע שפּיל וואס כאַ־זאַנאַוויטשן.

און בוענאָס איירעס? די אלע רחמנות־אידן פון שטאָט? זיי זיינען ערשטנס זייער באַשעפטיקט: אַמעריקע!.. און צווייטנס, איז מען שוין צוגעוואוינט. ע, בע, קאָלאָניסטן מיט דער יק"אַ... אַן אַלטע מכה... אַזוי איז פון דעם גאנצן טאַראַראַם וואס ז. ברכות האט אויפגעהויבן גארניט געווארן.

איך וועל שפּעטער ריידן פון אים. דערווייל לאָמיך אייך דערציילן פון דעם נייעם דירעקטאָר. ער האט געארבעט מעשים אין יענע ארעמע מקומות. צו אונז, אין פּראָווינץ בוענאָס איירעס, איז מען ניט געקומען, ניט געמאָנט קיין געלט און קיינעם ניט געטשעפּעט.

ערשט שפּעטער, אין מאָנאַט סעפּטעמבער, ווען די וועלט־שלאַכט האָט זיך אין אייראָפּע שוין צעשפּילט און אונדזער אדמיניסטראַטאָר, מאָסיע הלוי, האָט זיך געקליבן אָפּפאָרן קיין פראַנקרייך פּאַרטיידיקן זיין פאָטערלאַנד, האָט ער געלאָזט רופן אונזער קאָמיסיאָן און איר גע־מאָלדן:

— איר זאָלט וויסן, קאָלאָניסטן, אז א טערק איז אף אייך אויפגע־שטאַנען, אַ שונא! מיר, —לאַכט דער בחור, — זיינען דאָך „אַליאיר־טע", רוסן און פראַנצויזן. ווייסט, רוסישע אידן, אז דער נייער דירעק־טאָר, ש. איז זיין נאָמען, פון דער ארץ הקדושה, ער איז זייער אַ ביטערער טערק, ד. ה. אַ געשמד'טער רוס, ער איז א רוסישער איד, וועלכער איז אפּגעוועזן צוואַנציק יאר אין טערקיי, זיך דארט נאַטוראַליזירט און זיך צוגעטשעפּעט דעם טערקישען „מעט"... און ער וואַרגט דעם רוסישען אי־דן אָן רחמנות. איך האב פון אים א אוקאַז איינצוגעבן אין געריכט אף אייך, דעסאַלאָכירן, שניידן קאמפּן, ארויסשמייסן אלטע און יונגע קאָ־לאָניסטן... געלט זאָל ווערן! — שרייבט ער. — איך — זאָגט דער פראַנ־צויזישער בחור, — האב די זאַך אפּגעהאַלטן ביז איצט, פּאַרטיידיקט זיך, רוסן! אייערע פּראָצעסן זיינען שוין אין געריכט...

דער גוטער פראַנצויז האָט זיך פריינטליך צעזעגנט און איז אפּגע־פאָרן. זיין שטעלע בא אונדז האָט פארנומען פּ. מ., אַ אינגל וועלכער איז געווארן דער שטעקן אינם „טערקס" האַנט. און דער קאַנאָן האט גע־קראַכט.

אומגעזאמט, איז דער פּאָליציי־אויטאָמאָביל אומגעלאָפן איבער די גרופּעס און צעטיילט איינלאַדונגען: מ'רופט קאָלאָניסטן צום ריכטער. אַכט קאָלאָניסטן פון קאָלאָניע לאַ עספּעראַנסאַ, די פּאַרטרונקענע, וואָס זייערע פעלדער שטייען נאָך האַלב אונטער'ן וואַסער און פיר אַלמנות פון די אַלטע קאָלאָניסטן, זיינען געווען די ערשטע אָפּ'ן פייער, קעגן די 12 איז אָנגעגעבן געוואָרן זיי אַפּצוראַמען: „דעסאַלאַכאָ"! זיי מוזן אָפּרייניקן דעם פּלאַץ. — און צען פון די אַלטע קאָלאָניסטן זיינען גע־רופן געוואָרן וועגן „קאָבראַ דע פּעסאָס", ד. ה. זיי מוזן גלייך באַצאָלן און אויב ניט, וועט „דזשוּאיש" פאָדערן די „רעסיסיאָן", דעם בטול פונם קאָנטראַקט.

די שאַף האָבן דערשמעקט דעם וואָלף, זיינען זיי זיך צונויפגעגע־לאָפן. אָן אַסיפה אין שול איז געוואָרן.

ס'איז באַשטימט געוואָרן מלחמה. מען זאָל זיך שלאָגן מיטן טערק!.. קיין קאָלאָניסט, אַפילו פון די גרינע, די פון לאַ עספּעראַנסאַ, די וואָס האָבן אונדזערע קינדערס פעלדער צוגענומען, אַפילו זיי, זאָל מען ניט לאָזן אָנרירן...

— מיר זיינען שוין ניט קיין גרינע אין לאַנד, מיר געפינען זיך אין דער בוענאָס איירעסער פּראָווינץ; דאָ איז ניט סאַנטאַ פע מיט איר רעגירונג... — האָבן די אויפגעבראַזטע קאָלאָניסטן געליאַרעמט, — פיר יאָר ניט געצאָלט, ס'איז אַ קריזיס געווען, און זיי האָבן אויך ניט געמאַנט... איז איצט, — טענה'ן די קאָלאָניסטן, — אַז ס'האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ גרויסע סומע געלט, און ס'איז מלחמה אויף דער וועלט, ווייל דער „טערק" זיך אויסנוצן מיט דעם אומגליק און צונעמען אונזער פּראַצע פון 25 יאָר?... אין די טריבונאַלעס, צו די דאָקטוירים, צו די אַדוואָקאַטן, ברי־דער!...

ס'האָט זיך גלייך באַוויזן אַ אידל, אַ גוטער חשוב באַ די פּריצים, אַ מליץ יושר באַ די הענדלער מיטן שטאַטלעכן געזעץ — אַבאָגאַדאָס רופט מען זיי דאָ — און עס זיינען זיי איבערגעגעבן געוואָרן פולמאַכטן. און די יוריסטן, אונזערע אַבאָגאַדאָס, האָבן די מלחמה מיטן „טערק" אָפּן דערקלערט. שראַפּנעלן, קאַנאָנען, אויך אומריינע גאַזן זיינען גע־פלויגן. ס'איז געווען אַ ווייטיק און אַ בושה צוצוקוקן מיט וואָס פאַר אַ פאַרלוימדונגען און בזיונות — אויף כלל ישראל אַריינגערעכנט — די „שריפטן" פון דער „דזשואיש" ד. ה. פון אירע אַבאָגאַדאָס, — מעגלעך

אז זי האט דערפון ניט געוואוסט, — שפּייען אױף אירע קאָלאָניעס, אויף אירע „כּודיאַם". שאַבערניקעס. — מיט דעם נאָמען זיינען די „שריפטן" פּול.

מילא, ס'איז דאך א באוואוסטע זאַך, אז א פּראָצעס אין די גערײבט־הייזער, קען זיך ציען אזוי לאנג, ביז וואנען די אדוואָקאטן פון ביידע צדדים קענען ציען פּראָפיט; זיינען אבער געווען אזעלכע פּאַציפישע קאָלאָניסטן, וועלכע האבן מורא פאר דער ש ו א ר צ ע ר פעסט. זיי האבן זיך מיישב געווען, אז איידער אריינצופאלן אין די נעגל פון די „אוועם נעגראַס" (שווארצע פויגל) ווי מ'רופט דא אזעלכע אדוואָקאטן, איז פיל גלייכער צו פארקויפן א טייל פונם לאנד און פטור ווערן די בארעמהערציקע פילאנטראפּיע, מיט אירע אדוואָקאטן און מיט דער פּאָ־ליציי צוזאמען. און דאס פארקויפן פון מאַאוריציער פעלדער האט זיך אָנגעהויבן.

די ערשטע צו פארקויפן זייערע פעלדער זיינען גראד אזעלכע וואס ס'האט זיך צו זיי ווייניקער ווי צו אלע אנדערע געפּאסט דער נאָמען שאַבערניקעס. אין מיינע ווייטערדיקע קאַפּיטלען וועל איך זיי פארשטעלן און זאלן זיי עדות זאגן וועגן די צילן פון דער יק"א פארוואלטונג.

---

XXII

# שמואל מוזשיק

אַ הויכער, ברייטער, געזונטער איד, איז שמואל מוזשיק. אַ גבר, אַ דעמב, טראָגט זומער און ווינטער שטיוול, שטענדיק מיט אַ צע־כראַסטעט האַרץ, האָט ליב די ערד ניט ערגער פונם רוסישן פויער. „סוויאַטאַיאַ זעמליאַ", רופט ער זי, און ווען ער רעדט פון דער עבודת האַ־דמה קלעפּן זיך אים די ליפּן פון מתיקות און זיינע וואַסער־אויגן באַקומען דערביי אַ פּערל קאָליר.

אַ פאַמיליע האָט ער אַ גרויסע: ניין זין און פיר טעכטער. און ווי די ליבהאַרציקע אַדמיניסטראַציע האָט זיך נוהג געווען, האָט אַ דער קאָ־לאָניסט באַקומען בלויז 128 העקטאַר לאַנד און 6 העקטאַר אַף גרינס־גאָרטן. קיין זין, קיין איידעם זיינער, האָט נישט נושא חן געווען באַ די אַדונים צו באַקומען אַ טשאַקרע אָדער אַזוי אַ שטיקל פעלד, הגם זיי זיי־נען פלייסיקע אַרבעטער און אויך שטילינקע אַרענטליכע ברואים.

שמואל, דער פאָטער פון דער משפחה, ווי גרויס און שטאַרק ער איז, איז ער אָבער בטבע שוואַך און גוט, מילד און ווייך ווי אַ לאַם, האָט מורא פאַר אַ פּאָליציסט, פאַר אַ קנעפּל, אימת מות. ער רעט האַלב רו־סיש, האָט זיך ניט אַרגענטיניזירט... באַ יעדער זאַך, ווען וואָס איר זאָלט מיט אים רעדן, וועט ער אייך גלייך זאָגן: — פּאַזשאַלויסטאַ, איך בין דאָך ניט קיין מאַלטשיקל!...

אָט דער שמואל מוזשיק איז שולדיק געבליבן דער יק"אַ אין די קריזיס יאָרן אַ דריי טויזנט פּעזאָס, שוין מיטן פּראָצענט און פּראָצענט פון פּראָצענט און די קאָנטריבוציע. אויך דער מוזשיק האָט פון געריכט באַקומען אַ צעטל וועגן „קאָברא", אויב ניט וועט מען מאַכן „רעסיסי־אָן" — ביטול פונם קאָנטראַקט... לאָדן זיך, איבערגעבן אַ פולמאַכט צו אַן אַדוואָקאַט, האָט ער מורא געהאַט. — פּאַזשאַלויסטאַ, איך בין דאָך ניט קיין מאַלטשיקל! איך האָב פאַר די פּיאַווקעס מורא — האָט ער צו די שכנים זיינע געטענהט.

דער רויטער פאליציייסקער אויטאָמאָביל, איז אין א פרימאָרגן אַף זיין הויף פאַרפאָרן, האָט אלעם דאָרט אָפגעשריבן, און געלעגט אַז „עמ־בארגע" ווי דער דין איז, אַף זיין רעמאנענט און אַף די בהמות, און דער הינקענדיקער „אגואסיל", דער שליח פונם ריכטער, האָט געהייסן אונ־טערשרייבן די עמבארגע. שמואל אבער איז פון אונטער די הענט נעלם געווארן, ער איז ניט געווארן פון הויז. מ'האָט געזוכט אין שטאל, אפ'ן גארטן, אין וועלדל און אים ניט געפונען. דער „אגוסיל", א היימי־שער קריסט, זייער א גוטער „קריאזשא" האט געלאכט, זיך געהאלטן בא די זייטן: וואו זאל ער, סעניאָר סאמועל, האבן אהיינגעקומען? — טענה'ט ער צו שרה־לאָנען, שמואל'ס פרוי. — בוענאָ, זאָגט דער שליח בית־דין — נעם, באהאלט דאס פאפיר, סעניאָרא, ווען דיין סעניאָר וועט קומען, גיב עס אים איבער.

און דער אויטאָמאָביל מיט דער נאטשאלסטווא איז לאכענדיק פון דעם נאאיוון אויפטו פונם מוזשיק, אוועקגעפארן.

אין זעלבן אוועגט איז אונזער שמואל מיטן פאפיר אין האנט גלייך צו די אדונים קיין בוענאָס איירעס אוועק. אַף די טרעפּ פון קאזשאאָ 216, האט ער דעם שווייצאר, פריצ'ן, דאס פאפיר געוויזן און אים אַף זיין האלב רוסישער, האלב שפאנישער און אידישער שפראך זיין אומ־גליק דערציילט און נאָך א פאר שעה ווארטן, איז ער פאר די אדונים אליין געשטאנען. ווי גרויס ער איז, האט ער זיך פאר די לעדערנע שטו־לן ווי א קליין קינד צעוויינט;

— יעי באָנו — ס'איז א סטראם! — טענהט ער צום „טערק" — ווי זאל איך אייך איצט נעמען נעלט, גאספאדין ש.? פאזשאלויסטא! לאָזט מיך אָפּ, צווינגט מיך ניט צו פארקויפן די „סוויאטאיא זעמליא" און וואס קען איך איצט אין „וואָיענע וורעמיא" פאר דער ערד נעמען?

— געלט ברענגט! באצאָלט! פארקויפט אפילו דאס ווייב! — האט ער אלם ענטפער באקומען. — אויב ניט ליידיקט אַפּ דעם קאמפּ!

א היים איז דער שטארקער איד געקומען א געבראכענער א דעמאָ־ראליזירטער.

— פאזשאלויסטא! מיין שרה לאנען זאל איך פארקויפן!... א שיי־נעם ענטפער, יעי באגו! א מאמע פון 13 קינדער, ווער וועט זי קויפן? זיי שוטיען גאָר מיט מיר, די סעניאָרעס, מאכען וווערטלעך, וואס בין איך עפּעם א מאלטשיקל?.. און ער האט אָנגעהויבן זוכן עפעס א אידן, וואס

זאל בא אים קויפן א שטיקל לאנד. צו קיין קריסט האט ער די הייליקע ערד זיינע ניט געוואלט פארקויפן.

זיינען דאך אבער אונזערע ארגענטינער גבירים רייך נאָר אף פאַפיר און די יעניקע וואס האבן שוין יא מזומנים, האבן גראדע ניט ליב דאס פעלד, האט ער געמוזט פארקויפן א שטיק פעלד צו א גוי.

און וויפל טרערן האט די פאמיליע פארגאסן באם איבערגעבן דעם איטאליענער די 25 יעריקע פראצע!...

---

XXIII

# צלם־שין

דער צווייטער פארקויפער פון מאוריציער ערד איז געווען דער איד מיטן קאָמישן צונאָמען „צלם־שין“.

וואס? איר לאַכט פון דעם מאָדנע צונאמען? צו ס'ארט אייך אפשר דער צוזאמענמיש פון דער טומאה מיט דער קדושה, דער צלם מיט דער שין? גייט זשע און פרעגט די ערשטע אימיגראַנטן, וואס האָבן אים מיט דעם נאָמען געקרוינט.

און ווייסט איר וואס? בויגט אייך צו, וועל איך אייך עפעס זאגן: דער נאָמען אדער צונאמען פון א מענטשן דינט אים אפט מאָל אלס א מין פאטאלע אָנשריפט פון זיין שיקזאל, וואס באַגלייט אים אויף זיין גאנצן לעבענסוועג. וואס? איר גלויבט ניט? לייענט איבער די מעשה מיט דעם „צלם שין“ וועט איר שוין גלויבן.

אין לעצטן צענדליק פון פארגאנגענעם יארהונדערט, האט זיך דער אידישער געשיכטע פארגלוסט אוועקצושטעלן עטלעכע הונדערט אידישע אימיגראנטן פאר א הילצערנעם געל־געפארבטן רחמנות־וועגטל, און וועל־כן ס'איז געווען אויסגעשניטן א פירעקענדיקע עפנונג. דורך דעם חלל פלעגט א האנט אויסטיילן קצבה, אָדער „סובסידיע“, א סובסידיע מיט וועל־כער איינער א מיליאָנער, וואס האט אפנים געוואלט הנאה האבן פון זיין געלט, האט מזכה געווען דעם אידישן פאלק מיט דער רחבות פון זיין פי־לאַנטראָפישער האַנט..

קיין נעמען האָבן נאָך דאן די אימיגראנטען ניט פארמאָגט, נאָר נו־מערן, וועלכע אן איין אויגיקער משרת פלעגט אויסטיילן בעת א צוויי־טער פלעגט אויסרופן נומער נאָך נומער און א דריטער פלעגט דורך דער עפענונג אין יד אריין לייגן. איך האב עס באשריבן אינ'ם ערשטן טייל פון דעם בוך.

— נומער דרייצן — האט מען אויסגערופן.

צוויי מאָגערע עלענבויגנס האבן געגומען ארבעטן צווישן דער אי־

מיגראַנטן מאַסע, אויפּעפּענענדיק אַ וועג פאַר אַ לאַנגן דינעם סערפּער מיט אַ קאָפּ שוואַרצע האָר, מיט געקרייזלטע פאות'לעך, און אויסגעצויגן פּנים, אַ בערדל פון עטלעכע שטייפע האר, מיט אַ האַרבאַטע נאָז. די דאַזיקע געשטאַלט איז צוגעקומען צום פענסטערל און אַוועקגעלייגט דעם אויסגע־רופענעם נומער.

דער אַרויסטיילער, אָדער קאַסיר, בערנהיים, אַ גרויסער וויצלינג, וואָס פלעגט ליב האָבן טרייבן שפּאַס מיט די חסידישע אימיגראַנטן אויף לשון קודש, האָט צוגעמאַכט איין אויג, אַ צי געטאָן פון דער ליולקע, וועל־כע ער פלעגט שטענדיק אין מויל האַלטן, האָט אויסגעשפּיגן און גענומען וויצלען זיך איבערן פאַרשוין:

— מה שמיכם, ווי הייסן זי? ווי איז אייער נאָמען?

— ווי איך הייס? שלום שכנא הייס איך! — האָט דער איד געענט־פערט, אויסזינגענדיק עס מיט דעם נגון פון דעם גאַליציאַנישן אידיש און מיט אַ פעסטן, גראָבן טאָן.

— און דער שם המשפּחה, די פאַמיליע?

— מיין פאַמיליע? דאָרט אין דער פאַלאַטקע געפינט זיך מיין פלונית'טע, מיין חיה גנענדל מיט די קינדער, זאָלן געזונט זיין!

דער קאַסיר האָט אַ שמייכל געטאָן, האָט אויסגעשפּיגן און ווייטער דערקלערט:

— איך מיין דער משפּחה־נאָמען, דער נאָמען צו אייער אייגן־נאָ־מען שלום שכנא, ווי איז ער?

— אָ, מיין משפּחה־נאָמען מיינט איר? שקאַפּע! אַזוי רופט מען אונז דאָרט אין דער היים אין אַזיעראַן, אין גאַליציע.

— הייסט איר אַלזאָ, שלום שכנא שקאַפּע. אַ גליק פון אַ אידן: דריי שינן! אַלע דריי נעמען פון איין און דעם זעלבן אידן הויבן זיך אָן מיט אַ שין, וואָס קאָן דאָס באַדייטן? — האָט ער געפרעגט, ווענדנדיק זיך צו די שוחטים, וועלכע זיינען גראָדע געשטאַנען נעבן דעם חלל, וואַרטנדיק אויף זייער ריי — דריי שינען: שדי, שמע ישראל און שטן...

די שוחטים, וועלכע האָבן אים שוין געקענט מיט זיינע וויצן און גימטריאות, האָבן געצויגן מיט די אַקסלען און געשמייכלט.

—אָנו, שרייבט נאָר אונטער אָט דעם שיינעם נאָמען אייערן מיט זיי־נע דריי הייליקע שינען! — האָט בערנהים באַפוילן דעם גאַליציאַנער.

אונזער פאַרשוין האָט זיך אַ קנייטש געטאָן, אַ דריי געטאָן מיט'ן

קאַפּ און אַרויסגעבראָמט:

— הום... אַט אַ דאָס מין קען איך ניט!

— וואָס פאַר אַ מין קענט איר יאָ? — האָט אים דער קאַסיר געפרעגט, נאָכדעם ווי ער האָט אים אַ ווײַלע באַטראַכט.

— וואָס איך קען? פּאַרררען קען איך! פון צוועלף יאָר אָן אַ קינד בין איך אַף דער קעלניע, איך פּאַררר!

באַם אַרויסטײַלער אין מויל האָט זיך דער ציבעק אַ טרייסל געטאָן:

— אַזוי, איר זענט, הייסט עס אַ פּאַררררער, אַ חסידישער בעל־עגלה, טאָ נעמט זשע אָן דעם בלײַשטיפט, צייכנט אונטער אַ שתי וערב און— פּטור.

— איך ווייס ניט וואָס איז דאָס אַ שין מיט אַן עירוב?

— איר ווייסט ניט? ס'איז דאָך דער סימן פונ'ם רבין, פון רבי ישוע פון נצרת. איר פלעגט דאָך עפּעס פאָרן צו אַ רבין...

— מײַן רבי הייסט ניט רבי ישוע, און האָט ניט קיין עצירות און איך ווייס ניט פון קיין סימן פון אַ שין מיט אַן עירוב.

— נו, וועל איך עס אײַך אויסלערנען. רוקט אײַך צו, אָט אַזוי: איין פּאַסיקל אין דער לענג, אַ צווייטער אין דער ברייט, קרייץ...

— אַי, וואַי, אַי וואַי! אַ ציילעם, ציילעם־שין, ווילצט מיך גאָר אַפּשמד'ן! — האָט זיך אונזער אָרעמער גאַליציאַנער צעשריגן און זײַנע פּאַותלעך האָבן זיך צעשויבערט און געטרייסלט איבער זײַן פּנים.

דער עולם האָט אויסגעשאָסן אַ געלעכטער און פון מויל צו מויל האָט זיך ווידערהאַלט דאָס וואָרט: צלם שין...

אומזיסט האָט דער פרומער שוחט, רבי יצחק גלאַזערמאַן ע"ה, אים געפּרואווט באַרואיקן, באַווײַזנדיק אים צו מאַכן אַ שין, דעם איניציאַל פון זײַן נאָמען. אונזער פּאַרשוין האָט עס ניט געקענט איבערנעמען, ביז דער ליטווישער שוחט, רבי יצחק קרעל, האָט אַף אים אַ ברום געטאָן:

— פערד! אַ בייטש קענסטו אַראָפּלאָזן?

באַ די ווערטער איז דער נפש לעבעדיקער געוואָרן און צושמייכלענדיק דעם שוחט, האָט ער אים איבערגעפרעגט:

— וואָס? אַ בייטש?

— אַ בייטש, יאָ, קענסט אַוועקלעגן אַ אַ בייטש?

— אַ שאַילע אַ ביסל?

— טאָ, איז גוט. קוק, אַט אַזוי: לאָז אַראָפּ איין בייטש, אַ צוויי־

טן און א דריטן, שמיר אונטער אלע דריי בייטשן מיט דער פיזשאלע און דו האסט דיין חתימה...

שלום שכנא שקאפע האט עס פארשטאנען. ער האט פארקאטשעט די ארבעל, א נעם געטאָן די פען און אוועקגעלעגט זיין חתימה, אָפּוויישנ־דיק דערנאָך מיט די הענט דעם שוויים, וואס די דאזיקע שווערע און אייךדעלע מלאכה האט ארויסגעשלאגן אף זיין פנים.

אין די סובסידיע־ביכער פון יענע יאָרן קענט איר נאָך היינט טרע־פן די חתימה.

פון דאמאָלסט אן, איז ער עס פארבליבן מיט זיינע דריי צונעמען: „צלם שין" אדער די „שין" לויט די פרומע, און די „די בייטש" לויט די יונגע. אלס פאפולערסטער נוסח אבער איז פארבליבן דער ערשטער, דער אָריגינעלער „צלם שין", א צונאָמען וואס קוים איז ער נאָר אויסגע־שפראכן געווארן דארט באם געלן רחמנות־וועגטל, איז ער שוין קיין מאָל מער ניט פארגעסן געווארן. און פארבייטנדיק זיין ריכטיקן נאָמען שלום שכנא שקאפע, האט ער אים באגלייט ביז אין זיין לעצטן טאָג.

ווי איך האב אינ'ם ערשטן טייל געזאגט, איז מיט'ן אָנקומען פון דעם אדמיניסטראטאר לאפין אין דער קאָלאָניע, די קצבה אפגעשטארבן און די שווערע אגריקולטור ארבעט האט פארנומען איר ארט, דאן האט יעדער איינער, וואס האט געקענט האלטן א בייטש אין האנט, רעוואל־טירט, געווארפן די קאָלאָניזאציע:

— זאלן די מלמדים, די קרעמער זיך נאָכשלעפן הינטער'ן אקער־אייזען; אונזער ארט איז אויבנאָן, אף דער הויכער, בכבודיקער קעלניע, אף איר קענען מיר פיל לייכטער אונזער ברויט פארדינען...

אף אלע וועגן זיינען זיי זיך צעלאפן, אין די שטעט און אין די שטעטלעך און פיל פון זיי האבן אויך באגליקט; דאָס מזל האט זיי צו־געשפילט און מאנכע פון זיי זיצן היינט אין בוענאָס איירעס אויבנאָן, אף דער געזעלשאפטליכער קעלניע, אָנטרייבנדיק די פערד מיט א גאל־דענער בייטש.

אונזער „צלם שין" אבער; ער איז ניט אנטלאפן, ער האט זיך גע־ווידמעט דער אגריקולטור. עס איז אים אבער ניט געגאנגען, איינגעשלא־פן איז זיין מזל, און אף זיין גורל איז שלעכטער זומפיקער באָדן אויס־געפאלן; וויפיל ער האט ניט געהארעוועט און געפראצעוועט בא דער עבודת האדמה און אפט מאָל אויך אונטערגעבייטשעוועט, פירנדיק די

שווערסטע משאות פונ׳ם וואקזאל, האט ער דאך ניט געקענט פארטריי־בן דעם דלות וואס האט זיך ארייגעקליבן אין זיין פארם, און האט בשום אופן נישט געקענט נאכקומען צו צאלן די יערלעכע ראטע, די „אגרי־אלידאד“, וואס האט זיך געמערט און געוואקסן אין די ביכער פון דער יק״א. אמת, די חתימה האט זיך אים מיט דער צייט פארפאלקאמט: די „שין“ פלעגט שוין בא אים ארויסקומען שענער, לעזבארער, אזוי אז אפי־לו נישט קיין עקספערט האט עס שוין אויך דערקענט, און דאס האט אים טאקע אביסל פארלייכטערט. דעם קריסטלעכן „אלמאסענערא“ איז זי שוין אויך באקאנט געווען. די חובות אבער זיינען געוואקסן און אויך די פינף בתולות, וואס זיין חיה גנענדל האט אים געבוירן, זיינען געוואקסן און צעוואקסן געווארן.

---

אלט און צעקנייטשט איז שלום שכנא שקאפע געווארן, א קנייטש אף א קנייטש, ווען איר זאלט אשטייגער וועלן צולייגן נאך א קנייטשל אף זיין פארמעט־געלן פנים, וועט איר שוין דארט קיין פלאץ דערויף ניט געפינען.

דער נייער דירעקטאר האט זיך פאר אים ממש דערשראקן, און ווען ער האט אין די ביכער זיין חשבון דערזען, האט ער, אוים רחמנות, בא־פוילן אים ארויסצושמייסן פון דער קאלאניע.

דער יונגער אדמיניסטראטאר האט אבער מיטלייד געהאט מיט דער פאמיליע, האט ער שלום שכנא׳ן אן עצה געגעבן. באם נאטאריוס אין קאסארעס זיינען ביידע צדדים, שלום שכנא אלס פארקויפער און דאן פעדרא אלס קויפער, מושוה געווארן מיטן פרייז. די ראטעס מיטן פראצענט זיינען גלייך איינגעצאלט געווארן. די שריפט האט דער נאטאריוס דאן סעבא, פארטיק געמאכט און געהייסן ארייגבעטן א אידן אלס עדות. דער צופאל האט געוואלט אז דאס זאל זיין דער אלטער שוחט קרעל, וועל־כער האט שלום שכנא׳ן אויסגעלערנט מאכן די „שין“, און וועלכער האט שוין דאן אויך געהאט פארלאזט די קאלאניע און זיך ארומגעדרייט אין שטאט, ארויסקוקנדיק אף משיח בן דוד, וואס דארף פון די וואלקנס אראפנידערן...

דאן סעבא האט איבערגעלייענט די שריפט און העפליך געבעטן: פירמען סעניארעס, שרייבט אייך אונטער, הייסט עס. אונזער שלום שכנא שקאפע האט אוועקגעלעגט זיין באוואוסטע ש י ן אפן פאפיר,

און דער גוי, דאָן פּעדראָ — אויך אַן אַנאַלפאַבעט — האָט אַ שווערן צ ל ם אונטערגעשטראָכן... דער אַלטער שוחט האָט אַ ציטער געטאָן און זיינע ליפּן האבן ווי פון זיך אליין ארויסגעמורמלט: „צלם שין“...

צוויי טרערן זיינען אראפּגעפאלן פון שלום שכנא'ס אויגן און מיט ווייי האט ער א זאג געטאָן: און בא וועמען איז געבליבן די ערד? שוחט!

---

XXIV

# דער קלאַנג, אַז די יק״א איז באַנקראָט

דער אדון ש. באַפעלט מיטן לאַקיי ניט אַריינצולאָזן אַ געלט. — מ׳שניידט אויס אברים פון די נהלות צום פאַרקויפן. — די סוחרים באַארבעטן די אַנאַלפאַבעטן דורך פאַלשע חתימות. — קאָלאָניסטן באַגייען זעלבסטמאָרד און שטאַרבן אין פרעמדע תכריכים. — בעלגיע איז באַזעצט פון די דייטשן, מוז מאַוריציאָ באַצאָלן. — די לעגענדע פון יק״א׳ס באַנקראָט, ווערט באַפעסטיקט דורך אירע אַנאָנסן, אַז זי שליסט די שולן. — אַ מורא איז געפאַלן אויף די קאָלאָניסטן. —

די בשורה פון ערד פאַרקויפן אין קאָלאָניע האָט זיך ווי אַ ציקלאָן, ווי אַ ים שטורם דורכגעטראָגן איבער אַלע אידישע קאָלאָניעס, יעדעס האַרץ האָט אויפגעציטערט. דער אַלטער מענדל האָט געהייסן קריעה רייסן, און מיט זודיקע טרערן אין די אויגן האָט ער דעם תלמודישן אויס־דרוק אויסגעשריגן: — „הקרעים אינם מתאחין לעולם“ — דער ריס וועט שוין ניט גאַנץ ווערן,.. ס׳וועט זיך שוין רייסן און רייסן, וואָס אַמאָל אַלץ גרעסער און גרעסער.

אפאַר פון די פּאַציפיסטישע קאָלאָניסטן האָבן געפּרוּאווט מיט תחנונים, זיינען געפאָרן אין בוענאָס איירעס בעטן זיך באַם אדון ש., האָט זיי אָבער דער שווייצאַר ניט אַריינגעלאָזט אין ביורא:

— געבראַכט פּלאַטאַ? ניין? גייען זיי פאָרט! — האָט דער לאַ־קיי געענטפערט, — די הערן זיינען ניט צום שפּרעכן, נאָר צום איינ־קאַסירן...

די אדונים איז אַ פּנים ניחא די קאָלאָניזאַציע זאָל צו גרונד גיין. — האָבן די אהיימקומענדיקע פון בוענאָס איירעס דערציילט יעדן איינעם; געלט, שרייען זיי, ברענגט! אַ גראַביעזש, כ׳לעבן! די רעגירונג האָט אַ מאָראַטאָריע נאָך אויף זעקס חדשים געגעבן, און אונזער גראַביטעלניצע וויל דערפון ניט וויסן...

ס׳האָבן זיך צונויפגענומען די פּחדנים און די אביונים, די וואָס האָבן ניט פאַרמאָגט קיין בהמה צום פאַרקויפן, דעם ערשטן הונדערטער

דעם אדוואָקאַט אַף די הוצאות פון פּראָצעס צו געבן און האָבן אַנגעהויבן פּאַרקויפן שטיקער פעלד, אבי צו פּטור׳ן די יק״א מיט אירע עמבאַרגעס, מיט אירע „דעסאַלאָכאָס״. שטיקער־ווייז האָט מען געריסן פון אונדזער שיינער מאוריציע; אברים, גלידער, האָט מען געשניטן; באַ דעם ארויסגעבאַפּט דאס הארץ, דאס בעסטע שטיקל פעלד פון דער גאנצער טשאַקרע, באַם אנדערן די אויגן, א האַנט, א פוס. דער קויפער האָט געוויינליך דאס בעסטע געוואלט, די זיבורית זיינען פאר די אָרעמע קאָלאָניסטן געבליבן.

דאס רוב קאָלאָניסטן אבער, די וואס האבן זיך אין די 25 יאר צייט ארגענטיניזירט, און האבן אויך אַף די ערשטע שפּייזן פון פּראָצעס פאַרמאָגנס; די האבן א פּראָצעס פאַרפירט אין געריכט קעגן דער דעספּאָטיע. — דריי יאָר וועלן מיר דעם פּראָצעס ציען, — האָבן זיי געזאָגט, — דער קריזיס וועט פאַריבער, די מערדערישע מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועלן מיר זיך קענען אויסדרייען ניט צו פאַרקויפן קיין לאַנד, און אפילו ווען יאָ פאַרקויפן, וועלן מיר באַטש קענען צו אידן פאַרקויפן... ס׳וועלן געוויים נאָך דער מלחמה רייכע אידן אָנקומען, וועט אונזער ליבע מאַאוריציא ניט אריינפאַלן אין פרעמדע הענט...

איז עס דען ווי דער מענטש טראַכט? אומגליק און אומגליק פאַרפאלגן אונזער קאָלאָניע אַף שריט און טריט. דער ים פון עלענד און נויט, וואס האט אונזערע ברידער דארט אין דער אַלטער היים פאַרפלייצט, האט אהער אין דעם ווייטן ארגענטינע אויך אַ כוואַליע מיט ליידן אריינגעבראַכט. וואס מער די מלחמה האט זיך דארטן צעברענט, איז באַ אונז דער קריזיס גרעסער געווארן, טאָג נאָך טאָג זיינען אַלץ נייע באַנקראָטן געקומען און אלע זיינען זיי אויסגעגאַנגען צו די קאָלאָניסטישע קעפּ... די פּאָליציי האט גאנצע טעג מיט די קאָלאָניסטן געהאט צוטאָן, די באַנקראָטירטע סוחרים פון די שטעטלעך ארום די קאָלאָניעס, וועלנדיק אָנווייזן פון וואנען עס נעמט זיך זייער דעפיציט, האבן אָנגעוויזן בערג מיט קאָלאָניסטישע וועקסלען. די קאָלאָניסטן האבן זייערע חתימות ניט דערקענט און מ׳האט געמוזט שטעלן עקספּערטן זיי זאלן נאָכקוקן...

אונזער ארגאַן, דער „פאַרטיידיקער״ האט זיך פאר די אנאלפאַבעטן איינגעשטעלט, האט דעם מיליאָנער פון די קאָלאָניסטישע חשבונות פאַרן דעת הקהל געשטעלט...

דער לעצטער האט אים צו דער היזיקער געריכטיקייט אָנגעקלאָגט,

און דאס געזעץ, וואס כבוד הגבירים איז בא איר טייער, האט דעם יונגן הערמאן קראסילאווסקי, דעם ארויסגעבער פון פארטיידיקער צוויי יאר טיורמע געשאנקען און נאר אדאנק שתדלנות, איז ער באפרייט געווארן נאך א פאר חדשים זיצן. אלע ווענט זיינען אף די קאלאניסטן איינגעפאלן. פון אלע זייטן האט זיך אומגליק געשאטן...

דער קאלאניסט מ. ס., וואס האט צו טון געהאט מיט די באנקראטירטע און האט שוין זיין לאנד געזעען ווי פארפרעמדט, און אויך טיורמע האט אים געדראט, איז זעלבסטמארד באגאנגען.

איניקע זיינען פאר צרות קראנק געווארן. און זיך אזוי בתמימות, שטילערייד דעם איינציקן וועג אוועק. אף תכריכים האט מען אין קאסארעם צוזאמענגעקליבן דעם קאלאניסט וו. צוויי הונדערט העקטאר לאנד האט ער געלאזט און ניט געוואלט פארקויפן און האט ניט געהאט פון וואנען צו לעבן און אפילו ניט צו שטארבן...

ס'האט זיך ארויסגעוויזן די קאנסעקווענץ פון דער עקלהאפטער הנהגה, מיט אירע גזרות און מיט איר רחמנות. דאס גאנצע לומפיקע פארוואלטונגס סיסטעם פון די פינף און צוואנציק יאר.

דאך האבן זיך נאך פיל קאלאניסטן געהאלטן פעסט בא דער אידייע ניט אוועקצוגעבן אינגאנצן זייער הייליקטום — די ערד.

קיין איין קאלאניסט האט נאך דעם גאנצן קאמף ניט פארקויפט; בלויז א שטיקל, א העלפט פונם לאנד, אבי צו דעקן די חובות דער פילאנטראפיע. נאר אוים קאלאניסט, א, דאס ניין!

דער באשלוס איז פעסט בא יעדן פון זיי אין הארצן געבליבן.

איז דען אבער פאראן אזא קראפט זיך קעגנצושטעלן די אומשטענדן? און ווער איז מעכטיקער פון דער צייט? די צייט און די אומשטענדן בויגן דעם שטארקסטן; דעם אייזערנעם שטארקסטן ווילן ברעכן זיי איין, אלע מענטשלעכע באשלוסן ווערן צו נול, ווען די צוויי מעכטע קומען זיי אין וועג און זיי זיינען געקומען גאר פון אן אנדער זייט.

---

ד יי ט ש ל א נ ד האט דארט, מיט אירע מחנות בעלגיע באזעצט, איז דאריבער דא מאוריציע אף האלב געפאלן...

די לעזער ווען לאכן, ווי קומט הודו צו כוש, וואס האט די שטילע ארגענטינער קאלאניע צו טאן מיט דער אייראפייאישער מלחמה?

ס'איז אבער פארט אזוי.

א קלאנג האט זיך אין קאלאניע פארשפרייט: די יק"א איז אין באנק־ראט! מיליאנען האבן זיי אין די בעלגישע מלוכה פאפירן געהאלטן און איצט איז דאס געלט פארלוירן און דער רעשט פון איר קאפיטאל אין ענגלאנד און פראנקרייך, לאזן די רעגירונגען ניט ארויס פון לאנד...

א שרעקליכער פיבער האט דורכגעדרונגען די הערצער פון די קא־לאניסטן, ס'איז אימה'דיק געווען אפילו צו טראכטן דערפון.

אפגעארבייט די בעסטע יארן פונם לעבן אין דעם פרעמדן מדבר פאר א שטיקל אייגענס, וועלן קומען איצט די יק"א־קרעדיטארן און צו־נעמען איינגאנצן...

דער המון, וואס גלויבט אין אלץ וואס מ'זאגט, איז שיר ניט משוג־גע געווארן פון שרעק.

די לעגענדע וואלט אפשר ניט געווען אזוי געווירקט אף די פחדנים, ווען ס'זאלען ניט געווען אונטערקומען די אנאנסן פון דער יק"א. זי האט פלוצים געלאזט מעלדן דורך צעטלען אין פענסטערל פון דער אדמיניסטראציע, אז די געזעלשאפט איז געצוואונגען צו פארמאכן די שולעס פון די קינדער ווייל ס'פעלט איר געלט. אין אלע קאלאניעס דאס זעלבע צעטל. די היגע צייטונגען האבן גלייך זי באדויערט, וואס זי קען הייאר ניט ארויסהעלפן מיט זריעה די פאמפער קאלאניסטן און זיי זיינען דעריבער געצוואונצען צו בעטן זריעה בא דער רעגירונג. אויך האט מען געשריבן, אז זי האט געבעטן אן הלואה בא די מיליאנערן אין נארד אמעריקע, אום צו קענען אויסהאלטן איר פערזאנאל...

די אלע לעגענדעס און סקאזקעס האבן אף די קאלאניסטן א טער־ראר ארויפגעווארפן און מ'האט אנגעהויבן זוכן קונים אפן גאנצן פעלד.

אוים! — האט משה בעבטשיק געשריגן, — מיינע אבות אבותינו האבן קיין ערד ניט פארמאגט און מיר איז אויך א פנים ניט באשערט צו האבן א שטיקל באדן אונטער די פים... צוריק צו דער אלטער פרנסה, משה'לע... א קרעמער, א שענקער...

ער האט עס טאקע באלד מקיים געווען.

ס'איז אבער ניט אזוי לייכט געווען צו פארקויפן דאס לאנד, די געלט־זעק האבן געוואלט צונעמען די פעלדער אומזיסט, 130 פעזאס האבן זיי אנגעבאטן פאר א העקטאר באדן,, וועלכער האט פאר דער מלחמה צייט 300 די ווערט געהאט. ס'איז פשוט ניט געווען וועמען צו פארקויפן.

די יעניקע קאלאניסטן וואס האבן אין די אלע פזמונות ניט געגלויבט,

האבן זיך געפּרייט מיט דער נידריקער פּרייז. — בעסער — האבן זיי געזאגט — אזוי וועט מען ניט פארקויפן! די צייט וועט זיך איינשטילן און אלעם וועט אנדערש ווערן, די קאָלאָניסטן וועלן בלייבן כאַטש מיט שטיקלעך לאנד. ס'וואלט אפשר טאקע אזוי געווען, ווען ניט די שוואר־צע הנהגה, אט די בייזע צרעת, וואס האט זיך איינגעגעסן אין דער קאָ־לאָניזאציע און פארדארבט זי ביזן יסוד; ווייל, וויפיל אונזער עלעמענט איז שוואך, גלות'דיק, קרעמעריש, חשבונ'דיק צו דער אגריקולטור אר־בעט, זיינען אונזערע אפּיצירן, די מנהיגים נאָך ערגער, זיי זיינען צע־פוילט, פאַראירט, ראַבעזיכטיק, ערגייציק ביז גאר. די עדעלסטע פון זיי, וואָס שטאַמען פון די יחוסדיקסטע משפחות, קוים קומען זיי נאָר ארויף אף דער הערשאַפט־שטול פון דער קאָלאָניזאציע, פאַרלירן זיי זיך; אַ שטאָלץ, אַן אמביציע גאוה גרייפט זיי אָן, און זיי דריקן, פּרעסן זייער אייגענעם ברודער; פון אויבן אראָפּ קוקן זיי אף אים, און לעגען אויך צו אַ האַנט כדי צו שטירצן דעם גראַנדיעזן בנין איבער וועל־כן עס האט געחלומט צוריק מיט 30 יאר דער גרויסער באראָן.

פאר וואס איז דאס אזוי? ניט איין מאָל ווען איך פארטראכט זיך איבער דעם פּראָבלעם, שפּאַלט זיך מיר מיין מוח; איך, וואס איך האב דאָך אַ יעדן איינעם פון די מנהיגים פון דער קאָלאָניזאציע אזוי אינערליך געקענט, איך, וואס בין 30 יאר אַ שליח־צבור פאר זייער עמוד געשטאַנען, שעה'ן און טעג אין תפילה פאר זיי פארבראַכט, וויפיל צער האב איך אויסגעליטן און אויך זיי ליידן געמאַכט; וויפיל מאָל האט אט דער עדע־לער ווענעציאַני זיינע אויגן אין טרערן געוואַשן, ווען איך האב פאר אים אַ קאָלאָניסטישן אומגליק געשילדערט. און דאָך, ווען ס'איז צו אדמיני־סטראַטיווער פאַראָרדנונג געקומען ,ווען ס'האט געהאַלטן בא מעשים, זיינען אַלע עדעלע סענטימענטן פארשוואונדן געוואָרן און דער גאוה'שער דעספּאָטיזם האָט גענומען די אויבערהאַנט, און דער חורבן האָט זיך נאָכגעשלעפּט אף יעדן שריט און טריט. פאר וואס איז דאס אזוי? פון וואנען שטאַמט דאס? וואו איז דער מקור פון דעם?

אייניקע ווילן זיך אליין שמייכלען: דער דורכפאַל פון אַלע קאָלאָני־זאציאָנס פּלענער — זאגן זיי — ליגט ניט אין אונזערע שלעכטע מנהי־גים, נאָר אין אונזער ראסע, אונזער עלעמענט איז זייער עדעל, מיר זיינען דער מוח פון דער מענטשהייט, ניט די הענט...

א שיינער קאָמפּלימענט, אָבער ווי ווייַ ער טוט!

א פּאָלק פון פערצן אָדער פופצן מיליאָן, אָן א פונדאמענט, אָן אגרי־קולטאָרן, וואס זעצט זיך נאָר בּאַ א פרעמדן טיש...

אויך איז אט די השערה ווייט פונם אמת; ווארום ווער האט די אלע טויזענטער העקטארן ווילדן סטעפ דאָ אין ארגענטינע קולטיווירט? ניט אונדזערע אידישע הענט? וויפיל טויזנטער טאָנען ברויט, אונדזער אייגע־נע ארבעט, איז טראנספּאָרטירט געווארן אַף דער וועלט! צי קארג הענט ליפערן מיר אין די פאבריקן! קארג טויזענטער פון אונזער יוגנט דארבן אין די ענגע לופטלאָזע ווערקשטאטן, וואו די שווינדזוכט פרעסט זיי אויף?

פאר וואס זשע פארט ווערן אונזערע קאָלאָניעס צונישט? און פאר וואס מיידן מיר אוים די אגריקולטור? איז דען דער געזונטער קולט פון דער ערד ארבעט ניט געזונטער, אָנשטענדיקער פון אלע מוח און לופט פרנסות?

— א קללה! — זאָגן די ספרדישע אידן: דאָן יצחק אברבנאל האָט געשאלטן ניט צו באַארבעטן קיין פרעמדע ערד, מעגליך אז די אלטע 400 יעריקע קללה פון יענעם אידישן מיניסטער פאראורזאכט דעם חורבן פון די אלע פרעמדע קאָלאָניזאציאָנס פּלענער.

מעגליך אז דאָרט אינם ארץ האבות וואלטן זיי געהאט אן אייביקן קיום...

נאָר גענוג, איך האב זיך שוין פאררעט, לאמיר זיך אומקערן צו מיין דערציילונג.

---

XXV

# שרייבער צונאַסט אין מאָריציאָ

דער ברייט ביינערדיקער ז. ברכות. — דער זיידענער פּרץ הירשביין. — באַם קאָלאָניסט ז. און באַם קאָלאָניסט אהרן קצב. —

אין יענער צייט ווען די לעגענדע פונם יק"א באַנקראָט און דאָס אכזריות פונם טערקישן דירעקטאָר האָט אַ שרעקלעכע מורא אַף די קאָלאָניסטן ארויפגעוואַרפן און דער פאַרקויף פון די אידישע פעלדער איז פריי פּראָקלאַמירט געוואָרן, אָט אין יענער צייט האָט אונדז געטראָפן דער אויבנדערמאָנטער יונגער שרייבער ז. ברכות.

אַ געזונטער, ברייטביינענדיקער, הויכער בחור איז דער ז. ברכות געווען. געקומען אהער ארבעטנדיק אַף דער שיף אלס מאַטראָז; — ס'האָט זיך מיר פארגלוסט אָנצוקוקן די הנידחים בארגענטינע, — האָט ער געזאָגט.

סוף זומער 1916, אין אַ פינסטערער רעגן־נאַכט, נאָכדעם ווי אַ גאַנצן טאָג האָט געבלאָזן אַ פּאַמפּערא ווינט, איז ער, דער בחור, אַ נאַסער, אַן אויסגעווייקטער, צו מיר אין שטוב אריינגעפאַלן.

— איך בין ז. ברכות! — שטעלט ער זיך פריילעך פאָר — האַלט נאָר איין אביסל מיט דער וועטשערע, איך בין הונגעריק ווי אַ וואָלף!

די קינדער האָבן זיך פון דעם פריילעכן גאסט אָנגעשטעקט און האָבן זיך פריילעך צעלאַכט.

מיר האָבן אים באַלד די קליידער איבערגעביטן, אַ פּאָר הייסע מאַטעם אריינגעגאסן און באַלד טאַקע געפּרואווט דעם כוח פון זיין מאַטראָסן־אפּעטיט. נאָכן עסן האָט ער זיין צונג פאַנאַנדערגעלאָזט, האָט דערציילט און דערציילט פון די אַלע אונזערע קאָלאָניעס פון סאַנטאַ־פע, ענטרע־ריאָס, דאַרא, פּאַמפּאַ, מאָנטעפּיאָרע, סערעס, וואו ער האָט דורכגערייזט.

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, סעניאָר אַלפּערסאָן — גיט ער מיך אַ פרעג — וויפיל האָבן די יק"א באַאמטע באַ דעם קויף פון דער אומנוצ־

בארער ערד פון סערעס פארדינט? מ'זאָגט אַ גאַנצן מיליאָן פּעזאָס... איר ווייסט, ס'וועט דאָרט קיינמאָל קיין קאָלאָניע ניט זיין, די ערד דאָרט טויג ניט אַף אַגריקולטור, טאָקע לחלוטין ניט.

— זעט איר, א דאגה זיי, אז די ערד טויג ניט! פאר זיי איז דאס א מעלה... דאָרט וואו די ערד איז מאָגער, דער קאָלאָניסט ארים, דערשלאָגן, איז זייער ממשלה א שטארקע, א געהויבענע, און א זיכערע אף לאנגע יאָרן... שלעפערס, זאָגן זיי, פעלן ניט... די אימיגראנטן וועלן אָפּארבעטן אין סערעס עטלעכע יאר, וועלן מיד ווערן, אנטלויפן, וועלן קומען אנדערע... מיר האבן זיי גענוג, זיי בעטן זיך בא אונז...

— הוממ — גיט דער בחור א ברום, — פאר וואס שווייגט מען? ס'איז דאך די אידישע קאָלאָניזאציע?..

— ווער זאל ריידן, מענטש? די קאָלאָניסטן זיינען דאך אומעטום שטומע מענטשן, קענען ניט ריידן און ניט שרייבן, און די עטלעכע וואס קענען עפעס יאָ, איז אַ טייל פון זיי האַלט מען אין טראָר, יעדער האָט א ווייב מיט קינדער.. און די דרייסטע, די וואס שרעקן זיך ניט, מאַכט מען פאר ראשים, מנהיגים, און מ'דערלאנגט זיי דאס מין וואס ס'מאַכט בלינד די חכמים... ניט אין מזומן חלילה, די באַמטע וויסן שוין ווי ארום אָפּצוקויפן יעדן איינעם פון זיי...

— נו יאָ, איר האט רעכט! איצט איז מיר קלאָר געווארן א זאַך: ס'זיינען פאראן אזעלכע פארשטייער אין די קאָלאָניעס וואס זיינען פארקויפט צו דער אַדמיניסטראציע אומבאַוואוסטזיניקערייד. היינט די ארומיקע סוחרים, אייניקע האנטווערקער, וואס פארדינען באַ דער יק"א. אפגעקויפטע עדות אלע, איך פארשטיי. — און ער כאַפּט ארויס דאס נאָטיץ־ביכל און נאָטירט. איך האב אַ שמייכל געטאָן.

דער בחור האָט עס באַמערקט: — לאַכט, לאַכט! איך וועל... איך וועל אייך ניט זאָגן פאראויס, אפריער וויל איך זעען מאוריציאָ.

מיטן טאָג גלייך האָב איך איינגעשפּאַנט מיין נעראַן אין דער סולקי, ארויפגענומען דעם בחור און מיר פאָרן.

נאָכן נעכטיקן רעגן איז דער מאָרגן זייער אַ שיינער געוועזן. די לופט איז פריש און קיל, די זון אַן אויסגעוואשענע, אַ קלאָרע, האָט געשיינט און באַגילדעט די אויסגעצוואָגענע בוימער מיט די נאַסע גרינע קעפּ, האָט זיך געשפּיגלט אין די קליינע קאַליזשקעלעך וואַסער, וואָס אַפּן וועג, לעבן וועלכע ס'האָבן געשווימלט אין די טויזנטער קלייניניקע, שייניניקע, פּיל

פאַרביקע שמעטערלינגען, זומער פויגעלעך, וואָס נעראָן האָט אַלע ווײַלע אָפּגעטריבן מיט זײַן טיאַפּקען אין די וואַסערלעך, און זיי זײַנען זיך צע־פלויגן אין אַ מין גאָלדענעם בויגן פאַרן פּנים, אַז ס'האָט אַנטציקט דאָס אויג.

די פעלדער וואָס האָבן זיך געצויגן פאַזע דעם וועג, צעשטראַלט פון דער שײַנער מאָרגן־זון, האָבן זיך אויך געביטן אין קאָלירן און מיט זייער פּאַנאָראַמע געשעמערירט און געפרייט דאָס האַרץ.

מיר זײַנען פאַרבײַגעפאָרן אַ לאַן גרינעם האָבער (ווינטער תבואה וואָס די קאָלאָניסטן גרייטן אָן פאַר פאַשע אין ווינטער צייט) גרין און שיין, אַזש שוואַרץ פון גרינקייט, און אָט זעט זיך שוין אַ „טראַבע" מיט פריען מאַאיס. אין דער זייט אַ שטח אויפגעאַקערטע שוואַרצע ערד, און ס'זעצט אַ פאַרע פון יעדער מעזשע, פון יעדער סקיבע, וואָס דער פלוג האָט אויסגעגלייכט אין אַ גלייכער ליניע, ווי די פאַלדן אויף אַ שוואַרץ זײַדן פרויען קלייד.

און דאָרט אין דער טיף, באַם עק פונם האָריזאָנט זעען זיך פיר קעפּ פון פערד, פאַרשקען מיט דער נאָז, שלעפּן אַ ברייטע דיסק־מאַשין, וואָס איז אָנגעפילט מיט זריעה; די שטאָלענע דיסקן שנײַדן אין דער רעליע, מאַכן פּלאַץ פאַר די זוימען, באַשוואַנגערן מיט ברכה און חיונה די מוטער ערד; אַ יונגער בחור זיצט זיך בהרחבה אויף דער קעלניע פון מאַשין, פּאַכעט מיט דער בייטש אין דער לופט, צוזינגענדיק זיך דערבײַ עפּעס אַן אַרגענטינער ליד.

מײַן ז. ברכות ווערט מלא שמחה, הויבט זיך אַלע ווײַלע פונם זיץ:

— אַך, ווי שיין, ווי רייך! אָט דאָס הייסט ערד! אָט דאָס הייסט פעלד! זעט נאָר ווי שוואַרץ און פעט די ערד איז דאָ! אָט דאָ, אָט דאָ, אין פּראָווינץ בוענאָס איירעס, האָט מען באַדאַרפט דאָס גאַנצע ביסל אידישע קאָלאָניסטן באַזעצן, ניט דאָרט אין די מדבריות, אין די סאַליטרע געגענטן און אפילו ניט צווישן די טײַכלעך פונ'ם מאָגערן ענטרע ריאָס.

מיר פאָרן אָן לעבן עקאַליפּטן וועלדל פונ'ם קאָלאָניסט ז. מײַן בחור שמעקט מיט דער נאָז.

— וואָס פאַר אַ טייערער אַראָמאַט דאָ איז! ווער וואוינט אין דער פאַרם? אַ פּריץ, אַ פּאָמעשטשיק?

— ניין, דאָ וואוינט אַ איד, אַ קאָלאָניסט פון די ערשטע פּיאָנערן.

— ווער איז ער? ווי הייסט ער? לאָמיר אַרײַנפאָרן.

— איך וואָלט אייך ניט געראַטן זיך באַקענען מיט אים, ער איז אַ פּאַרביטערטער איד, דווקא אַ געלערנטער, נאָר אַ מגושם, איר קענט נאָך געזידלט ווערן פון אים.

— אזוי? געזידלט ווערן? דאָס האָב איך ליב! פּאַרט צו, איך בעט אייך!

איך האָב אים צוליב געטאָן.

אין אַ בלויזן העמדל, פּאַרקאַטשעוועט די אַרבל, איז ער, דער קאָלאָ־ניסט ז. געשטאַנען און זיך געפּאָרעט באַ אַ זיץ־פּלוג. אַ מיידעלע פון אַ יאָר צען איז מיט אַ מאַטע אין האַנט געשטאַנען לעבן אים, דערלאַנגענדיק אים דאָס מאַטע־טעפּעלע.

— גוט מאָרגן! — שרייט ברכות פון סולקי אַראָפּ.

— אָט האָט איר אַ גאַסט!

דער קאָלאָניסט הויבט אויף דעם רויט־האָריקן קאָפּ פון פלוג און, ווי זיין שטייגער איז, ניט צו ענטפערן קיינעם קיין גוט מאָרגן גוט יאָר, גיט ער הילכיק אַ פרעג:

— אַ גאַסט? ווער איז?

— דאָס איז ז. ברכות, אַ שרייבער. — ענטפער איך אים. — ער איז געקומען באַזוכן מאָוריציאַ.

— וועמען דען וועט איר פירן! — קוקט ער בייז אַף מיר, — אַז ניט נשמה־מענטשן, די בינען! וואָס האָבן מיר פון זיי? ווער דאַרף זיי?

— נשמה־מענטשן? בינען? — צעלאַכט זיך ברכות און שפּרינגט אַראָפּ פון סולקי. — אַ נו, סעניאָר, קוקט מיך אָן! זעט נאָר מיינע הענט, מיינע מוסקולן. איר ווילט זיך אפשר באַרען מיט מיר?

דער רויטער האָט אים אַ ווײַלע באַטראַכט און אים פריינטלעך אויס־געשטרעקט די האַנט:

— שלום עליכם! איך זע איר זענט עפּעס אַנדערש, ניט ווי יענע ביי־נען, ליטעראַטן אָן געזונט, אָן לעבן, בלויז נשמה און חלומות מיט פּאָעזיע... נאַט, טרינקט אַ מאַטע!

ער נעמט דאָס מאַטע־טעפּעלע באַם קינד און דערלאַנגט אים.

ברכות נעמט שמאָצקען דאָס מאַטע רערל מיט זיינע גראָבע ליפּן און פינטלט מיטן אויג צו מיר מיט טריאומף. ס'הייסט, זע ווי איך האָב אים באַזיגט... און ער צעלאָזט זיך מיט דער שפּראַך, דערציילט וואו ער איז געוועזן און וואָס ער האָט אין יענע יק"אַ־קאָלאָניעס געזעען און בעט דעם

רויטן ער זאָל אים עפּעס דערציילן פון מאוריצא...

דער קאָלאָניסט כמורעט אָבער ווידער אַמאָל אָן די רויטע לאַנגע ברעמען און זאָגט:

— געזעען, געזעען... איר זענט אַלע זייער גוט, אַף גיך זעט איר; וואָס מיר קאָלאָניסטן זעען ניט אין דרייסיק יאָר לעבן, זעט איר אין איין אויגנ־בליק פּונקט ווי יענער! וואָס האָט ער געזעען, דער הויכער, דער מאָגערער, מיט'ן גראָבן נאָז, ווי רופט איר אים, סעניאָר אַלפּערסאָן? — ווענדעט ער זיך צו מיר — „זיידענע נשמה" רופט איר אים, אַ יאָ, סעניאָר!

— וועמען מיינען זיי עס? — פרעגט בײַ מיר ברכות.

— זיי מיינען געווים פּרץ הירשביין.

— יאָ, יאָ, הירשביין! הירשביין! אַזוי האָט ער געהייסן — שאָקלט מיט'ן קאָפּ דער רויטער.

— הירשביין? נו, טאָקע אַ זיידענע נשמה, וואָס האָט איר צו אים?

— פרעגט ברכות.

— וואָס האָב איך צו אים? וואָס האָט ער צו אונדז? און וואָס האָט איר אַלע שרייבער, פּאָעטן, טרוימער, צו אונדז, וואָס העלפט איר אונדז? נאָך וואָס קומט איר?.. הערט! קומט צופאָרן אַ יונגערמאַן, די בלעטער אין בוענאָס איירעס קלינגען נאָ גוואַלד: הירשביין! הירשביין! פאָרט ער אום אין יענע קאָלאָניעס, טרעפט אונדזערע פאַרוואָגלטע קאָלאָניסטן, וואָס די יק"אַ־כאַבאַרניקעס האָבן אין די אומגליקלעכע זומפּן פון סערעס־מאָנטעפיאָרע פאַרפירט, טרעפט ער זיי ווי זיי ליגן דריי וואָכן אַף די דעכער, ווייל דער רעגן, דאָס וואַסער, האָט די ערד פאַרפלייצט, זיי גייען אוים פון הונגער, דערנערן זיך מיט דערטרונקענע עופות... דער שרייבער מאַכט זיין באַזוך בײַ זיי אין אַ שיפל... נו, וואָס טוט ער? לאָזט ער, דער גרויסער פּאָעט, פאַלן אַ טרער אַף די סטרונעס פון זיין גאָלדענער האַר־פע, שרייבט אָן עצבות'דיקס אַף די שפּאַלטן פונם ניו־יאָרקער „טאָג", לאָזט הערן אַ וויי אין דער „פרייער ארבעטער שטימע" און — באַסטאַ, דערמיט איז ער יוצא. מיט דער מאַדאַם יק"א, מיט איר פירט ער זיך מעשה קאַוואַליער, ווייל איר ניט פוגע בכבוד זיין, זינגט אַ פּאָר שבחים דער בלומרשט רייכער מאָזעסוויל, זיינע ליטוואַקעס, און אונדז מאוריציער פאַרשווייגט ער גאָר. איין טאָג האָט ער אונדזער קאָלאָניע געזעען, אָבער טאָקע גאָר ניט געזעען. אַ פּאַמפּערא האָט גראַדע דעם טאָג געבלאָזן...

— אָקעגן וואָס זאָגט איר עס מיר? — פרעגט ברכות.

— איך זאָג עס אָקענן אייך אַלע, ליטעראַטן, שרייבער; איר בינען, קומט אַף אונדזערע פעלדער מער ניט כדי צו שאַפן ליטעראַטור, איר שלעפט צונויף פעלד־בלומען כדי צו שאַפן אייער זיסן האָניק, ס'אַרט אייך ניט פון וואַנען די בלום וואַקסט אַרויס, צי פונם שיינעם גאָרטן וואָס דעם מיידלס האַנט האָט געפלאַנצט, צי פון אַ קבר פון אַ אומגליקלעכן... אונדזער שיינע מאַוריציע איז באַלד אַ חורבה, אַ קבורה, און איר שווייגט! איר אַלע בינען, שווייגט... אַך — גיט ער אַ דריי מיטן רויטן קאָפּ, — ווען איך זאָל קענען קומען קיין אייראָפּע, קיין אַמעריקע, זאַבאַרקו וואָלט איך דאָרט אונזערע גדולים אָנגענומען; קומט מיט מיר, וואָלט איך זיי געזאָגט, איר וואָס זאָגט, אַז ס'קרענקט אייך דער בראָך פון דער אידישער אומה; קומט מיט מיר אין אונזערע פאַמפּאַס, סערעס, דאַראַ, בערנאַסקאָני, קוקט אָן אונזערע אַרגענטינער קאָלאָניעס, אונזער שיינע אומגליקליכע מאַאוריציע, אונזערע פעלדער, אונזערע סעדער, אונזערע בינשטאָקן; אונזער פּראַצע פון 30 יאָר גייט איבער אין פרעמדע הענט; קוקט און זעט וואָס די מושלים פון יק"א האָבן פון אונדז געמאַכט...

ער האָט געענדיקט ריידן האָט אַ וואָרף געטאָן דאָס היטל אין דער ערד און איז אַוועק אין פעלד.

ברכות איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. האָט אַ רגע געטראַכט און זאָגט צו מיר: — ער זידלט? עס טוט אים וויי! איז דאָ אַסאַך אַזעלכע? קומט, לאָמיר פאָרן... אַ גרוס פון הירשביינען האָב איך שוין.

איך האָב אַ טאָרקע געטאָן מיין נעראַן און מיר האָבן זיך פאַרנומען אַפן ברייטן שליאַך וואָס פירט אין גרופּע 54.

---

מיר פאָרן פאַרביי דער טשאַקרע פון אַרון קצב, אַ קאָלאָניסט פון 80 העקטאַר לאַנד. די „דזשואיש" האָט אים זיין ביסל מאַיס עמבאַרגירט פאַרן חוב, און דער האָט אַ שווערע זינד באַגאַנגען: ער האָט די עמבאַרגירטע קוקורוזע אויפגעגעסן, די אַדמיניסטראַציע האַלט אים באַם אַרעסטירן... אין קייטן האָט דער כועז געהייסן אים שליסן.

געטראָפן האָבן מיר אים מיט זיין ווייב און אויך זיינע אַ פּריילן פון אַ יאָר צוואַנציק בלאָטע קנעטן. דער פאַמפּערא, דער עזות'ניק האָט נעכטן זיין זקנה, די 25־יעריקע ראַנטשע צעלייגט, אַ וואַנט האָט ער אומגעוואָרפן, מאַכן זיי איצט וואַלקעס אַף צו פאַרריכטן די וואַנט.

ז. ברכות דערוויסט זיך דאָס אַלעס, ציט מיט די געזונטע אַקסלען און פרענט:

— פאַר וואָס האָט איר אַזאַ פאַרברעכן געטאָן? איר ווייסט אַז ס'קומט אייך טורמע פאַר צונעמען די עמבאַרגירטע מאַיס?

דער אַלטער ווערט דערציטערט.

— וואָס האָב איך געזאָלט טאָן, סעניאָר? אַ שלאַנג ווען זי וואָלט געווען אַרום די מאַיס אַרומגעוויקלט, וואָלט איך זי אויך געווען אַראָפּ־גענומען. די קינדער ווילן עסן!

— פאַר וואָס האָט איר אַזוי ווייניק לאַנד?

— אַ מזל, סעניאָר! איך האָב ניט נושא חן געווען אין אַדמיניסטראַ־ציע. מיין שכן יחזקאל מיכאַלאָווסקי האָט 350 העקטאַר.

— וויפיל זענט איר שולדיק אין אַדמיניסטראַציע?

— ווער פון אונז ווייסט דען אַף ריכטיק וויפיל ער איז שולדיק? ס'דאַרף זיין מיטן פּראָצענט און די קאָנטריבוציע און מיט די זעקס הינטער־שטעליקע ראַטעס, מיט זייער זעקס מאָל פּראָצענט פון פּראָצענט, אַן ערך פון 3.500 פּעזאָס, עקסטרע די פאַרשאַלטענע דריי טויזנטער פון דעם מיליאָן...

— פאַרשאַלטענע דריי טויזנטער, זאָגט איר? פאַר וואָס האָט איר זיי גענומען?

— איך ווייס? מענטשן האָבן גענומען, די אַדמיניסטראַציע האָט צו־גערעט, האָב איך אויך גענומען. הלואי וואָלט איך ניט געווען גענומען!

— וואו האָט איר אַהין געטאָן אַזוי פיל געלט?

— אַ קללה איז באַהאַלטן געלעגן אין דעם געלט, סעניאָר.

— איר זענט אַן אַלטער קאָלאָניסט און גלויבט אין נאַרישקייטן, אין קללות?

— ניט קיין נאַרישקייטן, סעניאָר! די תוכחה איז געווען באַהאַלטן אין דעם מיליאָן וואָס דער אדון מ. האָט צווישן די קאָלאָניסטן צעטיילט. די הלוואה פאַרקויפט איצט אַסאַך פון די מאַאוריצער פעלדער. ס'איז נאָך אַ גליק וואָס מיר האָבן אויסגעריסן בא זיי דאָס רעכט אַף קויפשיינען, קען מען פאַרקויפן אַ שטיק לאַנד און באַצאָלן דער „יעוויש" איר חוב מיטן פּראָצענט און בלייבן כאָטש מיטן איבעריקן פעלד. אַז ניט, וואָלט זי, מיט די איבעריקע קרעדיטאָרן, צוגענומען אינגאַנצן.

— איר האט מיר ניט געענטפערט וואו האט איר אהינגעטאָן די דריי טויזנטער מזומן געלט פון דער הלואה...

— מממזזזומן? — ציטערן דעם אלטנס ליפּן און א טיפער ווײ צע־קרימט אים דאָס פּנים, — די אדמיניסטראציע האָט אָפּגענומען צוערשט אירס, אַן ערך 17 הונדערט פעזאָס, סקאַלאַ דעם קרעמער 500 געגעבן אָפּן חוב און דאָס רעשט געלט האָט די ערד צוגענומען. דריי יאר האָט גע־רעגנט, מיר זיינען פארפוילט געווארן...

— וואס דענקט איר איצט צו טאָן? מ׳וועט אייך איינזעצן אין תּפי־סה.

— סקאַלאַ׳ן וועל איך דאָס לאַנד אוועקגעבן. לויט סקאַלאַ איז אַ גוטער קריסט, ער וועט באצאָלן דער יק״א, און מיר לאָזן די שטוב מיט צען העקטאר, איך זאָל ניט דאַרפן אַף דער עלטער אַף פרעמדע טירן זיך אומשלייען — פארענדיקט דער אַלטער און זיינע קינבאקן הויבן אָן צי־טערן און קאָנוואולסירן פון צער.

— פארט! גיט ז. ברכות א רעווע צו מיר. כאַפּט אוים די לייצעס פון מיין האנט און שמייסט אוועק...

איך מוז דא אָנמערקן און זאָל די וועלט וויסן. דער גוטער קריסט לו־אים סקאַלאַ האט היינט אין מאַאוריציע היבשע עטלעכע אידישע טשאַק־רעס. די כשרע אדמיניסטראציע האט היבשע אלפים בלויז קאָמיסיאָן באַ דעם סוחר פארדינט, און זי מיט דער הילף פון נאָך אַזעלכע „נקי כפּים“ פון יק״א און ווי איינציקע זאָגן מיט דער הסכּמה פון׳ם דירעקטאָר אַליין, האבן די אידישע פעלדער אין גויאישן באַזיץ איבערגעשיפּט“.

מיר פארן. מיין נעראַן שטעלט פּיס. ברכות שמייסט נערוועאיש דאָס פערד, קאַרטשעט די ברייטע פּלייצע און קוועטשט שטארק די פּי־זשאַלע פון בייטש.

איך קוק אַף אים פון אַ זייט. איך זע דער ריזיקער גרויסער קערפּער זיינער איז ווי איינגעשרומפּן געווארן, ער זיצט און שמייסט דאָס פערד. טראַכט און שווייגט.

ס׳טוט דיר ווײ, ליטעראַט, צי פּשוט, ווי דער רויטער קאָלאָניסט זאָגט, אַ ביין, ניט מער? געפונען אַ בלום אָפּן קבר פון דעם קאָלאָניסט, דאַרף מען אויסקוועטשן אביסל האָניק, אויסארבעטן אַן ארטיקל אין דער ניו־יאָרקער „צוקונפט“ אריין...

ער האט אבער ניט געהערט וואס איך האב געטראַכט, און נערוועז

געטריבן דאס פערד. דעם נעראָן איז דאס מין טרייבן ניט געפעלן געוואָרן און ער האט געפּרואווט מיט די הינטערשטע פיס געבן אף צוריק...

— נאט, פארט איר! — ווארפט ער מיר צו די ווישקעס מיט דער בייטש — פירט מיך צו אין אדמיניסטראציע, — בעט ער זיך בא מיר. איך האב אים צוגעפירט צום טויער, אראפגעלאזט און בין מיר געפארן אהיים.

---

XXVI

# דער לעצטער אדמיניסטראטאר

א זון פון דער קאָלאָניע. — די יק"א דארף געלט. — דעסאלאכאס פון קאָלאָניסטן „ארענדאטארס". — געשעען א נס. — דער טערק איז אין כעס. — דעם אדמיניסטראַטארס ודוי. —

באַך גאָר א אינגל איז ער געווען, אויפגעצויגן זיך און אויסגעהאָדעוועט זיך צווישן אונדזערע קינדער און האָט אויך אַלע געוואוינהייטן פון דעם היזיקן: ניט קיין סאך ריידן און ניט באלד אין כעס ווערן. ער האָט ניט פיינט די קאָלאָניסטן, פארקערט, ער באדויערט זיי זייער, אבער די באפעלן פון קאזשאַא פירט ער פונקטליך אויס; א באאמטער פון דער דעספאטיע, מיט אלע אירע פלימערלעך.

— איך מוז היטן מיין שטעלע, סעניאָר — זאגט ער בא יעדער לומ־פעריי פון דער אדמיניסטראציע, וואס ער פירט דורך. — איך מוז דער־נערן מיין מוטער מיט דער פאמיליע...

דער יונגער אינגל האט געלאזט רופן יעדן פון די בעל חובות באזונ־דער, אים אויפגענומען בסבר יפות און א בענקל אים צום זעצן געשטעלט.

דריי צענדליק יארן זיינען מיר פאר זיי אף די פיס געשטאנען און פלוצים רעט מען גאר אין א מילדער זיסער שפאנישער צו אידישער שפראך, טענה'נדיק ברידערלעך:

— סעניאָר ב., ברענגט געלט... ס'פעלט אונדז געלט... דער דירעק־טאָר האט א סאך באאמטע פון זייערע שטעלעס אפגעזאָגט... די קאָנ־טריבוציע אין רעגירונג ניט געצאָלט, ווייל די קאסע פון דער יק"א איז ליידיק. ס'איז מלחמה... פאריז האט ניט די ממתקים, מיר מוזן דאס מין דאָ שאפן... טוט ברודער וואס איר קענט, פארקויפט א העלפט צו אין גאנצן דאס לאנד... דער נייער דירעקטאָר וויל דער פון ניט וויסן, אבי ברענגט געלט... מיר מוזן! געלט, געלט, געלט!..

ס'איז זיכער געווען אין זיינע רייד אז ס'איז טאקע אמת, די יק"א איז ארים געווארן, אדער א עני באותה שעה. אי פארוואס האבן זיי שפע־

קולירט? ווער האט זיי א רעכט געגעבן דעם פאלקס אוצר אין בעלגישע צי אין דייטשע פאפירן פארטאָן? נו, וואס, תיקו.

און אפן, אָן סודות, נעמט ער פון קאסע א זשמוט פאפירן ארויס און ווייזט יעדן וואס די „סופעריארעס" שרייבן אים:

א נייעם „רומבא", א נייע ווענדונג זאלט איר אָננעמען. דער אלטער וועג ווי ס'איז ביז אהער אָנגעפירט געווארן, צו לאדן די קאָלאָניסטן וועלכע האבן פראמעסא־קאָנטראקטן, טויג נישט, ס'איז צו א לאנגער וועג... איר נעמט אייך גלייך צו די וואס האבן נאָר ארענדע־קאָנטראקטן, זאלן זיי געבן געלט, אז ניט שמייסט זיי ארויס... און — פארענדיקט דער יונ־גער אדמיניסטראטאר — איר פארשטייט אליין, אז איך מוז פאלגן דעם סופעריאר מיינעם.

און אזוי איז עס באלד געשען.

ס'איז ריכטיק מקוים געווארן דאָס ביבלישעווארט: מיט וואָס קען דער דינער נושא חן זיין באם שלעכטן אדון, אז ניט מיט די קעפ פון זיי־נע קנעכט?"

דריי ארימע קאָלאָניסטן אין לא עספעראנסא, וועלכע האבן אין די אכט יאר נאָך קיין „פראמעסא" בא דער יק"א ניט ארויסגענומען, האט ער אלס כפרה הינדלעך אויסגעקליבן; ווי אף ארענדאטאָרס און ניט ווי אף קאָלאָניסטן האט ער אף זיי אין געריכט אָנגעגעבן און געפאדערט באם שופט צדק אָן אמת'ן משפט: אראפצו־ווארפן זיי פונם לאנד.

דער „כועז" האָט גלייך געפּסקנט „דעסאלאָכאָ", און האָט נאָך א חסד מיט די אומגליקלעכע געטאָן; ער האט זיי געגעבן פערצן טעג צייט, אפצורייניקן דער „דזואיש" דאָס לאנד.

א בהלה, א מהומה. פון אלע דריי טיילן קאָלאָניע, פון מאוריציא, עספעראנסע און סאנטא טאָמאס, איז מען זיך אין שול צוזאמענגעלאפן. שוים, פינע, רוגזה, כעס האט געשלאגן פון יעדנס מויל:

— אָ, די מרשעת! — שרייען די קאָלאָניסטן. — די שוואכסטע, די הילפלאזע, די וואס האבן נאָך ניט קיין קאָנטראקטן, האט זי פאר קרבנות גענומען. אלס ארענדאטארס, וואס זיצן אף פרעמד לאנד און צאָלן ניט קיין ארענדע, האט זי זיי אין געריכט פארקלאגט... מיר אלע וועלן גיין עדות זאגן און שווערן, אז זיי זיינען צוריק מיט אכט יאר אלס קאָלאָניסטן איינגעארדנט געווארן און ניט אלס ארענדאטארס... פאר שווינדל וועלן מיר די אדמיניסטראציע אָנקלאגן...

מ'האט גלייך באשטימט א „קאָמיסיאָן דע דעפענסא" און דעם ראש פון דער פּאַרטייזירונגם קאָמיסיע קיין לאַ פּלאטאַ אוועקגעשיקט, אָנצו־געבן אין דער געריכטס פּאַלאטע, זי זאָל דעם משפּט פון די דריי קרבנות אָפּרופן...

---

א שווערער, פּוילער מאַנסטער איז די רעגירונגס מאַשין. אומבאַוועג־ליך איז איר מעכאַניזם, אום צו רירן זי און אין באַוועגונג צו זעצן. א שרייפל, א נערוו פון דעם מאַנסטער, מוז מען גוט שמירן... און אָפט מאָל אויך א „קוניא" א קלין באַנוצן.

דער ראש פון דער „קאָמיסיאָן דע דעפענסא" וואָס די קאָלאָניסטן האָבן קיין לאַ פּלאַטאַ געשיקט מיט דער אַפּעלאַציע אין דער פּאַלאַטע, האָט ניט קיין שמירעכץ און אויך ניט קיין מיוחס'דיקן בא דער זייט פאַר־מאָגט. און די צייט לויפט, די ערד דרייט זיך, ערב ובוקר און א טאָג איז פאַרביי... גיך זיינען אוועק די פערצן טעג וואָס דער „כועז" האָט די דריי „דעסאַלאַכירטע" געגעבן און זייער אַפּעלאַציע איז נאָך אין קראַפט ניט אריין.

די אַדמיניסטראַציע, וואָס פאַרמאָגט יאָ דאָס שמירעכץ, דאָס פעט־קייט וואָס די מאַשין האָט ליב, — זי, וואָס האָט ארויסגעקוקט עס זאָלן זיך ענדיקן די פערצן טעג אום זיך נוקם צו זיין, אָנלערנען די עבדים וואָס דערוועגן זיך אקעגענצושטעלן איר, זי, האָט מיטן טאָג גלייך, ארויסגע־שיקט איר געלן קאָטש מיטן פילאַנטראָפּישן הערב .J. C. A, ארויפגענו־מען א פּאָר וויזשילאַנטן און א דריי גאַאוטשאָס, און זיי צו די אומגליק־ליכע משפחות קיין לאַ עספּעראַנסע פאַרפירט, באַלד איז אויך דער קאָ־מיסאַר מיטן „אַגוואַסיל" מיטן אויטאָמאָביל אָנגעלאָפן, די קרבנות זיי־ער רעכט צו טאָן...

דער טאָג איז א טריבער, א קאַלטער געווען און פונם הימל האָבן זיך ווי דריבנע נאָדלען געשאָטן און אין לייב געקראָכן אז ס'איז אַן עבירה גע־ווען א הונט אַפן גאַס ארויסצולאָזן... די פּאָליציי האָט איר פּליכט כמעט אומווילנדיק געטאָן:

דער ערשטער קאָלאָניסט, יאַנקל שטיין, איז גלייך מיט זיינע בעבע־כעס אַף דער גאַס געליגן. פאַרשלאָסן האָט דער אגענט פון דער אַדמיני־סטראַציע די שטוב. לעבן „אַלאַמבראַדאַ" א שומר געשטעלט, א גאַאוטשאָ מיט זיין „פאַקאָן" און פּטור.

באם צווייטן, א. מרגלית, אַן אַלמן וואס האט ערשט מיט א פּאָר טאָג פריער די אַלטע זיינע באַגראָבן, איז א ביסל שווערלעך צוגעגאַנגען... שכנים, ביטערע יונגען, האבן זיך מיט דער פּאָליציי שלאָגן געשטעלט; די פּאָליציייאישע „רעוועגקעס" און די שווערדן האבן זייער היציקייט אָפּגעקילט און מ׳האט אויך די פאמיליע ארויסגעשמיסן.

באם דריטן, בנמין העלענבערג, דאָ איז גאר א צרה געווען. די אַלטע זיינע איז שוין א צייט צו בעט, די וואסערן און דער ווילגאַטש פון דער צעווייקטער ראַנטשא האבן בא איר אירע רעמאַטיזן צעשפּילט און די לעצטע געשעענישן, פון דער יק"א מיט דער „דעסאלאכא", האבן זי גאר דערשלאָגן. בעת די ווייזשילאַנטן האבן זי מיטן בעטל גענומען ארויסטראָגן, האט זי אַזוי ווי אַלע רעומאַטיז־ליידנדע, געוואַלדן געמאַכט... דער קאָמיסאַר מיטן אַגוואַסיל האבן ניט געקענט צוזען די סצענע. דער לעצטער האט, ווי דער מנהג פון דעם היזיקן, א קללה געשיקט נאָטס מאַמע דער צנועה מיט איר זון צוזאַמען מיט אַלע הייליקע... און דער קאָמיסאַר האָט געמורמלט: „קאַראַמבא"! „קע באַרבאַרידאַד!" דער קאָלאָניסט בנימן העלענבערג האט זיך הינטער זיינעם א בוים פארדוקט און א שטריקל געזוכט... ער איז געווען אַזוי דערשלאָגן, אז ער האט גאר ניט געוואוּסט וואס ס׳טוט זיך מיט אים. די גרויסע קינדער זיינע, דריי זין, זיינען אין דער היים ניט געווען, זיי האבן אין א פריצישן גוט ערגעץ געאַרבעט. א גליק איז דאס געווען, ס׳וואָלטן געווען הרוגים געפאַלן. און די קליינע קינדערלעך האָבן די ווייזשילאַנטן מיט בלאָטע באַוואָרפן, געשטיפּט, געווײנט און געזידלט...

א שכן איז מיט זיין וואָגן אָנגעלאָפן ארויפצונעמען די קראַנקע פרוי און איבערפירן צו זיך אין שטוב.

---

נאָר דא איז פּלוצים א נס געשען.

אַן אָפיסיאַל מיט אַן אויטאָמאָביל איז אָנגעלאָפן פון „כוזגאדא" מיט א טעלעגראַמע פון לא פּלאַטא, אַז מ׳זאָל די קאָלאָניסטן ניט רירן פון זייער אָרט און אַן אָרדער פונם כועז פון קאסאַרעס, אַז: אויב זיי זיינען שוין דעסאלאכירט, זאָל די פּאָליציי זיי העלפן אריינטראָגן צוריק אין זייערע וואוינונגען...

מ׳האָט גלייך אויסגעפאָלגט דעם באַפעל. אָפּ אַלעמען איז א גדולה געוואָרן, אפילו די שווארצע האבן מיט צופרידענהייט געשפּיגן און געפּליסטערט אין דער שטיל:

— קע סוערטע! קע ביען! (וואס פאר א מזל! ווי גוט!) נאָר דער איין אדמיניסטראציע אנענט איז אוועק מיט א ברוגזער נאָז.

דער קאָמיסאר האט פאראָרדנט אז מ׳זאָל די קראנקע פרוי אין דעם אָנגעקומענעם אויטאָ אריינזעצן און זי קיין קאסארעס צום דאָקטאָר פירן, וואו זי איז א צייט לאנג פון אונזער דאקטאָר גרונמאן באהאנדלט געווארן אומזיסט.

ווען דער נייער דירעקטאר אין קאזשאַאַ 216 האָט זיך פון די דריי ניט געלונגענע קרבנות דערוואוסט, איז ער טאַקע ווי אן אמת׳ער טערק אין צאָרן אריין און באפוילן צו אונדזער מושל פ. מ. ער זאָל רייסן שטיקער פון די אלטע קאָלאָניסטן. זאָלן זיי ווייסן ווי זיך איינצושטעלן פאר די גרינע און צושטערן זיינעם א באפעל.

---

די קאָלאָניסטן האבן זייער שלעכט געטאָן, — האט מיר אין א שמוּ־עס נאָכדעם געזאגט דער יונגער אדמיניסטראטאר — דער נייער וועט זיך אן זיי אָן רחמנות נוקם זיין.

— וואס דען האבן זיי געזאלט טאָן, סעניאָר? לאזן די אומגליקליכע ארויסשמייסן אף דער גאס?

— און וואס פאר א טובה האט מען זיי געטאָן? — פרעגט ער בת־מימות — מ׳האט זיי פארלענגערט די גסיסה. זיי וועלן דען בלייבן קאָלאָ־ניסטן? מיר וועלן דען זיי לאזן? צו קענען זיי דען עקזיסטירן אף די ני־דעריקע, זומפּיקע פעלדער? וועלן זיי דען אף זייער לעבן קענען אונז אפּ־צאָלן דעם הינטערשטעליקן חוב, אן ערך פון זעקס טויזנט פעזאס? פון וואנען וועלן זיי עס נעמען?

— פאר וואס זשע האט מען זיי אף אזעלכע אומפּרוכטבארע פעלדער קאָלאָניזירט?

— דאס איז דער פעלער פון יענעם אדמיניסטראטאר — זאגט ער, — אפּגעשניטן בא די יונגע שטיקער „לאגונא“ און באזעצט אף זיי די גרינע, איצט קענען ביידע ניט, אי די געלע, אי די גרינע, ניט לעבן און ניט צאָלן... די דירעקטאָרן אנערקענען דעם פעלער, אבער מ׳קען צוריק ניט כאפּן...

— וואס זשע זיינען די ארימע שולדיק וואס מ׳האט זיי שלעכט קאָ־לאָניזירט? קומט זיי נאָך אזוי פיל יאר מאטערניש, אף דער גאָס ארויס־צו־ווארפן?

— די קאָלאָניזאַציע איז ניט קיין צדקה אַנשטאַלט, זאָגט אונזער דירעקטאָר; דער בנימין העלענבערג איז נאר א בעקער פון פאַך, מרגלית איז א בעדער, שטיין איז א קרעמער... זיי זיינען ניט קיין קאָלאָניסטן...

— האט דען דער באראן די קאָלאָניזאַציע געשאפן פאר געבוירענע קאָלאָניסטן? ער האט דאך ערשט געדענקט פון אזא עלעמענט אן אקער־בויער פאלק צו מאכן, און ווען מ'האט שוין דעם בעדער צו דעם קרעמער איין מאָל קאָלאָניזירט און א שלעכט שטיקל לאנד אים געגעבן, מוז מען אים, נאָכן יושר נאָך, איבערפירן אף א בעסערן באָדן, אים אויסהאלטן... נאָר ווייסט איר, יונגער אדמיניסטראטאר, פאר וואס די אדמיניסטראַציע טוט דאָס ניט?

דער יונגערמאַן איז רויט געווארן איבער די אויערן: זאָלט איר ניט גלויבן וואס מ'זאָגט — בעט ער זיך בא מיר. עט! וואס קאָלאָניסטן זאָגן! זאגן זיי דען ניט אף דעם סעניאָר — איר קענט אים גוט — אז ער האט א מיליאן פעזאס בא דעם אומגליקליכן קויף פון דער קאָלאָניע מאָנטיפיאָרע אראפגענומען?.. זאגן זיי דען ניט, אז דער נייער האט א לײדיקן טער־קישן טורבאן געבראכט און וויל אים מיט גאלדענע פעזעס אָנשיטן?.. און וואס זאגן זיי שוין ניט אף מיר? איר מיינט איך ווייס ניט?

— איר ווייסט, סעניאָר פ., אז מיט אייער ארט באַנעמען זיך מיט די קריסטן, וואס קויפן אָפּ די קאָלאָניסטישע פעלדער, גיט איר זיי שטאָף צו דענקען אין דעם וואס מ'זאָגט אף אייך... — זאג איך, און קוק אים גלייך אין די אויגן אריין. דער יונגערמאַן לאזט די אויגן אראפ צו דער ערד און אין אן ערנסטן טאָן, נעמט ער זיך מתודה זיין פאר מיר:

— איך ווייס, אז איך באגיי א זינד, א „קרימען"... דאס קומט אויס, אז איך בין א מעקלער באַם גוי. ניט אומזיסט זאגן זיי אז איך נעם צען צי צוואנציק פעזאס פונם העקטאר לאנד באַם גוי. אָבער, זאָגט מיר, קען איך דען אנדערש מאכן? דער גוי, דער קויפער האט דאך מורא צו גע־טרויען דעם אידן דאס געלט. איידער ער שרייבט אים אונטער דעם קויפ־שיין פונם לאנד, און דעם קויפשיין קען דאך דער קאָלאָניסט ניט האבן, ביז וואנען ער באצאָלט ניט דער יק"א זיין חוב. דאָ מוז איך שוין אלס פאר־מיטלער אונטערקומען; דער גוי געטרויעט אונז, דער אדמיניסטראציע, דאָס געלט און איך גיב אים ארויס א קוויטונג אף דעם, מיט א שריפט, אז ווען די פאפירן וועלן דורכגיין דעם רעגיסטער, בלייבט ער דער אייגנטי־מער פונם לאנד. מיט רעכט קענען זייטיקע מענטשן דענקען אז דער קוי־

פער גיט מיר אראָפּ עטלעכע פּעזעס פונם העקטאַר פאַר מיין אַרבעט. אַבער, גלויבט מיר, אַז ס'איז פאַלש. מיין האַרץ רייסט מיר גענוג אַז איך מוז העלפן אידישע פעלדער זאָלן איבערגיין אין גויאישע הענט...

— פאַר וואָס זשע עפענט איר ניט די דירעקטאָרן די אויגן אויף דעם פאַרברעכן, וואָס ווערט דורך זיי געמאַכט?

— עפענען די אויגן? — פאַרקרימט זיך דער יונגער מענטש, — זיינען זיי דען בלינד? זעען זיי דען ניט דעם טשעק פונם גוי וואָס איך שיק זיי צו, צום איינקאַסירן? שרייב איך דען ניט ווער דאָס געלט איז און ווער עס בלייבט מיט דעם און מיט יענעם קאָלאָניסט'ס לאַנד? געלט, שרייבט מען מיר, שיק! מאָן איך און שיק... איך בין אַ שטעקן באַם נייעם אין די הענט. וועניציאַני מישט זיך איצט גאַר ניט. אָט האָב איך אַן אָרדער פון אים, — זאָגט ער מיר שטילערהייד — אָנצוזאָגן אויף נאָך פ י ר אַל־מנות פון די קאָלאָניסטן: באַראַכאָוויטש, טעפּער, גירסטל און די אַלמנה פונם הרוג יאַנקל שאַראַשאַנסקי. טרערן וועלן זיך גיסן ווי וואַסער. ער וויל אַרויסוואַרפן פינף און צוואַנציק־יעריקע קאָלאָניסטן. ער וועט צע־שטערן, חרוב מאַכן די קאָלאָניזאַציע... געלט, געלט, געלט! — פאַרקלעמט ער מיט די ציין. — אָט פאָר איך אין אַ פּאָר טעג אַרום קיין מערסעדעס, לעגאַליזירן די קאָנטראַקטן פון נאָך אַ צוואַנציק קאָלאָניסטן און זיי איבער־געבן צו זיין נייעם אַדוואָקאַט, דר. לאַפּעז. פאַרטיידיקט אייך, קאָלאָניסטן, ווי ווייט איר קענט, דער נייער וועט ניט רוען, ער וועט צונעמען אייער לאַנד... נאָר מיך — בעט ער זיך מיט תחנונים, — זאָלט איר ניט שעל־טן... וואָלט איך אַן אַנדער שטעלע געהאַט! ס'איז אָבער איצט אַזאַ קריי־זיס!...

מיט שברון לב האָב איך אויסגעהערט די ודוי פון דעם יונגן באַ־אַמטן און דעם גאַנצן וועג, פאַרנדיק אַהיים, האָבן מיינע אויגן ניט גע־טריקנט און די ליפּן האָבן פון זיך אַליין געשעפּטשעט: — אלה מנהיגיך ישראל!...

אַ פּאָר וואָכן צייט נאָך דעם געשפּרעך מיטן יונגן אַדמיניסטראַטאָר האָט די מגפה אויסגעבראָכן. אַכט און צוואַנציק (28) קאָלאָניסטן אַלטע און יונגע, ווי אויך די פיר אויבנדערמאָנטע אַלמנות, האָבן באַקומען צעט־לען פון „כוזגאַדאָ“; אייניקע אויף געלט צאָלן און די מערסטע אויף „דעסאַ־לאַכאָ“. און דאָס פאַרקויפן די פעלדער האָט זיך אָנגעהויבן גאָר אין גרוי־סן מאַסשטאַב און אומגעהויער שנעל.

— איידער די יק"א זאל צונעמען, איז גלייכער צו פארקויפן די ערד און איר באצאלן און עס וועלן נאך א פאר טויזנטער בלייבן צו דערשטיקע־ ווען דאס ביסל יארן. — האבן געזאגט א טייל, די וואס האב ניט גע־ וואלט זיך לאדן. — געבענטשט זאלן זיי זיין, די מענטשן וואס האבן אונז די טיטולאס פון זייערע הענט ארויסגעריסן. ווען ניט דער צירקולאר 153 וואלט דער טערק אונז אין גאנצן בא'גזל'ט...

מ'האט פארקויפט, געכאפט, געראטעוועט ווי פון א שרפה. ביליג האט מען פארקויפט... 170, 150 פעזאס דעם העקטאר.

דער בעקער פון קאסארעס, טאמאס סאלוואט, האט די לענדער פון הירש גיטעלמאן, משה טאבאקמאן און פון נאך א פאר שכנים פאר דער דאזיקער פרייז אפגעקויפט און זיך א גוט דארט אויסגעבויט. די מגפה האט זיך צושפרייט און געפרעסן אונזער מאאוריצער ערד.

א פאר אומגליקליכע, די וואס האבן נעבעך א פאלשן באנקראט גע־ מוזט מאכן, משה לעדערמאן און אברהם דיין, האבן א קרעדיטארן פאר־ זאמלונג צוזאמענגערופן און די ערד צו דער יק"א צוגערעכנט, בכדי די בעלי חובות זאלן אף איר ניט קענען ארויפפאלן... אט די פאראומגליקטע, האבן פארקויפן ניט געקענט, אף זיי האט דער נייער זיין גאנצן צארן אויסגעגאסן און געפאדערט אויסצופירן דעם משפט: „דעסאלאכא".

אויך די אלמנה שאראשאנסקי האט געזאגט, אז זי גלויבט ניט, אז די יק"א זאל זי, ווענענס מאן ס'האט מיט בלוט פאר דער ערד באצאלט, מיט די יתומים פון דעם הרוג נאך פינאנצוואנציק יאר ארבעט אראפ־ טרייבן פון דער ערד... נו האבן אט די ארימע געווארט, ניט פארקויפט, און אויך ניט אפעלירט צום העכערן געריכט.

נאר ערשט דעם 12 דעצעמבער 1916, ווען ס'איז אנגעפארן דער קא־ מיסאר מיט א האלב טוץ וויזשילאנטן צו יד דריי, אויסצופירן דעם משפט, זיינען זיי צו םגלויבן געקומען...

דער זון פון דער אלמנה וואס טראגט דעם פאטערס נאמען: יאנקל — זי איז דאך שוואנגער געבליבן — איז אפילו רעכט ברוגז געווארן און געזאלט שיסן דעם טערק. — אבער די מוטער האט עם ניט דערלאזט. זי האט נעבעך געמוזט אויסזוכן א קריסט און האט אים 90 העקטאר לאנד פארקויפט, האט באצאלט דער פילאנטראפיע און זי מיט די פיר קינדער זיינען מיט די איבעריקע 40 העקטאר געבליבן.

די צוויי אנדערע: משה לעדערמאַן און אברהם דיין, האָבן באַם קאַ־מיסאר 4 טאָג צייט אויסגעוויינט, אפשר וועלן זיי זיך קענען ארעגלירן מיט דער יק"א. דער ערשטער, לעדערמאַן, האָט אַן אדוואָקאַט באַקומען און אַנגעגעבן אַן אַפּעלאַציע אין העכערן געריכט און דער צווייטער, דער זקן אברהם דיין, האָט באַשלאָסן אַפּעלירן צום רחמנות פון דער יק"א...

ער אליין איז נעבעך זייער אַ דערשלאָגענער אַלטיטשקער און אַ שטיקל כבד פה. איז ער געקומען צו מיר און שטאַרק געוויינט איך זאָל מיט אים מיטפאַרן צו די דירעקטאָרן אין בוענאָס איירעס.

— איר — וויינט דער אַלטער פאַר מיר — וועט באַ זיי פּועלן... דער אַדמיניסטראַטאר זאָגט אויך אַזוי... די דירעקטאָרן וועלן אייך ניט אָפּזאָגן,,, ראַטעוועט מיך! פאַרט מיט מיר!

איך בין זיך מודה ומתודה, אַז איך האָב ניט געוואָלט פאַרן. ערשטנס האָב איך נאָך דעם נייעם טערקישען אידן, דעם דירעקטאָר ש—מעט פאַר־זענלעך ניט געקענט. צווייטנס בין איך שוין מיד געווען פון דער כלל אַר־בעט, וואָס מער ווי פּאַרדרוס און פאַרבימערניש לאָזט זי ניט איבער הינטער זיך און דריטנס, מי יודע צי וועל איך עפּעס ווירקן אַף דעם נייעם מיטן גרויזאַמען שם... איך׳האָב ניט געוואָלט הערן דערפון.

נאָר קען מען דען ביישטיין די טרערן פון אַן אַלטן? האָט איר שוין געזעען אַ זקן פון 67 יאָר וויינען, גיסן מיט טרערן ווי אַ אינגל פון 10 יאָר? האָט איר שוין אַמאָל געפּרואווט הערן דאָס שלוכצן פון אַן אַלטער צעווייטיקטער ברוסט, דאָס כליפּען פון אַ געבראָכן האַרץ וואָס האָט שוין אַלעם אין רואינען, אין חורבות הינטער זיך געלאָזט? דאָס ווייב זיינס מיט דריי טעכטער האָט ער שוין אַפּן מאוריציער בית עלמין באַשטאַט, דאָס 25 יעריקע פאַרמעגן האָבן שווינדלערס, אַנזעצערס באַ אים אויס־גענאַרט און אים נאָך אין אַ באַנקראָט פאַרשלעפּט; איין זון אַ בן יחיד איז אים געבליבן, אַן אַלמן מיט פיר קינדער, וואָס ארבעט דאָס פעלד, וואו דער צעבראָכענער אַלטער קען זיין מידן קאָפּ אָנשפּאַרן... נו, קומען איצט דעם באַראָנס באַאַמטע און ווילן אים מיטן זון, מיט די פיר יתומים, אַפּן גאַס ארויסוואַרפן! איך האָב ניט געקענט ביישטיין די טרערן פונם אַלטן דאַיען, און בין מיט אים צו די אדונים געפאַרן.

---

XXVII

# אויף די טרעפּ פון קאַזשאַאַ 216

אַלט פאַרגאַנגענע בילדער, סצענעס און פאַרשוינען וואָס לעבן אויף אין זכרון, וואַרטנדיק אין פּאָדערצימער פון דער בוענאָס איירעסער דירעקציע. —

שבת צען אַזייגער אין דער פרי, דעם 16־טן דעצעמבער 1916, בין איך מיטן אַלטן אַף די מאַרמאָר טרעפּ אַרויף. הגם כ'האָב באַ זיך גע־פאַסט דעם באַשלוס, ווען איך האָב זיך גענומען דערציילן די פאַר־גאַנגענהייט, אַוועקצולייגן אַלע סענטימענטן און שרייבן נאָר די געשעעני־שן, קאַלט, טרוקן, ציפער נאָך ציפער, דאָך קען איך זיך ניט באַהערשן און מוז עטוואָס אייך איבערגעבן דערפון וואָס איך האָב געפילט און אי־בערגעלעבט און איבערגעליטן אין די פּאָר שעה אין הויז קאַזשאַאַ 216 יענעם שבת פונם אודיענץ.

דער זעלבער אומעט מיט דעם זעלבן גלות־דופט פון שטענדיק, האָט מיר אין פּנים אַ שלאָג געטאָן, ווען איך האָב די מאַרמאָר טרעפּ באַטראָטן אַלץ איז דאָ ווי שטענדיק: די זעלבע אוניפאָרם פונם שווייצאַר מיט דער גאָלדענער געליישטער קאַלישקע J. C. A. ,כאָטש דאָס פּנים איז שוין אַן אַנדערס געוועזן; דער זעלבער קאַלטער בליק פון די בעאַמטע וואָס קו־מען אָן פון גאַס. זיי גייען צו צום בוך וואָס ליגט אויפן שטענדער נעבן שווייצאַר, גיבן אַ קוק אַפן אַלטן וואַנט זייגער, שרייבן איין זייער נאָמען די מינוט וואָס זיי האָבן זיך צוגעשטעלט און שווייגנדיק, ניט אומקור־קענדיק זיך, ניט שענקענדיק קיינעם אפילו אַ שאָקל מיטן קאָפּ, ווערן זיי פאַרשוואונדן אין די פילע טירן פון דעם מעלאַנכאָלאַשן קאָרידאָר...

שוין פיל, פיל צענדליקע מאָל אין משך פון די 30 יאָר איז מיר אויס־געקומען צו טרעטן אַף דעם קאַרפּעט מיט די פוכיקע האָר וואָס באַדעקט דעם פּאָדערצימער און באַ יעדעס מאָל באַפאַלט מיך אַ מרה־שחורה, אַ קאַלטע קלויסטער־לופט נעמט מיך אַרום און ס'נודיעט באַם האַרץ. אויך איצט, ווען איך האָב זיך מיטן אַלטן דאַיען אַף דער קאַנאַפּע לעבן דער גרויסער צעדער־טיר פונם דירעקטאָריום מיטן היטל אין האַנט אַנידער־

געזעצט, ווארטן אף דער אויפנאַמס־צייט, האָב איך דאָס איינענע גע־
פילט. ווארטן מוז יעדער איינער.

ס'איז מיר אין די אויגן טונקל געווארן און באַם הארצן האט מיר פארקוועטשט. די אַלע טראַגישע ווייטיקלעכע סצענעס, ווי די האַלב לע־בערליכע, וואס מיינע אויגן האבן אין פארשידענע צייטן דאַ הינטער אַט דער טיר געזעען, זיינען אויפגעשוואומען פאר מיר גלייך ווי זיי זיינען ערשט איצט געשען.

אַט זע איך די צעקרימטע פנימ'ער פון אַ פאָר פאָלק, זיי שטייען איינגעבויגן אין דרייען. ווי צעטומעלט זיינען זיי פון דער אודיענץ ארויס־געקומען מיטן באַנאַלן ענטפער: „מיר ווען שרייבן קיין פאריז".

— שקר וכזב! — קרעכצט דער מאַן. — יאָ — ענטפערט די פרוי. — קאַלטע פריפארקעס!...

און אַט איז אַ צווייטער אלטער. ס'איז אים שוין אויסגעטרוקנט געווארן דער טרערן־קוואַל. ער שטעט באַ דער זייט פון אַ יונגן ווייבל, וואס גיסט מיט זודיקע טרערן. איר מאַן, דעם אלטנס זון, איז אין סונ־טשאַלעס, אין אַ סאנטאַ פעער קאָלאָניע דערשטאָכן געוואָרן... רעטעך איז דוכט זיך זיין פאמיליע־נאָמען געווען און דער מערדער גייט דארט אום פראַנק און פריי..

אַ צעקאָרטשעטע מוטער פון דער קאָלאָניע מאָזעסוויל, אין סאנטאַ פע, שטייט און וויינט: אַ גאוטש האָט איר אָבצן־יעריק מיידל אַף אַ חתונה דערשאָסן. זי האָט אים טאַנצן אָפּגעזאָגט... און די פאָליציי איילט זיך אפילו ניט דעם מערדער צו ארעסטירן...

זיי קומען אַלע זיך באַקלאָגן אין דער ביורא.

אין אַ ווינקל פון קאָרידאָר שטייען דריי געזונטע אידן מיט ברייטע פּלייצעס, אַ גלאַנץ פון אַמאָליקער רייכקייט איז צו זען אין זייער קליי־דונג, נאָר דער קאָלאָניזאַציע־דלות האט שוין זיין שטעמפּל אַף זייער פנים געלעגט. אַלע דריי זיינען זיי צעפּלאָמטע פון דעם דירעקטאָריום ארויסגע־קומען און ריידן אין רוסיש צווישן זיך. איינער אַ הויכער, אַ איד אַ דעמב, מיט אַ פּליך אפן גאַנצן קאָפּ, טענהט צו אַ נידעריקן אידן, מיט אַ גרוי געשוירן בערדל און זייער קלוגע אויגן:

— מ'האָט אייך פשוט באַשווינדלט אין פאריז, גאַספּאָדין טשאָרני, מיט אַזעלכע פירער פון דער קאָלאָניזאַציע ווען מיר אין ריוועראַ (אַ נייע קאָלאָניע אין יענער צייט) אַ שווער ביטער לעבן דורכמאַכן...

און אָט איז אַ קאָמיסיע פון פינף ברוינע פּנים׳ער, באַוואַקסן ווי בּא די ווילדע. זיי קומען פון דער נייער פּאַמפּאַ־קאָלאָניע בערנאַסקאָני. זיי שטייען הינטער דער טיר. וואָסער זיינען זיי געקומען בעטן. די פערד זיינען שוין אַלע אויסגע׳פּגר׳ט פון דורשט. פאַר די מענטשן איז שוין אויך קיין טרונק וואַסער ניט געבליבן. די הונדערט צוואַנציק מעטער־טיפע ברונעמס זיינען אויסגעטרוקנט. וואַסער־מיהלן דאַרף מען מאַכן. שטייען זיי מיט די היטלען אין די הענט, קוקן אַף דער צעדער־טיר און וואַרטן אַף דער אוידיענץ.

אַ יונגערמאַן, אַ בּלאָנדער, מיט אַ בולאַנדזשע־בערדל, שפּאַנט אַרום בּאַ דער זייט אין קאָרידאָר, ציפּט נערוועזיש דאָס בערדל, וואַרפט אַלע מאָל אַ בּליק צו דער טיר און מורמלט שטיל אַף רוסיש. דאָס איז מיגעל סאַכאַראָוו, דער פּרעזידענט פון דער קאָאָפּעראַטיווע „פּאַנדאַ קאָמונאַל“ אין קלאַרא, זריעה פאַר די קאָלאָניסטן איז ער געקומען בעטן און דאָ זאָגט מען אַז דער קרעדיט איז שוין איבערפולט...

— סיעם סאָט טיסיאַטש...! — קרימט ער זיך. — נו איך קטשאָר־טו!...

אַלץ אַזעלכע בילדער שוועבן מיר פאַר די אויגן. מענטשן, גרופּעס און גאַנצע סצענעס וואָס איך האָב דאָ געזען און געשפּרעכן וואָס איך האָב דאָ געהערט.

דאָס גלעקל גיט אַ קלונג. דער שווייצאַר אַף די שפּיצן פינגער לויפט צו, גיט אַ בּליק אַפן נומער וואוהין דאָס גלעקל האָט גערופן און ווערט פאַרשוואונדן אין איינעם פון די זייטן צימערן...

אַ באַאַמטער מיט אַ בוך אונטערן אָרעם קומט פון אַ טיר אַרויס. דער שווייצאַר לאָזט אים אין דירעקטאָריום אַריין און אַליין זעצט ער זיך צוריק אַף זיין פּלאַץ, שטופּט דערווייל אַריין די הענט אין די הויזן־קעשענעס, שלעפּט אַרויס עטלעכע זילבערנע מטבעות און ציילט אין דער שטיל דאָס דריבנע געלט. געוויס דאָס טרונקגעלט וואָס ער האָט היינט אין אוונט פון די הערשאַפטן באַקומען... פאַרלעגט אַ פוס איבער אַ פוס און נעמט זיך דרייען די וואָנצעס אַרויף, שטאָלץ מיט זיין וויכטיקן אַמט, צי אפשר מיטן טרינק־געלט...

ס׳איז מורא׳דיק שטיל הינטער דער טיר. ס׳הערט זיך נאָר אָפּט אַ זיפץ אַרויסגעריסן פון אַ צעוויטיקט קאָלאָניסטיש האַרץ אָדער דאָס שור־שען פונם טיכל, מיט וועלכן דאָס ווייבל פונם הרוג ווישט זיך די טרערן,

וואָס רינגען, קאָפּען און ווערן פאַרשלונגען אין דעם האַריקן פּוכיקן קאַר־פּעט און עס בלייבט שטענדיק דאָרט אַלץ טרוקן דאָס פּלאַץ...

אַ געוויסער אויפּטו איז דער קאַרפּעט. אַז ניט וואָלט אָפּט מאָל נאָך געוואָרן דער פאַל.

די אַלע אַלט פאַרגאַנגענע האַרצרייסענדע, טרויעריקע בילדער שוועבן מיר פאַר די אויגן און איך זיץ און וואַרט.

---

XXVIII

# מיין אודיענץ באַם דירעקטאָר ש־מעט

דער דירעקטאָר איז סימפּאַטיש און העלפֿעד. — זיין קוק אױף די קאָלאָניסטן. — אַלע זענען זיי באַ אים אַ בינטל שענקארעס און קרעמער וואָס ווילן קינדער דאָקטוירים. — די יק״א האָט אויסגעלאָדן דאַיענס ערד פֿאַר זיך. — דער היקעוואַטער איד רעדט. — דער אורטייל איז אַן אַנטשידענער. — „ס׳איז מיר אַ שאַנדע די „דזשואיש״ זאָל אַזוי האַנדלען״. —

דער אַלטער יק״א זייגער האָט אויסגעשלאָגן האַלב עלף. דער נייער שווייצאַר, וואָס האָט מיך געקענט, און ווי דער מנהג איז, זיך אַפילו ביז אין דער אודיענץ שטונדע ניט אומגעקוקט צו אונדז, איז צוגעקומען און מיינע זכרונות פֿאַרטריבן.

— דער נאָמען און די קאָלאָניע? — גיט ער אַ פֿרעג. איך האָב אים מיין וויזיט קאַרטל געגעבן און אויך אונטערגעצייכנט דעם אַלטנס נאָמען. ער האָט אַפֿן קאַרטל אַ בליק געטאָן און געזאָגט פֿריינדליך:

— אָ, זי זיינען עס! איך האָב געהערט פֿון אייך... אָבער — גיט ער צו — דער הער וועגעציאַני רייזט היינט אַפּ מיט דער שיף נאָך פּאַריז. ער איז שוין באַם פּאָרט. זיי וועלן שוין בלויז קענען ריידן מיט איינעם, מיט דעם נייעם...

און ער פֿאַרשווינדט אין טיר.

דער אַלטיטשקער אַבֿרהם דאַיען האָט טיף אָפּגעזיפֿצט:

— דער אומגליק פֿאַרפֿאָלגט מיך... אַז וועגעציאַני איז ניטאָ... דער נייער איז גאָר אַ גזלן...

דער שווייצאַר מיטן וויזיט קאַרטל האָט זיך אין טיר פֿון דירעקטאָריום באַוויזן, צו אונז אַ וואונק געגעבן און אונז אַריינגעלאָזט אין זאַל.

אַ מאַן פֿון אַ יאָר פֿופֿציק, מיט אַ נאַקעטן קאָפּ און אַ סימפּאַטישן פּנים, האָט אונז ביידן זייער פֿריינדליך אױף דער באַגריסונג געענטפֿערט און שטולן צום זעצן זיך אָנגעוויזן.

— האב איך די עהרע צו ריידן מיטן דירעקטאָר ש.?

— יאָ, סעניאָר אַלפּערסאָן, עס פרייט מיך צו קענען אייך. איך האָב פון אייך פיל געהערט.

נאָכן טוישן זיך מיט די צערעמאָניעלע העפליכקייטס ווערטער זיי־נען מיר צוגעקומען צום תוך פונם וויזיט.

— איך בין דא געקומען — הויב איך אָן — מיט א געפערלעכן קראַנקן, עס שטייט אים פאָר א ריזיקאַלישע אָפּעראַציע און ער איז נע־באַך זייער דערשראָקן, ער קען זיך ניט אויסריידן מיט די פּראָפעסאָרן...

דער דירעקטאָר האט גלייך פארשטאַנען וואו איך ציל און אויפמערק־זאַמענדיק זיין ברייטן שטערן, האט ער מיט א מיטפילנדן טאָן געזאָגט:

— יאָ, א קראַנקער! — האבן מיר אים פּיליכט קראַנק געמאכט? דער מענטש האָט זיך קאָנקורסירט, די בעל חוב'עם האָבן אַלע בא אים צוגענומען, צוזאַמען מיט זיין לאַנד, וועלכעס איז אייגענטלעך אונזער לאַנד... נו, האבן מיר דורך אונזער אדוואָקאַט אויסגעלאָדן און אפּגענומען באַם סינדיקאָ — באַטאָנט ער — ניט בא אים, אונזער לאַנד... אַלזאָ וואס האט דער מענטש צו אונז?

און ער נעמט זיך מיר אויסרעכענען נאָך פיל אַזעלכע גערעכטיקייטן, וואס די אדמיניסטראַציע טוט; אַלץ איז בא אים לעגאַל, מיט צדק און מיט יושר און פּירט אויס, אז די שולד פון אַלע שלעכטיקייטן פאַלט אין גאַנצן אַף די קאָלאָניסטן... זיי זיינען א שלעכטער עלעמענט פאַר קאָלאָ־ניזאַציע, — רעדט ער אין דער שטיל — א קליינעם נישטיקן דור האט דער גרויסער באַראָן געטראָפן... א בינטל שענקאַרעס, קרעמערס, לופט מענטשן. זיי האבן ליב די שטאָט, טרייבן לוקסוס, לאָזן שטודירן די קינ־דער; דאָקטוירים, איזשעניר, פּראָפעסאָרן מאַכן זיי פון זיי, נאָר ניט קיין ערד ארבייטער... איך בין מסופּק — האט ער א זאג געטאָן — אין דער גאַנצער ארגענטינער קאָלאָניזאַציע.

איך בין געזעסן ווי אַף הייסע, ברענענדע קוילן. דאס פּנים האט מיר געברענט פון שאַנדע, וויסנדיק אז אין פיל פּרטים האט ער נעבאַך רעכט. הגם ווען מען וויל זיך אביסל פאַרטיפן אין די אינערלעכע סיבות פון די אַלע חסרונות, וואס ער האט אויסגערעכנט, פאַלט דאָך ניינציק פּראָ־צענט פון זיי, אַף די רביים, אַף די מנהיגים פון דער קאָלאָניזאַציע...

איך האב אים געלאָזט ריידן און ער האט געגרעט היים און מיט הארץ. איך האב א טראַכט געטאָן: אונזערער א רוסישער איד, אַן ערלעכער

מענטש... די אידייע טוט אים באמת וויי... און האָב שוין די אַלע גרויל־טאַטן וואס מדערציילט זיך אן ווענן אים, צוגערעכנט צו זיי, צו די גדור־לים אין פאריז, באַ וועלכע ער איז נעבעך נאר א שטעקן אין די הענט...

ווען ער האט געענדיקט ריידן, האָב איך געבעטן דאָס וואָרט און אים גענומען איבערוויזן, אז דער ארעמער דאיען איז ניט איינער פון די אַלע אויסגערעכנטע זינדער; ער האט קיין קינדער ניט געלאזט שטודירן; פינף און צוואנציק יאר אז ער ארבעט זיין פעלד, ארבעט שווער און בי־טער, האט א פּארמעגן געמאַכט, נאר שווינדלער האבן אים אין א נעץ פארנאַרט, אין א קרעדיט מיט טובה־וועקסלען פארוויקלט און מיט א פאלשן באַנקראָט אריינגעפירט, — ער איז פשוט א קרבן פון דער צייט...

דער אַלטער א. דאיען כאַפּט אונטער:

— איר זאלט וויסן, הער דירעקטאָר, אז איידער איך האב די קרע־דיטאָרן פארזאמלונג גערופן, בין איך דאַ אין ביורא געוועזן און האב דעם דירעקטאָר ווענעציאַני אַלץ דערציילט, אז די שווינדלער שארפן זיך די ציין אַפן לאַנד, אז זיי וועלן באַ מיר צונעמען די ערד און ווענעציאַני האט מיר געזאגט איך זאל פאר זיי קיין מורא ניט האבן, איך זאל נאָר זאָגן אז די ערד איז דער יק״א׳ס, וועלן זיי מיר שוין ניט קענען טאָן קיין שלעכטס... און איך האב געפאלגט...

דער נייער דירעקטאָר האט אויסגעהערט און געענטפערט:

— נו, האבן מיר דאָך אויסגעלאדן... וואסזשע ווילט איר? זאלן מיר צוריק דאס אייך אָפּגעבן? איר ווייסט וויפיל דאס לאדעניש קאָסט אונז? היינט וואו זיינען אייערע שולדן? די אַלע הינטערשטעליקע יערלעכע ראַ־טעס? דאס לאַנד איז אונזערס און מיר וועלן אף אים נייע אימיגראנטן קאָלאָניזירן, א בעסערן עלעמענט פון אייך...

---

ס׳איז מיר געווען אַ וואונדער; דער אַלטער היקעוואַטער דאיען האט באַ דעם שארפן, ביטערן ענטפער ניט געחלשט און אויך זיך ניט צעוויינט, ווי איך האב יענע רגע גערעכנט עס זאל געשעען, נאָר שטאָלץ האט ער זיך אויפגעהויבן פונם שטול און מיט א שפאטישן וויי געענט־פערט:

— הייסט דאס אז די יק״א וויל מיך ר א ־ ר א ־ ר א ־ ב ע ו ו ע ן ? צע ־ ע ־ ע ־ ע־ ען אַנולידאָדן האָב איך איינגעצאָלט, פאר א האלב פעלד שוין באצאָלט מיטן כשרן פראָצענט, נאט זעט די קוויטאנציעס... — און

ער וואַרפֿט אים גלייך די צען קבלות אַפֿן טיש. — איך האָב מיין לאַנד אַלפֿאַלפֿירט, אַלאַמברירט, די אַדמיניסטראַציע האָט מיר גאָרניט געגעבן.. דריי הייזער האָב איך אַף מיין לאַנד אויסגעבויט, מיט מיין שווייס און בלוט האָב איך עס דערוואָרבן... מיין אָרעמע פֿרוי איז פֿון דער שווערער אַרבעט פֿאַר דער צייט געשטאָרבן און איצט, אַף דער עלטער, ווייל די יק״א מיך אַפּראָבעווען... מיך אַף דער גאַס אַרויסוואַרפֿן, צונעמען מיין לאַנד, וואָס האָט די ווערט צען מאָל אַזויפֿיל וויפֿיל ס'האָט געקאָסט? ראַבעוועט, ראַבעוועט! און ער שטרעקט אויס די געקאָרטשעטע מאַזאָליע־האַנט אַקעגן דעם בילד פֿון באַראָן וואָס הענגט דאָרט, און זאָגט:

— שיין אויסגעפֿירט, באַראָן הירש!..

דער אַלטער היקעוואָטער איד האָט געענדיגט, האָט זיך אַריינגע־זעצט צוריק אין שטול און אויסגעשטרעקט שטאָרצאָם זיינע בליקן אַפֿן נייעם דירעקטאָר.

מיין האַרץ איז מיר איבערפֿולט געוואָרן, הערנדיק דעם כבד פּה אַזוי גוט און גיפֿטיק ריידן. איך האָב שוין מער גאָרנישט באַדאַרפֿט זאָגן. ס'איז דאַכט זיך געווען גענוג גערעדט איבער גענוג.

דער דירעקטאָר איז געזעסן אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ס'איז ניכר גע־ווען, אַז די רייד פֿונם אַלטן האָבן אים גערירט, האָבן אַרויסגערופֿן אַ מלחמה אין זיין האַרצן; מענטש און באַאַמטער האָבן געשטריטן. איך האָב באַמערקט ווי בלויע אָדערן באַוועגן זיך קאָנוואַלסיוו אַף זיין ווייסן קאַלן קאָפּ, ווערן אָנגעפֿילט, נעמען זיך צוקן און ווערן פֿאַרשוואונדן. יושר מיט טשינאָווניק קעמפֿן איצט אין זיין נשמה — טראַכט איך אין מיר.

ער האָט זיך אַ דריי געטאָן, אַ דריק געטאָן אַ קנעפּל אַפֿן טיש.

אויגנבליקלעך האָט זיך אַ באַאַמטער באַוויזן.

— ברייננגט מיר די קאָרעספּאָנדענציע פֿון מאָוריציאַ פֿון חודש אַפּ־ריל אין יאָר 1901! — באַפֿעלט ער דעם דינער.

דער באַאַמטער האָט באַלד אַ דריי־חדשים'דיקן קאָפּיר־בוך מיט גע־לע פּאַפּירן אַפֿן טיש אַוועקגעלעגט.

דער דירעקטאָר האָט גענומען מישן, בלעטערן די אַלטע פּאַפּיראָס־פּאַפּיר זייטלעך.

— איר האָט גאָרניט באַקומען פֿון אונדז, סעניאָר דיין? — פֿרעגט ער דעם אַלטן, — בלויז די נאַקעטע ערד? און מילך קי, רעמאַנענט?

— ניין, סעניאָר! — ענטפֿערט דער אַלטער. — קיין מילך־קי האָט

מען מיר ניט געגעבן און דער רעמאנענט איז צו דער ערד צוגערעכנט געווארן. איך בין דאן, אין 1892, רייך געווען. איך האָב אַ סך גאָלדענע פראַנק־שטיק פון פאריז מיטגעבראַכט. דר. זאָנענפעלד האָט מיך פון דאָרט קאָלאָניזירט.

עס זיינען אריבער אַ פּאָר מינוט. דער דירעקטאָר האָט דעם פּענסנע פון זיין אידישער נאָז אראָפּגענומען. דער יק"א־באאמטער, דער מושל, דער זעלבסטהערשער האָט זיך אָף אים באוויזן... און לאנגזאם, בנעימות האָט ער די ווערטער געציילט:

— איר הערט, סעניאָר דייען! דאָס לאַנד קענען מיר אייך צוריק ניט געבען. מיר טאָרן אייערע קרעדיטאָרן ניט נארן. מיר האָבן בּאַ זיי אנדזערס אָפּגענומען און מיר'ן מיט דעם לאַנד מאַכן וואָס מיר דאַרפן מאַכן...

— הייסט עס, פשוט, איר ווארפט מיך ארויס אָף דער גאַס? האָט איר גאָר קיין רחמנות ניט אָף אַן אלטן מאַן? וואוהין זאָל איך גיין?

— און וואוהין וועל איך גיין מאָרגן, ווען מ'זאָגט מיך אָפּ פון דער שטעלע? — פרעגט דער דירעקטאָר בתמימות. — פאַר זקנים איז פאַראן אַ מושב זקנים אַ שיינער, אין בוענאָס איירעס!.. מיר וועלן אייך ארויסווארפן, הער דייען, און זאָלן די קאָלאָניסטן ווייסן ווי צו לאָדן זיך מיט אונדז!..

דער כבד פה האָט נאָכאמאָל געוואָלט ענטפערן, איך האָב אים אָבער אַ וואונק געגעבן ער זאָל זיך ארויסגיין און מיך לאָזן מיטן דירעקטאָר אליין.

ווען איך בין מיט אים אליין אויג אָף אויג געבליבן, פרעג איך אים:

— איז דער אורטייל אייערער וועגן אַלטן אַ באַשטימטער, אַן אנטשידענער?

— מיר מוזן, הער אַלפּערסאָן, דאָס מאַכן, — ענטפערט ער, — אונדזערע פּרינציפּן פאָדערן דאָס.

— איך פארשטיי ניט, סעניאָר ש., ווי אזוי נעמט די „דזשוּאיש", די אידישע קאָלאָניזאציע, בּאַ איינעם צו זיין פארמעגן, זיין 25 יעריקע הארעוואניע? ווי אזוי נעמט מען יענעמס צו?

— וואָס איז, מיר נעמען דאָס חלילה פאַר זיך? מיר וועלן דאָס אוועקגעבן אַנדערע אידן...

— ווילט איר, הייסט עס, מיט דעם אָרעמענס 25 יעריקע פּראַצע גוטס טאָן?

— ס'קומט אונדז געלט, סעניאָר! — זאָגט ער שוין נערוויאיש...

— טאָ נעמט אייך אָפּ פאר אייער געלט א שטיק פעלד לויט איצטיקן פרייז. און דאָס רעשט פעלד מיט די אלע בנינים, אויב ס'פּאסט אייך ניט פאר די קרעדיטאָרן אים, דעם אלטן, דאָס אָפּצוגעבן, קענט איר דאָ זיין זון אוועקגעבן, און זאָל דער אלטער 67 יעריקער אומגליקלעכער האָבן וואו צו שטאַרבן... ס'איז מיר א שאנדע די „דזשואיש" זאָל אזוי האנדלען, סעניאָר!

ער האָט מיך אָנגעקוקט א פּאָר מינוטן צייט.

— גוט, — זאָגט ער — איך וועל שרייבן צום אדמיניסטראטאר, מעגלעך אז איר האָט רעכט... הגם איך האָב א קליינעם צוטרוי צו זיין זון אויך...

ער האָט מיר געגעבן די האַנט, א סימן אז די אוידיענץ איז געענדיקט און איך האָב פארלאָזן דעם זאַל.

XXIX

# אַף דער פאַלטער באַנק

אינקוויזיציע בילדער. — שרעק און בושה. — פרישע געדאַנקען. — מאַסיו טשאַפּלין. — דעסאַלאַכאַס זיינען קיין גויים ניט. — דער נייער גייט אין די אַלטע וועגן. —

ווען איך בין פונם דירעקטאָריום אַרויסגעקומען, איז קיין מענטש אין וואַרט צימער שוין ניט געווען, בלויז דער אַלטער דייען איז זיך געזעסן צוזאַמענגעקאָרטשעט, אַריינגענומען דעם ווייסן קאָפּ אין זיינע ציטערנדיקע הענט און זיינע גלידער האָבן שטאַרק קאָנוואולסירט.

איך האָב קיין האַרץ ניט געהאַט צוצוגיין צו אים; איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די אַלע איינגעהאַלטענע ליידן, דער גרויסער צער און פאַרדרוס, האָבן ערשט איצט אַף אים געווירקט און אים דערשיטערט. מ'מוז אים לאָזן אַ ביסל, טראַכט איך זיך. איך האָב זיך אַנטקעגן אַף דער שטרויענער קאַנאַפּע אַוועקגעזעצט און זיך גענומען איבערחזר'ן דעם דירעקטאָרס לעצטע רייד:

„איך וועל שרייבן צום אַדמיניסטראַטאָר"...

אַן אומפאַרשעמטער, באַנאַלער ענטפער, וואָס איז שגור ביי די מושלים אין מויל... אָרעמער דייען!

די זון אויבן, האָט אַריינגעשיינט דורך דעם איין און איינציקן הימל־פענסטערל אין וואַרט־צימער, האָט זיך אַ פּנים פאַרשעמט צוצוקוקן דעם הימל־שרייענדן אומרעכט און האָט געכאַפּט אַ שטיקל שווימענדן וואָלקן און זיך דאָס פּנים פאַרשטעלט.

אין דעם פירעקיקן חדר איז טונקל געוואָרן. אַן אימה איז מיך פּלוצים באַפאַלן: ס'האָט זיך מיר געדאַכט: — איר ווייסט וואָס? וואָס אַ געדאַנק קען איינפאַלן! — אַז איך בין אין אַן אונטערערדישן אינקוויזיציע־קעלער אַריינגעפאַלן. אָט ליגט דער אַלטער ייד אַף דער פאַלטער באַנק און צוקט מיט אַלע זיינע אבֿרים... אָט עפנט זיך אַ טיר, אַ מאָנאַך לויפט דורך, בויגט זיך מיט יראה אין דרייען, ווען ער דאַרף אַריינגיין אין דער

גרויסער צעדער־טיר, וואו ס'זיצט דער הויפּט אינקוויזיטאָר... אַט קלינגט דאָס גלעקל...

דער געדאַנק האָט מיך געשראָקן און מיך אויך אין אַ בושה אַריינגעטריבן:

ווי שעמט זיך ניט אַ מענש מיט געוויסן צו טראַכטן וועגן דער הויכער פילאַנטראָפּיע אַזאַ אומגעלומפּערטע זאַך! גלייכען דאָס הויז פון נדיבות, פון אידעאַל, פון הומאַניטעט, דאָס הויז פון באַראָן דע הירש, צו דער שרעקליכסטער פון אַלע שרעקן; צום הויז פון דער בלוטיקער אינקוויזיציע!..

די רעיונות האָבן זיך אין מיר גענומען שלאָגן. געדאַנקען שלאָגן זיך אויך! איר לאַכט? איר מעגט לאַכן!

דער ערשטער געדאַנק איז געשטאַנען אַף זיינעם:

האָט דען דער דירעקטאָר דיר ערשט ניט געזאָגט: „מיר מוזן אָנלערנען די קאָלאָניסטן, די אפּיקורסים", ד. ה. מיר ווילן אָפּערן דעם אַלטן, די אַלמנה מיט די יתומים פאַרן אידעאַל... מיר דאַרפן ניט קוקן אַפן פּרט". נו, איז דאָס ניט אַן אמת'ער יעזואיטישער אָרדן, באַ וועלכן דער צוועק הייליקט די מיטל?

דער צווייטער געדאַנק, דער שעמעדיקער, האָט זיך געקרימט: אסור אויב מ'מעג אַזוי טראַכטן! גלייכן די עדלע דירעקטאָרן צו יענע פאַרדאַמטע שוואַרצע?...

אַ חרפה, כ'לעבן!

פאַר מיינע אויגן האָבן גענומען דורכשוועבן אַלע דירעקטאָרן מיט זייער עדלער געשטאַלט, פון דעם דאָקטאָר לעווענטאַל ביז צו דעם עפּענדי ש—מעט פון דער ארץ הקדושה. דוכט זיך, אַזוי פיין און אייניקע פון זיי נאָך אַזוי באַרמהערציק פרום!..

— נו, און טאַרקוועמאַדאַ? — זאָגט מיר דער ערשטער רעיון, — איז דען ווינציק פרום געווען? האָט אים דען באַרמהערציקייט געפעלט? האָט אים דען ניט וויי געטאָן ווען ער האָט זיין אָפּער געברענט? נאָר דער אידעאַל פון דער דריי אייניקייט איז באַ אים פיל העכער געשטאַנען... וואָס איז איין מענטשנס לעבן צי עטלעכע מענטשנס ליידן נחשב קעגן דעם אייביקן אידעאַל?

האָסטו דען ניט געזען, גולם, ווי בלייך דער דירעקטאָר איז געוואָרן, ווען ער האָט זיין לעצטן אורטייל דעם אַלטן דאַיען אַרויסגעזאָגט: „מיר

וועלן אייך ארויסשמייסן!.. און זאָלן די קאַלאַניסטן וויסן ווי צו לאַדן זיך מיט אונדז!"... געוויס טוט אים וויי, — אָבער די קאָלאָניזאַציע איז אים פיל טייערער...

די געדאַנקען האָבן זיך אין מיר געמישט, האָבן זיך געאַמפּערט, געשטריטן און מיר האָט געברענט אין מח די פראַגע און ווי מיט שפּיז־לעך געשטאָכן: ווער און וועלכער פון דיביידע געדאַנקען איז דער ריכ־טיקער? און איבערהויפּט, צי איז דער אורטייל שוין אַ פאַרשלאָסענער? צי מוז דאָס שוין אייביק אַזוי בלייבן? דער זיגל פון דער אייביקייט ליגט דאָך אויף דעם פּראָבלעם! די טרערן פון די גרויבטע טריקענען דאָך קיינ־מאָל ניט אויס!.. וועט דאָס אַזוי שוין אייביק פאַרבלייבן? אָרעמע מענטש־הייט!

פון אויבן האָט מיר אַ ניי ווינטל אַ פרישן געדאַנק צוגעטראָגן, אַ יונגעטשקן, אַ מאָדערנעם: אַלטע רעיונות פאַרשימלטע פאַראורטיילטע... צו וואָס איז דאָס חקרנ'ען? פרעגט דער יונגער, צי ווייסט איר דען ניט אַז די גאַנצע עקזיסטירנדע אָרדענונג איז פויל, פאַרדאַרבן, געוויסנלאָז און נשמה־לאָז? ווי ווילט איר פון דער פאַרפעסטעטער הארצלאָזער אָר־דענונג בעסערע מנהיגים ווי די אַרויסבאַקומען? קען מען פון אומריינע, אומווירדיקע שיינס און זויבערס אַרויסנעמען?... יעדער דור פאַרדינט זיינע פירער — און ווען ס'מאַכט זיך איינער ווערט פאַר דער צייט גע־בוירן, איז ווייַ צו אים... אָבער וואַרט, וואַרט, ס'קומט די צייט, ס'איז שוין געבוירן דער טאָג, ער איז שוין אין וועג! אַ נייע וועלט ווערט גע־שאַפן, צעבראָכן וועלן ווערן אַלע באַרמהערציקע אינסטיטוציעס, פון דער שטיף קאַסע ביז אין דעם אינוואַלידן הויז, וואו דאָס רחמנות גיסט זיך ווי וואַסער, אַלע שטאַטלעכע ראַט־הייזער, אַלע געבעט־הייזער זיינען דאָך מיט די פּעדעם פון היפּאָקריטישן עיפּוש און פּעסט דורכגעפלאָכטן... צום טייפל וועלן זיי געשליידערט ווערן, נידערקניען וועלן זיי אַלע פאַר דעם געזונטן זויבערן נייעם דור! אַלע פילאַנטראָפּן, די וואָס האָבן זיך מיט דער חצופה „רחמנות" זייער שאַנדע פאַרדעקט, וועלן נאַקעט מיט דער חרפה שטיין בלייבן... ס'קומט דער טאָג! ער איז שוין ניט וויַט!..

---

ווער ווייסט וויפיל איך וואָלט נאָך אַזוי געווען געטראַכט. ווען אַ האַנט וואָלט מיך ניט געוועסט אַ לייכטן ריר טאָן:

— וואָס זיינט איר אַזוי פאַרטראַכט?

איך קוק זיך אום, ס'איז מאסיו טשאפלין, אן אלטער יק"א באאמ־טער נאך פון גאר די ערשטע יארן. ער האט שוין זעקס דירעקטאריומס איבערגעלעבט און איז מיינער א גוטער ברודער.

— וואס איז מיטן אלטן? — גיט ער א פרעג, ניט חלילה אוים רחמנות, ווייל ער איז שוין צו אזעלכע זאכן ווי א קברות מאן צו א בר מינן געוואוינט, נאר פשוט אוים נייגעריקייט.

ער נעמט ארוים זיין זייגער, גיט א קוק:

— איך האב נאך אכט מינוט צייט, ביז דער שווייצאר וועט די ביורא שליסן. קומט צו מיר אין „אפיסינע", — זאגט ער צו מיר, — פון אייך וועל איך וויסן וואס פאר א קורס, וועלכע ווענדונג דער נייער דירעקטאר נעמט אן. ער איז דאך אייגנטלעך ערשט היינט אפן דירעק־טאר־ביינקל ארויף. וועגעציאני שיפט זיך נאך אפן לא פלאטא...

איך בין מיט אים אין זיין צימער אריין. איך האב פאר אים אלעס פון דער אוידיענץ אויסדערציילט און האב באדויערט די איצטיקע צייט.

— אין דער צייט פון קאזעס מיט הירש'ן וואלטן קיינע דעסאלאכאס ניט פארגעקומען, — זאג איך.

דער אלטער באאמטער האט א שמייכל געטאן, האט אויסגעשטרעקט די האנט צו א קאפיר־בוך און זאגט:

— נאט, ערשט האט דער דירעקטאר געפאדערט אט דעם בוך פון מאוריציע, ער ליגט נאך דא אפן טיש. ער נעמט און מישט אויף דאס יאר 1899, דעם חודש נאוועמבער און ווייזט מיר א בריף צום דאמאלס־דיקן אדמיניסטראטאר באב.

דער בריוו לייענט זיך אזוי:

„סעניאר אדמיניסטראטאר פון מאוריציע, ארטור באב.

מיר מעלדן אייך אז אונדזער אדוואקאט פון נועווע דע כוליא, סע־ניאר קאברערא, האט אויסגעווירקט באם כועז דעסאלאכאס פאר פאל־גענדע פיר קאלאניסטן: שלמה הארישניק, מארקום פיינגאלד, לעאן קאר־מאן און איסאק טאבאקמאן. דער ארדער איז שוין געגעבן געווארן צו דער פאליציי זיי ארויסצושמייסן.

אונטערגעשריבן:

גענעראל דירעקציע אין בוענאס איירעס, דעם 14־טן נאוועמבער פון 1899, ש. הירש און ד. קאזעס".

אלע בלוטן זיינען מיר אין פנים אריינגעקומען לייענענדיק דעם דא־

זיקן בריוו. א קללה, א שרעקלעכע, האָט זיך פון מיינע ליפּן ארויסגעריסן אַף דעם גוטינקן, פרומען הירש.

דער אַלטער באַאמטער פון דער יק"א האָט זיך צעלאַכט:

— שעלט אים ניט, דעם פרומען הירש — זאָגט ער — ער איז גאָר א דימענט פון א מענטשן געווען, נאָר די געזעלשאַפט האָט זיך אירע וועגן, אירע צילן, אירע קאַפּריזן, איר אידעאַל; זי רעכנט זיך ניט מיט קיין פּערזענלעכעס, מיט קיינע סענטימענטן... דאָ איז ניטאָ קיין האַרץ...

דאָס גלעקל האָט א קלונג געטאָן.

— מ'שליסט די ביורא — האָט דער באַאמטער באַמערקט, — קומט! שבת ארבעטן מיר נאָר א האַלבן טאָג. אַדיאָס, אַמיגאָ! איר זעט? — קוועטשט ער מיר באַם געזעגענען זיך די האַנט, — דער נייער גייט אַף דעם אַלטן אויסגעטראָטענעם וועג...

מיין אַלטיטשקער אברהם דייען האָט זיך געפילט זייער שלעכט. דער גוטער מאַסיו טשאַפּלין האָט מיר געהאָלפן אים אַראָפּפירן די מאַר־מאָר טרעפּ. איך האָב צוגערופן אַן אויטאָמאָביל, אַים, קעגן זיין ווילן, אריינגעזעצט און בין אַף דער אכסניה אוועק.

---

XXX

# דעם נייעם דירעקטאָרס הומאַניטעט

„דאָ איז ניטאָ קיין הארץ״... — ניטאָ קיין אַבסאָלוטע שלעכץ. — דער חסד מיט אברהם דאַיען. — דער גוי האָט געלאַכט. — דאַיען שטאַרבט אַף דער אַנדער זייט פון זיין טשאַקרע. — די אַדמיניסטראַציע מיט די אַדוואָקאַטן פרעסן די פעלדער. —

אַ גאַנצען טאָג האָבן מיר געגריזעט די נשמה מאָסיו טשאַפּלינס לעצטע ווערטער: „דאָ איז ניטאָ קיין הארץ״... פאַר וואָס? האָט דער דער באַראָן די געזעלשאַפט אָן א הארץ געגרינדעט? ווער קען עס לעבן אָן אַ הארץ? און וואו קומען אַהין די מענטשלעכע עדעלע געפילן? זאָל עס אמת זיין, אז דער כהן גדול וואס דינט אין טעמפּל פונם גאָט מאַמאָן, איז אָן אַ הארץ? צי ער טראָגט גאָר אַ גאָלדענע הארץ...

פאַר וואָס רויבט מען אָפּ דעם אלטן? וואו איז דאָס רחמנות אַף דער פרוי מיט די קינדער פונם הרוג יאַנקל שאַראַשאַנסקי? און פאַר וואָס נעמט מען צו בא שיינדל לעדערמאַן דאָס לאַנד?...

פאַר די אויגן האָט זיך מיר פאַרגעשטעלט דאָס בילד פון שיינדל לעדערמאַן. אין 1898 האָט זי די צווייטע פּרעמיע פון דער גאָרטנווארג־אויסשטעלונג באַקומען. אַ „טיכטיקע ארנטלעכע קאָלאָניסטקע״ — האָט דער אדמיניסטראַטאָר באַב אַף איר געזאָגט. איך האָב זי געזעען מיט די באָרוועסע פיס לייִם קנעטן אין 1892; אַ שטוב, אַ נעסט פאַר אירע פויגעלעך האָט זי געבויט... איצט איז זי טויט, אַוועקגעפאַלן פאַר דער צייט, און די פילאַנטראָפּיע שמייסט ארויס אירע קינדער פון דעם זעלבן הויז וואָס זי האָט מיט איר בלוט און שוויים, מיט איר מוטער ליבע געבויט... וואָלט דאָס דער באַראָן אליין, ווען ער לעבט, אויך געטאָן?

— ניין! — דיקטירט מיר דאָס געוויסן — ליבער וואָלט ער אַלע זיינע מיליאָנען אין טיפן אָקעאן אריינגעווארפן און פאַרשפּאָרט דער מענטשהייט אזוי פיל לײדן און צער.

— און דער אידעאַל? — טראָגט זיך ווי אַ בליץ דורך מיינע געהירן, — אָט דער נאָבעלער רעיון צו מאַכן אידן פאַר ערד ארבעטער?...

— גוואלד! אידן פארקויפן די ערד צו גויים, נעמען זיך צוריק צום שאכער, טרעטן מיט די פיס די שיינע, הויכע געזונטע אידייע... און די פירער, די מנהיגים? זיי שטופן נאָך אונטער. פאר וואָס? און ווער פון די ביידע האָט די גרעסערע שולד?...

איך קען ניט אורטיילן, איך בין צו נאָנט צום פארהאנג פון דער קאָלאָניזאציע בינע. די סצענעס קריכן מיר צו פיל אין די אויגן, די ביל־דער זיינען צו שטארק בולט. דער שפּעטערער, דער ווייטערער, דער היס־טאָריקער, ער וועט אמאָל אויסגעפינען און וועט אורטיילן ווער פון די ביידע, די פּאסטוכער צי די שאָף, האָבן דעם גרעסטן חלק אין דער שולד.

איך וועל אייך נאָר איבערגעבן ווי אזוי ס'איז געווען.

---

ריכטיק האָבן די אלטע געלערנטע באשטימט, אז קיין „רע מוחלט“, אבסאָלוטע, ריינע שלעכץ איז אָף דער וועלט ניט פאראן, אין יעדער שלעכטער זאך, אין יעדן געפערליכן עיפּוש, פּעסט, מגפה, גיפט, סם, איז פאראן עפּעס גוטס, אפילו דער טויט אליין איז אויך ניט קיין גאָלע „רע“, עטוואָס גוטס מוז זיך אין דעם געפינען. ס'איז א געזעץ אין דער נאטור, אז דאָס אבסאָלוטע שלעכץ זאָל ניט קענען עקזיסטירן, ס'מוז אין זיך עטוואָס פונם חלק הטוב פארמאָגן.

אָט די אלטע לערע האָבן די קאָלאָניסטן ערשט ריכטיק פארשטאנען צוזעענדיק די שיינע הומאנישע מעשים, וואָס האָבן זיך ארויסגעשיילט פון די אלע גרויזאמע טאטן מיט וועלכע ס'האָט זיך ארומגעהילט די פּער־זאָן פונם נייעם דירעקטאָר און אָף זיי אָנגעיאָגט א מורא און א שרעק. מיט דעם חסד וואס דער נייער האָט מיט דעם אלטן א. דאיען געטאָן איז דער פּחד פאר אים און פאר זיין גרויזאמען שם פיל געמינערט און קלע־נער געוואָרן. ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז ער איז חלילה ניט ערגער פון די פריערדיקע און איז אויך ניט קעגן דער נאטור, ער איז ניט הוילע שלעכץ, גאָלע רע, ווי מ'האָט געדיינקט; להיפוך, אייניקע האָבן געדרונגען, אז דאָס איז ריינער חסד מיט רחמים, קלאָרע זויבערע הומאניטעט.

ס'איז, דאכט זיך, כדאי עס צו פארצייכענען. פונם בית המשפט צוריקרופן דעם פּראָצעס אָף די דריי אָנגעגעבענע: לעדרמאן, אלמנה שאראשאנסקי און א. דאיען, דאָס האָט דער נייער ניט געטאָן, פאר א גאנץ פּשוט'ן טעם: ניט צו שאדען חלילה דער דיסציפּלין. „למען ישמעו ויראו“, בכדי דאָס פאָלק זאָל הערן און זאָל מורא האָבן, דאָס האָט נאָך

נאָט אַליין אונדזער משה'ן געזאָגט. ס'איז אַן אַלטע געטלעכע טעאָריע, בדוק ומנוסה פאַר די מושלים.

מילא, דער פּסק־דין איז אַרויס: דעסאַלאָכאַ, און איז גלייך טאַקע אויסגעפירט געוואָרן, נאָך איידער איך בין מיטן אַלטן דאַיען אַהיימגעקומען, איז שוין זיין פעלד צו אַ גרינעם אַוועקגעגעבן געוואָרן. געהאָלפן דאַרין האָט דאָס השתדלות פון איינעם אונדזערן אַ קהלס מאַן און אויך אַ ביסל פון דעם מין וואָס מאַכט בלינד די זעענדיקע. מיט די ביידע זכותים האָט דער גר נעבעך איבערגענומען דאַיענס פינף און צוואַנציק יעריקע פּראַצע און דווקא מיט מזל און ברכה דאָס געשעפט געמאַכט, ווייל אַמבראָסיאָ קאַליגאַרי, אַן איטאַליענער, האָט מיטן גרינעם באַלד אַ קאָנטראַקט אויף פיר יאָר געשלאָסן, אָפּדינגענדיק באַ אים דאַיענס פעלד.

געלאַכט האָט דער קריסט פון מיר: — נאַ, זע, וואָס האָסטו דאָרט באַם גרויסן פּאַטראָן אין בוענאָס איירעס געפּועלט? מיר דאָ באַם קליינעם פּאַטראָן האָבן עס שנעלער און בעסער געמאַכט. אָט נעם לייען דעם קאָנטראַקט!..

אָבער וויים איך וואָס אַ גוי לאַכט! איך האָב באַם גרויסן אָדון מיט מיין וויזיט יאָ געפּועלט. וואָס דען הייסט מענטשלעכקייט, הומאַניטעט? וואָס איך האָב געפּועלט?

די אַדמיניסטראַציע האָט געשיקט רופן דאַיענס זון, דעם בן יחיד, און האָט אים מיט דער דערלויבעניש פון דער דירעקציע אָנגעבאָטן צו פאַרדינגען אים איינע פון זיין פאָטערס שטיבער אויף אַ גאַנץ יאָר פאַר אַ שיבוש געלט, פאַר פופצן פּעזאָס מזומן, ניט מער.

שפּעטער איז אַ קאָמיסיע פון קאָלאָניסטן נאָכאַמאָל צום דירעקטאָר געפאָרן און אַ „קינטע" פאַר אים, פאַרן זון, אויסגעוווירקט און אויך איינע פון דעם אַלטנס שטיבער. אַ יאָ, אַ חסד? זאָל דער אַלטער שטאַרבן אין אַן אייגענער שטוב!..

דער אַלטער עקשן האָט אָבער שטאַרבן ניט געוואָלט. זעקס יאָר בסדר האָט ער זיך אַרומגעבלאָנקעט מיט זיינע זעקס מילך־קי, די שארית הפליטה וואָס איז אים פון דעם פינף און צוואַנציק יעריקן פאַרמעגן געבליבן, און פון זיי פלעגט ער זיין חיונה ציען. אָט מיט די בהמות פלעגן מיר אים זען באַם שליאַך פּאַשען זיי אין דרויסן באַם דראָט פון זיין אייגן פעלד. און ניט איין טרער פלעגט באַ די דורכרייזנדע פון די אויגן פאַלן, ניט איין קרעכץ פלעגט זיך מיט גוואַלד פון ברוסט אַרויסרייסן, ווען דער

אַלטיטשקער היקעוואַטער פּלעגט זאָגן: נישקשה, איך וועל נאָך אַמאָל צוריק אָפּנעמען מיין פעלד, איך גיי פון מיין דראַט ניט אַוועק... די גע־רעכטיקייט וועט סוף כל סוף זיגן...

יאָ, דער אַלטער האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן, האָט נאָך אַלץ געגלויבט און געהאָפט. ערשט אין נאָוועמבער 1922 איז ער מיד געוואָרן און מיט אַ קללה אויף דער אַדמיניסטראַציע האָט ער זיינע אויגן אויף אייביק געשלאָסן.

משה לעדערמאַן האָט גאָר אַפּן פּסק ניט געוואָלט וואַרטן. ער איז תיכף קראַנק געוואָרן, איז אַוועק אין אַ שפּיטאָל און דאָרט די גאַנצע וועלט געשאָלטן:

— פאַרוואָס קומען זיי ניט, אונדזערע ברידער פון אייראָפּע, פון אַמעריקע, צו צעשמעטערן די מאַשין אָן אַ קאָפּ, די יק״א — האָט ער גע־טענה'ט. — וואו זיינען זיי, די גדולים? פאַר וואָס צעברעכן זיי ניט דעם ערדענעם טרייפענעם טאָפּ, וואָס מ'קען אים שוין ניט כשר'ן?.. פאַר וואָס קומען זיי ניט אַרויסטרייבן די כאַבאַרניקעס, די רעדל־פירער וואָס נע־מען לא יחרץ טשאַקרעס אום צו פאַרדעקן זייערע מעשים?.. פאַר וואָס נעמען ניט איבער אָרנטלעכע כלל טוער די מיליאָנען פון באַראָן?..

ער האָט זיך אַזוי געבייזערט, געקללה'ט, געפלוכט און אַוועקגע־שטאָרבן.

זיינע קינדער אָן אַ טאַטן און אָן אַ מאַמען בלאָנקען איצט אַרום אין דער פרעמד.

די אַלמנה פונם הרוג שאַראַשאַנסקי, זי האָט זיך אַן עצה געגעבן, ווי איך האָב אויבן געשריבן.

אָט די טאַט פונם נייעם, מיט זיין הומאַניטעט, האָט אַ געפערלעכן האַס אין דער קאָלאָניע אַרויסגערופן.

די גרעסטע אידעאַליסטן האָבן קלעק געשפּיגן אויף דער גאַנצער קאָ־לאָניזאַציע.

פאַרקויפן! — האָט דורכגעציטערט די לופט. — פאַרקויפן און פּטור ווערן פון זיי! — איז די אומגליקלעכע שטימונג געוואָרן.

ס'זענען אָנגעקומען איטאַליענער מיט גראָבע בייכער און שווערע טייסטערס געלט, אָפּצוקויפן די לענדער. דער שוין דערמאָנטער משה דוד גרונמאַן, דער ערשטער וואָס האָט מיט זיין בלוט דעם מאָוריציער באָדן באַנעצט, און אויך זיין זון חנא, ביידע האָבן זייערע פעלדער, גערטנער,

סעדער, הייזער, פון דער שולע־גרופע 49, פארקויפט.

— מיר קענען ניט לעבן — האָבן זיי געטענה'ט — אלע צוויי וואָכן לויפט אָן דער אדמיניסטראציע־אויטאָמאָביל מיט זיין עסקריבאנאָ, אגוא־סיל, צו מאָנען געלט, שלעפן אין כוזגאדאָ אריין. פאר יעדן פייף פונם אויטאָ דארפן מיר צאָלן. מ'צאָלט פון דער „לעגוא", אָ פרנסה האָבן זיך די אָדמיניסטראדאָרן דערפון געמאכט! זעכציק פעזאָס אָ פאָר!..

— די אדוואָקאטן מיט דער אדמיניסטראציע וועלן אויפפרעסן דעם קאמפ! — האָט בעריש פינקעלשטיין פארזיכערט. — מ'דארף כאפן און פארקויפן, זאָל כאָטש עפעס בלייבן!..

און ווי האָט דאָרט דער אלטער גערטנער אין אונדזער ארץ ישראל געזאָגט:

„בהדי הוצא לקי כרבא", מיט די שלעכטע גראָזן פליקט מען אויך די גוטע אוים.

עס האָבן שוין אין דער פארקויף־בהלה פארקויפט אזעלכע, וואָס האָבן לחלוטין ניט באדאַפט פארקויפן. פשוט, אזוי, כדי איבערצוציילן דאָס געלט...

XXXI

# דער יצר הרע פון געלט

ווי דער קאָלאָניסט ד. נ. האָט פאַרזאָרגט זיך און זיינע קינדער. — צווישן געוועזע־נע קאָלאָניסטן אין קאַסאַרעס. — אראָפּ פון דרך הישר. — בערל בענקט נאָך זיינע עופות. — דער שוחט קרעל האָט אין קאָלאָניע קיין דאָקטאָר ניט געהאַט. — פאַרוואָס האָט די יק״א ניט געגרינדעט קיין דערפער, נאָר צעוואָרפן אונדז איבער זיבעצן מייל? — מחשבות. —

ס'איז מיר אפילו א חרפה, א בושה, דאָס פּנים ווערט מיר רויט פאַרן ווייסן פּאַפּיר... אָבער איך מוז עס שרייבן.

דעם 28־טן יאַנואַר 1917 בין איך געפאָרן אין שטאָט אַריין קיין קאַסאַרעס. גראַדע איז מיר באַלד אָנגעקומען אַנטקעגן מיינער א פריינט, א שכן נאָך פון דער „מאַטושקאַ" אַרויס, דער קאָלאָניסט נ. וועלכער האָט ערשט צוריק מיט א פּאָר טאָג זיין טשאַקרע מיט אַלץ וואָס אויף איר פאַר־קויפט און זיך אין שטאָט באַזעצט. דאָס האַרץ האָט מיר האַסטיק אָנגע־הויבן קלאַפּן...

איך האַלט איין די פערד און ער קומט צו. אַפן קאָלאָניסטישן שטיי־גער שטעלט ער א פוס אַפן טרעפּל פון מיין קאַמש, גיט מיר די האַנט און מיר קוקן זיך אָן. ער ווערט רויטלעך ווי א משומד ווען ער דערזעט דאָס ערשטע מאָל נאָך דעם שמד זיינעם א נאָענטן פון דער פאַמיליע.

איך גיב א בליק אויף דעם ווייסן קאָלנער וואָס שטעכט אים אין האַלז, אויף זיין אָפּגעוואַשענעם פּנים מיט שמעקנדיקע זייף און אויף זיין גרויל־בער צעקעמטער באָרד און, ניט ווילנדיק, פיל איך אַז אויף מיין פּנים צע־לייגט זיך א פאַראַכטונגס גרימאַסע.

ער באַמערקט דאָס און מיט דאָרפישער תמימות זאָגט ער צו מיר:

— איר לאַכט פון מיר?

איך ווער ערנסט און צי צונויף דעם שטערן.

— צי אפשר באַדויערט איר מיך גאָר? גיט ער שוין א פרעג מיט מער פעסטקייט — האָט ניט קיין מיטלייד מיט מיר, איך וועל ניט

דארפֿן שטיין מיט קיין קעסטל ציגארן צום פֿארקויפֿן, ווי איר האָט דאָס אין זאמל־בוך פֿונם „פּארטיידיקער“ צוריק מיט עטלעכע יאָר געשריבן...
איך — באַטאָנט ער — האָב מיר איבערגעלאָזט פֿונם פֿארקויפֿטן קאמף געגנוג געלט אַף צו לעבן. הלוואי וואָלט איך נאָר אזוי פֿיל געלעבט...

— ווער זאָגט אייך דען, ר׳ דוד—ענטפֿער איך אים — ווער ווינטשט אייך דען אַזעלכעס חלילה?

— ווינטשן? וואָס איז שייך ווינטשן? — דערווידערט ער שוין רואי־קער מיט אַ קוים פֿילבארער קלאָגעדיקער שטימע. — איר מיינט איך פֿארשטיי עס ניט? צי אפֿשר קען איך קיין אידיש ניט לייענען? צי אפֿשר איז דאָס ניט אמת? איר האָט אָפּגעמאָלען אַן אלטיטשקן קאָלאָניסט וואָס האָט פֿארקויפֿט זיין קאמף און איז איבערגעקומען צו שטיין מיט פּאפּיראָסן אין גאס און שרייען הייזעריק: „קאָמפּרע סיגאריזשאָס האַ־וואַנאָס!..“ מיר האָבן שוין איינעם אַזעלכן; אָט דער נחום יאַנקל טאָקער. פֿאראיאָרן האָט ער פֿארקויפֿט דאָס לאַנד, געגומען פֿערציק טויזנטער און איצט האָט ער שוין קיין פּרוטה ניט און איז געקומען ארבייטן אלס פּע־אָן ביי דער קאָסעטשע... אייער נבואה איז מקוים געוואָרן!

— נו! — גיב איך ניט ווילנדיק אַ זאָג.

— וואָס, נו? בא מיר וועט דאָס ניט זיין. איר קענט דאָך איר, מיין שרה׳ן, אַ קאָזאַק איז זי! זי האָט שוין באַוואָרנט... צוויי און פֿופֿציק טויזנטער האָט דער קריסט באַצאָלט פֿארן לאַנד. האָבן מיר די עלטערע קינדער געגעבן צו פֿינף טויזנטער, זאָלן זיי זיך מאכן געשעפֿטלעך... איר פֿארשטייט?... זיי האָבן דאָך פֿארט פֿינף און צוואַנציק יאָר געאַר־בעט... דעם שיבעניק, דעם מעזיניק, האָבן מיר נאָר דריי אלפֿים געגעבן. נישקשה, ער האָט אַ היבשע מטבע גענומען מעקלעריי באַם קריסט, דעם קויפֿער פֿונם לאַנד... (דער זון איז אַליין דער מעקלער געווען). דער יק״א האָבן מיר אינגאַנצן פֿיר טויזנטער אירע חוב׳עס באַצאָלט... ס׳איז אזוי ארום געבליבן פֿינף און דרייסיק אלפֿים במזומנים. ס׳וועט קלעקן ביז זיבעציק יאָר...

דערווייליע זיינען אונטערגעקומען נאָך קאָלאָניסטן, באַקאַנטע, שיפֿס־ברידער, וואָס האָבן זיך אינאיינעם צענדליקער יאָרן בא דער קאָלאָניזאַ־ציע געפּלאָגט און איצט וואוינען זיי אין קאַסאַרעס. אייניקע זיינען שוין עקס קאָלאָניסטן, ערשט ניט לאַנג געפּטור׳ט דאָס פֿעלד...

איינער גיט מיך איראָניש אַ פֿרעג:

— נו, ווען קומט איר שוין אריין צו אונדז?

דער אַלטער שכן מיינער, דער שוחט קרעל, וואס שטייט אויך דערביי, גיט א ברום פון זיינע געדיכטע וואָנצעס:

— אָ, ניין! ער וועט ניט „בראַסיען" די קאַלאַניע, גיכער אַן אויטאָמאָביל וועט ער קויפן, און אַלע טאָג אריינקומען זיך א ביסל דורכשמועסן מיט אונדז; אָבער די קאַלאָניע וועט ער ניט פארלאָזן...

דער עולם ארום לאָזט זינקען די קעפּ, דער שמועס ווערט אַנגעפילט מיט צער. א מערקבארע חרטה שוועבט אף זייערע פּנים'ער, און דער אַלטער בערל, וואָס ווייסט קיין מאָל ניט פון כיטראַסט און אויבערשפּיצלאך, גיט זיך א זאָג אין דער וועלט אריין:

— בע! — און ער קוקט ארויף צו מיין קאַטש, נעמט א מעשענעם קנעפּל פון דער דעק, דרייט נערוויִאיש דאָס שרייפל און רעדט דערביי: — אראָפּ פון דרך הישר!.. נאָך קיין זאך פונ'ם קאמפּ טוט מיר אזוי ניט באנג ווי נאָך די עופות... איי — גיט ער א זיפץ פונם הארץ ארויס. — איי האָב איך זיי ליב געהאַט, די עופות. יעדן אינדערפרי מיטן באַגינען בין איך שוין געווען בא זיי... ס'איז א פארגעניגן, כ'לעבן, צו האָדעווען עופות...

אייניקע שמייכלען פון בערלס תמימות.

— און דאָ וואָס האָבן מיר? — כאפּט אונטער יאָסל רויטמאַן — אין די „קאָנפּיטעריעס" קאָרטן צו שפּילן טויגן מיר שוין ניט, צו אַלט שוין; אין בית המדרש דאָס ביסל גרייזיק דאַוונען... טאַקע ס'גיט צו א ביסל חיות, אָבער וואָס קלעקט דאָס?.. א גאַנצן טאָג איז מען אין גיהנום, מאָטל, כ'לעבן א גיהנום! — שרייט ער צו מיר, — מ'שלייעט זיך אום בא די ווענט... די שקצים'לעך קלעפּן אָן פּאַפּירלעך אף דער פּלייצע, גיבן צומאָל א ציפּ בא דער באָרד, שרייען „טשיוואָ מע"!... איך האָב נאָך ניט פארקויפט מיין פעלד, איך גיי צוריק אין קאמפּ אריין...

די יעניקע וועלכע האָבן שוין יאָ פארקויפט, לאָזן טיפער אראָפּזינקען דעם קאָפּ. א געדולדזאמער שווייגן טרעט אריין צווישן זיי. דער צער פונם אמת דריקט די נשמה און נעמט אוועק די שפּראך. ס'הערט זיך נאָר דאָס סאָפּען פון מיינע פערד און דאָס שטילע ברומענדיק מעלאַנכאָלישע ניגונ'דל פונם שוחט קרעל.

איך האָב געפונען פאר נויטיק אונטערצוברעכן דאָס שווייגן:

**— וואָס זאָגט איר, קרעל? — פרעג איך — וואָס פאר א רוח האָט איך געטראָגן אהער!**

— איך? — גיט דער שוחט א שאָקל מיט די שווערע האַריקע ברע־מען, — איך? איך בין אַלט און קראַנק... — די מורא פאַרן טויט האָט מיך אין שטאָט אריין געטריבן, ניטאָ קיין דאָקטער אין דער קאָלאָניע...

— און ווי אַזוי קען זיין אַ דאָקטאר אין אַ קאָלאָניע וואָס איז אַף 17 לעגוּאַס צעשפּרייט? — זאָגט דוד מוטשניק — אַ קללה צו די קאָלאָ־ניזאַטאָרן! ווען זיי וואָלטן געוועזן געגרינדעט דערפער אַנשטאָט די צעוואָרפענע גרופּעס, וואָלט קיין איד ניט געוועזן אריין אין שטאָט. זיי האָבן אָבער געוואָלט אסימילירן אונדז, די פאַרשאָלטענע! דורך זיי ווערט חרוב ומוחרב אונדזער אידישער ישוב, אונדזער שיינער אידעאַל...

— אויך די פריוהייט איז דאַרין שולדיק! — רעוועט ארויס דער פּריערדיקער ד. נ. — ווען מיר זאָלן ניט געווען קענען פאַרקויפן, וואָלט איך מיין פעלד נאָך ניט געוועזן פאַרקויפט... מיין שרה זאָגט אויך אַזוי... ס׳איז אַ יצר הרע אַזוי פּיל געלט... איך האָב עס געוואָלט ציילן... איצט טוט מיר באַנג. דער גוי וויל אָבער ניט אָפּגעבן צוריק...

ס׳האָט מיר פאַרקלעמט באַם האַרץ. אוי, ברידער, איז קענט ניט פאַרטראָגן דאָס ליכט, ס׳שאַדט אייך די פריוהייט — האָב איך מיר גע־טראַכט. כ׳האָב אַ שמיץ געטאָן די פערד און בין אוועקגעפאָרן פון זיי.

---

איך פאָר און טראַכט. דער מוח ברענט, די שאַנדע וואַשט מיר דאָס פּנים. איך פרעג זיך: וואָס בין איך און וואָס פאָר אַ פאָלק זיינען מיר? איך זאָל זאָגן איך בין אַ קאָלאָניסט? האָבן דאָך אַזעלכע דרייסיק יעריקע קאָלאָניסטן ווי איך, גענומען און פאַרקויפט דאָס פעלד צו אַ גוי און די נשמה, דעם דריטל־הונדערט יעריקן אידעאַל, צום טייוול געשיקט...

און וואו וועט אהינקומען די מי, דאָס בלוט און שוויים, די אָפּערוווי־ליקייט, די מיזאַמקייט, די יסורים וואָס די קאָלאָניזאַציע האָט אונדז גע־קאָסט?

זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס זיינען מיר? וואו ליגט די סיבה, דער זאָמען פון דער צעשטערונג? פון וואַנען וואַקסט ארויס די שרעקלעכע רואינע, דער קלאָגעדיקער חורבן פון דער קאָלאָניזאַציע? איך שעם זיך צו טראַכטן אפילו, אַז... אין אונדזער אידיש בלוט געפינט זיך ניט די ליבע צו דער אַגריקולטור, אַז אין אידישן האַרץ איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר דאָס געזונטע דערהויבענע, פאַר דער רייכער, שיינער נאַטור... כ׳לעבן, ס׳איז אַן אַבסורד צו דענקען אַזוי! האָבן דען ניט די אַלע וואָס פאַר־

קויפן איצט און אַנטלויפן פון דער נאַטור, ניט געאָפּערט זייערע בעסטע יאָרן אַף צו פאַרפּיינערן, פאַרפּאָלקאָמענערן איר? זיינען זיי דען ניט מיט מסירות נפש דורך אַלע מענטשלעכע ליידן און נאַטור קאַפּריזן דורכ־געגאַנגען און דאָך אויסגעבויט די קאָלאָניעס? האָבן זיי דען ניט פון אַ מדבר שממה אַ גן־עדן געמאַכט? און דאָך, מיין גאָט! זיי וואַרפן זי איצט אַוועק! וואָלט דאָס אַן אַנדערע אומה אויך געטאָן?..

אַ קראַנקע איז די קאָלאָניזאַציע געבוירן געוואָרן, — עקבערט מיר אַ געדאַנק אין מוח. קראַנקע עלטערן האָבן אַ קראַנק קינד געבוירן, וואָס איז צום אונטערגאַנג באַשטימט!

די פראַנצויזישע אידן פאַרשטייען אייך ניט, זיי האָבן אייך שטענ־דיק דערנידעריקט, באַליידיקט, באַשפּיגן און געשימפּט, אַ דריטל מאה יאָרן אייך אונטער זייערע פיס געהאַלטן, מיט אייער מיינונג קיין מאָל זיך ניט גערעכנט, דעם קלענסטן אינגל פון דער אַדמיניסטראַציע, דעם אומווירדיקסטן מאַראָקאַנער שטיוול־פּוצער האָבן זיי מער נאמנות גע־געבן, ווי אייערע געטרייסטע און געבילדעטסטע קאָלאָניסטן, מ'האָט פון אייך אַן אומשטאַנדהאַפטע נערוועאישע באַשעפעניש געמאַכט... איז איצט, נאָך דער אויסגעקעמפּטער פרייהייט, ברעכן אויס איינגעהאַלטענע ליידן, און עס ווילט זיך אָפּצאָלן מיט'ן זעלבן שפּייעכץ די אדונים אין פּנים אריין... נקמה נעמען פון די דערציער!

דאָס גיט מיר מיין מחשבה אָן אַלס סיבה צום קאָלאָניזאַטאָרישן דורכפאַל. איז עס אָבער ריכטיק? טראָגט עס כאָטש אין זיך איין זעמדעלע, איין קערנדל אמת?... מיין האַרץ זאָגט מיר אַז ניין, און טויזנט מאָל ניין. ס'מוז זיין אַ טיפערע סיבה, ניט בלויז נקמה און אויך ניט כדי צו וועלן ציילן, ווי דוד נעמיטשעניצער האָט געטאָן, פאַרלאָזן מענטשן זייער אַלטע, אין משך פון דרייסיק יאָר אויסגעוואַרימטע, נעסט און ציען אין שטאָט אריין... אַ געהיימנים פון דעם מענטשנס נשמה איז באַהאַלטן אין דעם. ס'איז אַ סוד פון דער מענטשלעכער, און אפשר נאָר פון דער ספּע־ציפיש אידישער נשמה... זאָל דער קומענדער פאָרשער, דער פּסיכיאַטר, וואָס קען זיך אריינגריבלען אין דער טיפעניש פון דער נשמה, זאָל ער עס אונטערזוכן און זאָגן פאַר וואָס?

איך וועל אייך נאָר איבערגעבן דעם חורבן וואָס וואַקסט און גייט, שלינגט און פאַרדאַרבט אַזאַ רייכן שיינעם אידעאַל.

---

XXXII

# שכנא גוי

ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אריינציען די נייע באַלעבאַטים, גוים מיט זייערע טשערעדעס חזירים, אין מאוריציאָ. און די טמאים האָבן אָנגעהויבן קריכן, דאָקוטשען, אויפפרעסן אַלץ בײַ די אידישע שכנים, בײַ די וואָס האָבן ניט געוואָלט און אויך זיך ניט גענויטיקט צו פֿארקויפן דאָס לאַנד.

די גאַנצע קאָלאָניע איז אָנגעפילט געוואָרן מיט האָס, גאַל, ניפּט אַף דער יק"א און מיט האַרץ־ברעכעניש אָנצוקוקן די גויים...

ס'האָבן אָנגעהויבן צו קראַכן די שטאַרקסטע דעמבעס; די ריזיקע בוימער, די איינגעוואָרצלטע, האָבן זיך געבויגן און געבראָכן. ס'איז אַזוי ווייט געקומען, אַז דער גרויסער דעמב, דער אייזערנער אידעאַליסט שכנא גוי, האָט דערפילט און אַ קרעכץ געגעבן...

ס'איז כדאי איר זאָלט זיך באַקענען מיט אונדזער ליבן, איידעלן און אויך גראָבן שכנא גוי.

מיט דעם צונאָמען איז ער באַקענט אין קאָלאָניע. דער דירעקטאָר הירש האָט אים צוריק מיט פֿינף און צוואַנציק יאָר מיט דעם נאָמען גע־קרוינט.

אין אַ דיסקוסיע מיט הירשן וועגן דעם פּראָצענט פון קאָנטראַקט, וואָס די קאָלאָניסטן האָבן ניט געוואָלט אונטערשרייבן, האָט ער, שכנא, דעם דירעקטאָר אַ פראַגע געשטעלט:

— ווי קומט פילאַנטראָפּיע, נדיבות, יושר, צו דעם געפערליכן סם, ניפּט, פאַרגיפטיגונג — פּראָצענט? ווי קענען די צוויי עקסטרעמען זיך צונויפגיסן? און אַז יאָ, ווער וועט וועמען גובר זיין?...

ביי הירשן האָט זיך די ספרד'ישע נאָז גלייך אָנגעצונדן:

— ס'איז ציניזן! — האָט ער אויסגעשריען — ניט קיין פּראָצענט... מ'דאַרף קענען בוכפירונג!..

— וואָס מיר ציניזן! — ענטפערט שכנא, — רופט עס בעסער ווי דער חומש רופט עס: „נשך". ס'בייסט ווי אַ שלאַנג און ס'וועט איינבייסן און אויפפרעסן אונדזער נייעם ישוב...

— איר זענט א גוי! — שרייט אוים הירש בייז. — גייט אוועק פון מיר!..

אָט פון דעמאָלט אָן טראָגט ער דעם נאָמען גוי.

דער נאָמען פאסט אים כמעט אין אַלע הינזיכטן: שטארק, קרעפטיג, הויך און ברייט איז ער, טאַקע ווי גבר א גוי. טראָגט זומער און ווינ־טער שטיוול, רויכערט א ליולקע און ארבעט די ערד און האָט זי ליב מיט דער גאַנצער נשמה, ווי אַן אמת'ער גוי.

די שענסטע פארם בא אונדז אין קאָלאָניע, איז אָט דעם גוי'ס. ס'איז א מוסטער פון דער שיינקייט און רייכקייט, וואָס אונדזער באָדן פאר־מאָגט. וואָס פאר א מיני בוימער איר ווילט, טרעפט איר בא אים אין וואַלד. וואָס פאר א פרוכט־בוים ס'געפינט זיך אין דער געגנט, איז ער דאָ באם גוי אין סאַד, זיין בינשטאָק, זיין האָניק האָט א שם ארום און ארום. אפילו כל המינים פויגעלעך, די שענסטע די טייערסטע, ווי דאָס „שווארצע קעפעלע", וואָס זינגט ווי דער קאנאריק, דאָס רויטע פויגעלע, דער „וויכילאַנטע", דער קאַלאַנדריא, דאָס פיצינקעלע פויגעלע וואס איז גרויס ווי א בין, דער „קאָליברי" אָדער „פיקאפלאָר", אַלערליי טויבן, אַלץ איז פאראַן דאָרט באם גוי אין וואַלד. און א אידישן בוך געפינט איר אויך באם גוי...

ער איז ניט קיין גרויסער ידען אפילו, נאָר דאָס וואס ער ווייסט יאָ, קען ער עס גוט, געזונט ווי א גוי!.. א הארץ האָט ער א ווייכס, א מילד איר־דיש הארץ. די שענסטע נדבה גיט דער גוי...

אָבער א בריזגע טאָן יענעם אין פנים אריין, אָפּבאָדן יענעם, קען ער צומאָל אויך, גראָב, אומגעשליפן, טאַקע ווי א גוי.

קומט צו פארן א קרעמער אָדער א תבואה־הענדלער אין קאָלאָניע אַף א באזוך, גייט דורך די גאס און טרעפט אים אָן:

— וואָס מאַכט איר עפּעס, שכנא?

— וואָס איז דיין עסק, גנבֿ? ביזט שוין געקומען עמיצן אָפּשווינדלען, מאָשעניק?

אַלע סוחרים, קרעמער, רעכנט ער כלאַ נעגן דער כשר'ער ערלעכער פרנסה עבודת האדמה.

אָט דער שכנא גוי איז זיך רואיק געזעסן, זיך ניט געוואָלט צוהערן צו דער בהלה, צו דעם שטורעם וואָס האָט ארומגעכאפּט די קאָלאָניע. אַלע זיינע שכנים פון דער גרופּע זיינען זיך צעלאָפן, אויספארקויפט, און ער זיצט זיך רואיק:

— אָ, די מייז פילן אז די שיף גייט אונטער, — ווערטלט ער זיך אנומלט פאר מיר. — איך, — באַטאָנט ער מיט זיין הילכיקן קול, — וועל ניט אוועק. בעסער דערטרונקען ווערן מיט דער שיף צוזאַמען!..

און ער איז עם מקיים, דער אידעאַליסט. ער דרייט זיך אַרום איינער אַליין, איין איד מיט אַ ווייסער באָרד און גראָבע שטיוול, איין איד צווישן אַ באַנדע חזירים פון די גויאישע שכנים, וואָס רינגלען אַרום זיין שטוב; זיי קנורען הייזעריק אין די אויערן, צערויען זיין פעלד, גראָבן אונטער זיינע פרוכט־בוימער, וואָס ער האָט זיי יאָרן מיט זיין בלוט און שוויים באַנעצט און אויפגעצויגן.

איינמאָל נאָר האָט ער געפּרואווט, איין איינציק מאָל, נעמען אַ שטעקן אין האַנט און דערלאַנגען דער כשר'ער חיה, ווען משיח וועט קו־מען. איז אָנגעלאָפן דער בעל הבית און איז מלא רחמים געווארן אפן דבר אחר, וואָס אַ פאַרשאָלטענער איד מיט אַ באָרד שלאָגט אים. און אפן געוואַגטן אידן איז ער מלא חימה געווארן און האָט אים מכּת רצח גע־שלאָגן און מבטיח געווען, אפן הן פון זיין חזירײ, אַז דאָס צווייטע מאָל וועט ער אים פּשוט אָפּ טויט דערשטעכן... שווייגט ער שוין פון דעמאָלט אָן, דער אידעאַליסט, און לאָזט די פּירפּיסיקע קריכן. ער זאָגט שוין איצט, אַז ווי באַלד דאָס רוב קאָלאָניסטן וועלן זיין גוים און אויב, חלילה, זיי וועלן אין מאַוריציאַ שטעלן אַ קלויסטער, ווי זיי זאָגן, ווייל דער זכות פון דער מאַמע מרים איז זיי ביינגעשטאַנען צו באַקומען אַזאַ קולטיווירטן באָדן פאַר אַ שיבוש געלט, — דאַן וועט ער בעטן באַ די גדולים פון דער יק"א, זיי זאָלן באַ אים אָפּנעמען דאָס לאַנד און אים געבן דערפאַר אַ שטיקל פעלד דאָרט אין ארץ ישראל...

פאַרקויפן דאָס לאַנד דאָ, חלילה! דאָס לאַנד, די ערד, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט אַזוי פיל אידישע טרערן און מיט אידיש בלוט, איז אדמת קודש... אַ „מועל בקדשים" איז יענער — אַזוי זאָגט ער — וואָס פאַרקויפט מאַוריציער ערד.

דער הסכם אָפּ צו טוישן מאַוריציער ערד אָפּ ארץ ישראל איז באַ אים נאָך מער פאַרשאַרפט געוואָרן מיטן אָנקומען פונם נייעם דירעקטאָר. ער איז דאָך פון דאָרט! ער וועט דאָס מיר טאָן!..

נו, האָט ער ווידער אַמאָל געפּרואווט. איר מעגט דאָס וויסן.

---

אין פענסטער פון אַדמיניסטראַציע איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן אַ צעטל:

„דער נייער אַדמיניסטראַטאָר איז געקומען און איז צום שפּרעכן".
די קאָלאָניסטן האָבן שוין אָבער זיין שם פון ווייטן געהערט און האָבן זיין פּרצוף ניט געוואָלט אָנקוקן; אייניקע לעקער, מוסרים, האָבן אפילו יאָ אױף דער מיר געקלאַפּט, האָט ער זיי אָבער ניט אַריינגעלאָזן צו זיך.
— די מסירה אייערע — האָט ער זיך אַ פּנים געטראַכט — האָב איך ליב, נאָר אייך אַליין האָב איך פיינט...

ער האָט געהייסן שפּאַנען דעם קאַטש, מיטגענומען מיט זיך דעם יונגן אַדמיניסטראַטאָר פּ. מ. און איז ארויסגעפאָרן אָנקוקן מאַוריציע. זי איז אים טאַקע באַלד ניט געפעלן געוואָרן. און ווי האָט זי אים יאָ געקענט געפעלן!

אױף יעדן טריט האָט ער אומאָנגענעמלעכקייטן באַגעגנט. אין אייניקע טשאַקרעס האָט מען אים פּשוט ניט געוואָלט אַריינלאָזן. אין איין אָרט האָט ער געטראָפן אַז דאָס פעלד געהערט שוין צו אַ גוי און דאָרט ווייטער איז דאָס אַרענדירט. און ווען ער האָט לעבן דער גרופּע 38 געוואָלט אויסמיידן אַ טיפן זומפּ, אַ בלאָטע־גרוב, און אָנווייזנדיק אױפן הערב וואָס ס'טראָגט אױף זיך דער געלער קאַטש, .J. C. A , באַפוילן אַז אַלאַמבראַדאָ אויפצושניידן, כדי ער זאָל קענען דורכפאָרן, האָט אים אַ רוסישער שייגעץ, אַ פּעאָן פון דער טשאַקרע, געענטפערט: — „ליעז וו באַלאַטו"! די טשאַקרע געהערט צו מיין באַלעבאָס, ניט צו דיר...

אַ בייזער, אַן אָנגעצונדענער איז ער אין אָוונט געזעסן און מוסר געזאָגט דעם אַדמיניסטראַטאָר פאַר דער שוואַכער דיסציפּלין. דער יונגערמאַן האָט אים געוואָלט איבערצייגן, אַז ס'געפינען זיך נאָך אין מאַוריציע גוטע, געהאָרכזאַמע קאָלאָניסטן, און האָט אים מיטן באַגינען צוגעפירט צו שכנא גוי.

אין קאָראַל, מיט דריי מעלק־שעפלעך אין די הענט, האָבן זיי דריי מענטשן געטראָפן; אים, דעם אַלטן גוי, זיין אַלטיטשקע און זייערס אַ מיידל פון אַ יאָר 18, מעלקן די בהמות.

ווען שכנא האָט דעם קאַטש דערזען, האָט ער דאָס שעפל אַוועקגעשטעלט, אָפּגעווישט די הענט און די ווייסע, מיט מילך באַשפּריצטע באָרד, אַראָפּגעכאַפּט דאָס היטל און מיט אַ הכנעה'דיקער יראה געמישט מיט בטחון, האָט ער אים אַ ברוך־הבא, מיט אַן ארץ ישראל'דיקן שלום עליכם דערלאַנגט...

נאָר ווי אַנטוישט און פאַרבליפט איז ער נעבעך געוואָרן, ווען דער

דירעקטאָר האָט אים דוקא א חוץ־לאַרץ־ישׂראלדיקן פּנים געוויזן. און ווען שכנא האָט פאַר אים זיין הייסטן וואונטש פאַרגעלעגט, א שטיקל פעלד אין ארץ ישׂראל פאַר דער מאוריציער ערד צו טוישן, האָט ער אים פּשוט געענט־פערט:

— איר ווילט אַף דער מוטער רחל'ס קבר? דאַרט זיינען פאַראַן גע־נוג שלעפּער. און אָן א זיי־געזונט, האָט ער אים שטיין געלאָזט און איז זיך אוועקגעפאָרן.

אַפן וועג פאַרנדיק, זאָגט דער דירעקטאָר צום אדמיניסטראטאָר:

— איר זאָלט מיר דעם שלעפּער עמבאַרגירן! אכט הונדערטער הינ־טערשטעליקע איז ער שולדיק, זאָל ער זיי באַצאָלן...

דער יונגערמאַן האָט אָנגעמערקט, אַז שכנא איז פון די בעסטע צאָ־לערס, נאָר א פּאָר יאָר, אַז ס'איז בא אים די קאַסעטשע דורכגעפאַלן, אַז ער איז איצט אָרעם און ס'איז ניטאָ בא אים וואָס צו עמבאַרגירן...

— איך האָב אכט קי אין קאַראַל געזעען. זיי האָבן די ווערט דאָס געלט. עמבאַרגירט זיי... — איז געוועזן דעם דירעקטאָרס ענטפער.

דער אידעאַליסט האָט אָבער ניט דערלאָזט צו דער שאַנדע. ער האָט אַליין פיר פון זיינע אכט קי פאַרקויפט, אריינגעטראָגן 400 פעזאָס אַפן קרן, ד. ה. דער קרן וואָס אַנטהאַלט אין זיך דעם פּראָצענט פון די הינ־טערשטעליקע יאָרן, און נאָך 32 פעזאָס אַפן פּראָצענט פון דעם לויפענדן יאָר און מיט דער הילף פונם אדמינסטראטאָר, וואָס האָט געבעטן פאַר אים, האָט אים דער נייער באַוויליקט אָפּוואַרטן א גאַנץ יאָר צייט...

ער שווייגט שוין איצט, דער אידעאַליסט. ניט קיין מייז אַנטלויפן פון דער זינקענדער שיף, נאָר גיבורים, שטאַרקע מאַטראָסן, וואָס האָבן פינף און צוואַנציק יאָר מיט אַלערליי שטראָמען, מיט די שטאַרקסטע גרויז־זאַמסטע כוואַליעס געקעמפט. גראָדע אַזעלכע פאַרלאָזן זי.

---

XXXIII

# די נקמה פון דער יק״א

פופציק אידישע קאלאניסטן האבן שוין דאס לאנד פארקויפט. — איך זע קברים. — אלטע קאלאניסטן נייען אום מיט מארא־נצן אין בוענאס איירעס. — יונגע דינען אלס באטראקעס בא די גויים וואס האבן זייערע עלטערנס נחלאות אפגעקויפט. — שולדיק זיינען ניט די קאלאניסטן נאר די מנהיגים. — נקמה אינם שקלאף וואס האט גע־וואגט צו צעברעכן דעם יאך פון די מושלים. —

פופציק קאלאניסטן, — זאגט מיר דער אדמיניסטראטאר פ. מ. — האבן שוין דאס לאנד פארקויפט. צוואנציק זיינען ווי פארקויפטע.

איר הערט? פופציק פון אונדזערע פיאנערן, פופציק אידישע נחלאות געהערן שוין ניט צו אונדז.

און די איבעריקע געהערען דען יא צו אונדז? נאך א צען יאר און אין מאוריציא וועט קיין איין אידישע נחלה ניט בלייבן.

און די גאנצע ארגענטינער קאלאניזאציע? תיקו...

דעם 2־טן אפריל 1917, זיינען מיינע צוויי גוטע פריינט, ישראל די־ניעץ און מאטל טאבאקמאן צו מיר געקומען. עלנט, יאוש, חושך און ווייטיק איז אף זייער פנים געלעגן.

— איך בין שוין אוים קאלאניסט, — זאגט צו מיר דער ערשטער, און דאס פנים צוברעכט זיך אים אין שטיקער.

— פאר וואס? ווי קומט עס?

— א, פרעגט ניט! איך האב געגנוג געקעמפט.

און ער דערציילט מיר:

— מיין אדוואקאט, בורגאזשא, פון מערסעדעס, האט מיר געשריבן, אז דער משפט איז פארשפילט. דער נייער דירעקטאר אליין איז אין מער־סעדעס געוועזן. ער האט זיך געזעען מיטן גאנצן טריבונאל... ער איז א מייסטער אף אומצוגיין מיטן באקשיש... איר פארשטייט?... ער איז גרייט, זאגט אונדזער אדמינסטראטאר, אפצוקויפן די גאנצע גערעכטיקייט, אבי נוקם צו זיין זיך אן אייך... דער אבאגאדא שרייבט איך זאל זען צוגרייטן דאס געלט, אז ניט וועט דאס פעלד מיינס און נאך פיל אנדערע קאלא־

ניסטישע לענדער פארקויפט ווערן אין „רעמאטע כודיסיאל“ (אויף א געריכטלעכער אוקציאָן).... און איר ווייסט דאָך, ווי בא אזא ליציטאציע ווערן די פרייזן גענומען! האָב איך געמוזט, ברודער, איידער פארברענען דאָס לאנד און ס׳זאל גאָרניט בלייבן, בעסער דאָס פארקויפן.

דער צווייטער, טאבאקמאן, האָט זיך צוואנציק העקטאר איבערגע־לאָזט.

און זיי האָבן מיר גענומען אויסרעכענען די אלע אומגליקלעכע וואס זיינען געצוואונגען געווען צו פארקויפן און זיינען שוין אין דער שוואר־צער ליסטע פון די עקס קאָלאָניסטן.

— נאָט זעט — זאָגט טאבאקמאן, — דעם חורבן וואָס די געזעל־שאפט האָט איצט מיט איר לאָדעניש, מיט איר געלט מאַנען, מיט אירע דעסאלאָכאָס, פאראורזאכט אין מאוריציאָ! אלע אונדזערע חברים, אלע טאפערע העלדן, וואָס האָבן גלייך מיט אונדז געקעמפט, געליטן פון דער שיף אָן, זיינען שוין באלד ניטאָ...

יאָ, קברים זעה איך, באגראָבענע אידעאלן, פארלוירענע האָפענונגען, אנטוישטע אילוזיעס. אָט איז נחום יאנקל טאָקער: ערשט דריי יאָר ווי ער האָט דאָס לאנד פארקויפט און גייט שוין אום מיט א קוישל מאראנצן אין בוענאָס איירעס און שרייט:

— „נאראנכאָס, באראטאָ, סעניאָרעס“. מציאות קויפט, קונים!

און אָט זע איך די קינדער פונם פארשטאָרבענעם מענדל שניידער פירן ציגל מיט צעמענט פארן אדוואָקאט דר. פערעז, וועלכער האָט זייער פאָטערס לאנד, זייער לאנד, אָפּגעקויפט, און בויט זיך דאָרט א פאלאץ אויס!

קינדער פון די עקס קאָלאָניסטן זיינען שוין באטראכטעס בא די קריסטן, וועלכע האָבן זייער נחלה אָפּגעקויפט...

און צי וועלן ניט אָט די קינדער און די קינדערס קינדער מוזן הערן שימף־ווערטער און באליידיגונגען פון אָט די איטאליענער, פראנצויזן און גאזשעגאָס? — אידישע פוילענצער! — וועלן זיי שרייען — זאָלסט גע־וען וועלן ארבעטן, וואָלט דיין פאָטער ניט געווען מיר אזא רייכן פרוכט־בארן באָדן פארקויפט..

פון קבר וועלן זיי די ביינער פון די ערשטע פיאָנערן ארויסוואַרפן. די קינדער, די אייניקלעך, וועלן זיי אליין קללה׳ן און שעלטן:

— טויגעניכצן זיינען אונדזערע עלטערן געווען, דריי־קעפּ, שווינד־

לער, סוחרים! האָבן אַזאַ ערד, אַ גאָלדענע מינע פאַר אַ שיבוש געפּטר'ט!..
און ווער איז דער אמת'ער חייב דארינען? אונדזער ירושה־פעלער, צי אונדזערע פאַסטוכער? צי אפשרביידע צוזאַמען?..
איך באַשולדיק זיי, די מנהיגים, און נאָר זיי און הונדערט מאָל זיי, די אדונים, מיט זייער נקמה.
„איר ווילט ניט אונדזער ממשלה, נאַט, האָט גאָר ניט, ווערט חרוב!“ דאָס איז געווען זייער לאָזונג.
דער גרויסער אחד העם האָט ערגעץ געקלאָגט־
— העם כי יחרב מי יבנהו?
זאָל מיר דער גרויסער מייסטער מוחל זיין; אַ פאָלק ווערט קיין מאָל ניט חרוב. דער חורבן זיינער וואַקסט ניט פון אים גופא נאָר פון זיינע פירער, זיי מאַכן אים חרוב... בלעטערט דורך די געשיכטע, זינט מענטשן האָבן זיך אין משפחות און שבטים און אין פעלקער פאַרמירט, קוקט דורך אַלע זייער חורבנות, צי וועט איר טרעפן איין חורבן וואָס זאָל שטאַמען פונם פאָלק אליין? מ'שטופּט אים אין דער רואינע, מ'פאַראירט אים, ער זינקט און פאַלט, פאַלט, ביז די שטיקער חורבה רייסן די שטאָר פון זיינע פאַרבלאָנדזשעטע אויגען אַראָפּ און ער דערזעט דעם תהום און כאַפּט זיך צוריק. דאָן איז ווי צו זיינע פאַרפירער!
אַריסטאָטעל האָט די מאַסע מיט אירע אמת'ע פאַרבן באַצייכנט: אַ גרויסע חיה בלינד אויף די אויגן.
און ווי ערלעך און שיין האָט די ביבל אונדזער משה'ן דעם עניו כאַראַקטעריזירט: „מחיני נא מספרך“ — האָט ער געבעטן. ווען זיין פאָלק איז פונם דרך הישר אַראָפּ, האָט ער די שולד אויף זיך גענומען: מעק מיך אויס פון דיין רייסטער, איך בין זייער לערער, זייער פירער, איך האָב זיי שלעכט געפירט...
אונדזערע איצטיקע גדולים ווילן אָבער ניט מודה זיין, אַז זיי האָבן די קאָלאָניזאַציע שלעכט געגרינדעט און נאָך ערגער געפירט. זיי וואַרפן די שולד אויף די קאָלאָניסטן און זוכן נקמה.
יאָ, נקמה. קיין אַנדער סיבה צו זייערע איצטיקע מעשים, די דעם־אָלאָכאָס, דאָס קאַמף שניידן, אָפּזאָגן די קאָלאָניסטישע קינדער צו קאָ־לאָניזירן, דאָס אונטערשטופּן דעם איבערגאַנג פון די פעלדער אין גויע־שע הענט — אין דעם אַלעמען זע איך ניט עפּעס אַנדערש, ווי נאָר נקמה, ראַכע נעמען אין דעם שקלאַף, וואָס האָט געוואַגט צו צעברעכן דעם אייזערנעם יאָך פון די מושלים.

XXXIV

# קוקט נאָר אריין אין אונדזערע דרייסיק יאָר

זאָלן דרייסיק יאָר אַרבעט און פּראָגרעס עדות זאָגן! — אַ וואָרט צום היסטאָריקער. —
דאָס פֿאַלשע ליכט פון די רייכע קאָלאָניסטן. — פּי־סוחרים און ערד־אַרבעטער. —

ווייניקע פּאַציפיסטישע פּשרנים, שמאַטע הענדלער, קרעמער, סוחרים, ווילן פאַרענטפערן די מעשים פון אונדזערע טיטוס'עס, פון אונדזערע צעשטערער:—„ס'איז מלחמה, ס'איז אַ גרויסער מאַנגל אין געלט, די יק"א מוז ארויספּרעסן פון אַרגענטינער קאָלאָניזאַציע וויפל ס'איז נאָר מעגלעך.—זאָגן זיי.—זאָל איין קאָלאָניע פאַרקויפט ווערן. וואָס קען מען טאָן?.. אַ טייל דרינגען נאָר אַנדערש: זיי שטופּן אונטער דעם פאַרקויף פון די פעלדער — זאָגן זיי — בכדי דערמיט ארויסצופּטר'ן די שוואַכע עלעמענטן, די שאַכערניקעס... זאָלן זיי אויספאַרקויפן און זיך גיין, וועט מאָוריציאָ נאָך זיי בלייבן אַ ריינע, אַ געלייטערטע...

אַבסורד, דומהייט, משוגעים וואָס איר זענט! זיינען דען די אַלטע פּופּציק משפּחות וואָס האָבן שוין פאַרקויפט, און די צוואַנציק וואָס זיינען ווי פאַרקויפט, אַלע שאַכערניקעס געווען? זיינען דען ניט די שמילטשוקס, קיילעס און צוואַנציק אַנדערע, ניט קיין געוועזענע אַקערבויער פון דער היים? זיינען דען ניט זיי, ווי זייערע עלטערן, קאָלאָניסטן נאָך פון ניקאָלאַי דעם ערשטן און אלכסנדר דעם צווייטנס צייטן? צי קען מען זאָגן אַף דינעץ, שניידער, נימיטשיניצער, אַדעסקי, פּינקלשטיין, אז זיי זיינען ניט קיין טיכטיקע אַקערבויער געווען? גיט אַ קוק אַף זייערע גערטנער, סעדער וועלדער, זייערע פּרוכט־בוימער, זייערע בינשטאָקן מיט האָניק, וואָס זיינען שוין איצט אין גויעשע הענט, מישט דורך די ביכער בּאַ די תבואה סוחרים, בּאַ די וואָס האָבן זייערע תבואות און אַנדערע פּראָדוקטן אָפּגעקויפט, בליקט אריין אין די יערלעכע קאָסטטשע־צענזן פון דער יק"א אַליין און זאָגט, צי זיינען די אַלע ניט קיין טיכטיקע, געזונטע, ערלעכע אַקערבויער געווען? זאָגט, ווער האָט די שיינע מאָוריציע געבויט? ניט זיי? ניט זייערע אייגענע הענט? זאָלן קומען די דרייסיק יאָר אַרבעט און פּראָגרעס און עדות זאָגן אַף זיי, אַף מיינע געפאַלענע ברידער, די יק"א קרבנות, ווער זיי זיינען געווען!

איך ווייס, אייניקע לעזער פון דעם בוך וועלן ציען מיט דער נאָז און זאָגן: — זע נאָר ווי ער צעיאַכמערט זיך אַזוי אַף די דרייסיק יאָר!.. טויזנטער מענטשן גייען דורך דעם סכום יאָרן אין ארימקייט, אין דלות און נויט, און מוזן נאָך אַף דער עלטער אַף בעטל ברויט קומען. וואָס זיי־נען דרייסיק יאָר?

נעוויס איז עס אייך גרינג צו זאָגן, אָבער פּרובירט נאָר דורכצומאַכן אַזאַ שטיקל וועג! אַנו, קוקט נאָר אין דער ווייטקייט, אין דער שטרעקע פון אונדזערע דרייסיק יאָר! בליקט נאָר אריין אין איר טיפקייט, מאַכט נאָר דורך אַ דריטל מאה יאָרן אין אַ גרוויזאַמען מדבר מיט שלענג, לאַנאַר־טאָס (עקדישן), בייזע פליגן, צווישן רוצחים און גנבים, אונטער אַ דיס־ציפּלין פון באַנדעס נאַטשאַלניקעס, כאַבאַרניקעס מיט אַראַפּניקעס אין די הענט... פּרואווט נאָר צו ווערן יאָרן און יאָרן דערנידעריקט און צע־נישטיקט, געטראָטן מיט די פיס פון יעדן יק"א שייגעץ!..

וויפיל ווייטיק און שמערץ, לייד און פיין זיינען מיר דורכגעגאַנגען און געליטן אַף דעם וועג!.

מיר האָבן יעדער טריט מיט מסירות נפש דעראָבערט, יעדער שפּאַן איז מיט בלוט און טרערן דעראָבערט געוואָרן.

איך באַשווער דיך, היסטאָריקער, דו קאַלטער מלאך, וואָס וועסט זיך אַמאָל גריבלען אין אונדזער פאַרגאַנגענהייט, דו מענטשלעכע היענע, וואָס וועסט אויסגראָבן מתים און זיי אויפפרעסן, זאָלסט אונדז ניט פאַרשלינ־גען אַף גיך, זאָלסט מיט דיין וויסנשאַפטלעכן רידל לאַנגזאַם גראָבן. אַז דו וועסט אויפגראָבן דעם ליטוואַק לייב פרענקל, וואָס האָט איצט אין 1917 דאָס לאַנד צו אַ גוי איבערגעגעבן, זאָלסטו מיט דיין היסטאָרישן אויג זיינע ביינער באַטראַכטן. דריי מאָל זיינען אָט די ביינער צעבראָכן געוועזן, דריי מאָל האָבן דאָקטוירים זיי געניפּסעוועט און באַנדאַזשירט. אַ מקום מנוחה, אַ זיכערע היים האָבן זיי פאַר זיך אויסגעקעמפט און דאָך זיינען זיי ארויסגעשמיסן געוואָרן פון איר!..

ווען דו וועסט קומען איבערן וועג פון דער באַן־סטאַנציע מאַוריסיאָ הירש, מיטן שליאַך, באַרג אַראָפּ, וועסטו דערזעען אַ וואַלד. יאַנקל חוה'ס האָט אים געפלאַנצט, אַ גרויסער, ברייט־צווייגעדיקער אַקאַציען בוים שטייט דאָרט אין ווינקל, — אויב ער וועט נאָך דאַן שטיין, — דאָס איז דער „מקום מנוחה". אין קיטל און טלית וויל איך דאָ שלאָפן, — פלעגט דער אַלטער יאַנקל זיך שטענדיק ווינטשן. מיט שוויים און טרערן האָט

ער אים אָפּטמאָל באַנעצט. וויפיל קאַפּיטלעך תהילים און הייסע תפלות זיינען אונטער אָט דעם פּאַראַדיזן־בוים געזונגען געוואָרן! וויפיל טרערן און טראָפּן בלוט וועסטו, היסטאָריקער, דאָרט אַף די זשוזשאָ קעפּלעך געפינען! אבער ניט קיין זכר פון אים, פונם אַלטן יאַנקל, ניט קיין קינד, ניט קיין אייניקל פון אים; אַ גוי, אַן איטאַליענער איז שוין דער באַזיצער פון דעם לאַנד מיט דער ערד, און פון זיינע דרייסיק יאָר ארבעט, מי שטרעבן און פליים.

אַף יעדן שליאַך, אַף יעדן וועג, וואו דיין אויג וועט קוקן, האָט זיך אונדזער שוויים, האָבן זיך אונדזערע טרערן געגאָסן. יעדער בוימל, יעדער בלימעלע וואָס דו וועסט זען, איז אונדזער ארבעט, די הענט פון די אימי־גראַנטן פון 1891. אַלעס האָבן מיר פון אַ וויסטע, פון אַ ששת ימי בראשית'דיקער נאַטור געשאַפן.

מיר האָבן געדענקט צו לעבן פון דער ערשטער האַנט, ציען אונדזער חיונה פון דער מוטער ערד, און מיר זיינען ווידער אויסגעזעצט צום לופט לעבן, צו טרייבן האַנדל און נעמען מזונות וואָס ווערן געטריבן פון האַנט צו האַנט...

מיר האָבן געבויט אַ נעסט און זי ווערט צעשטערט. מיר האָבן זיך געזיכערט אַ היים און מיר ווערן פון איר פאַרטריבן. ער שווימט אַפיר דער באָדען פון אונטער אונדזערע פיס, ער אַנטלויפט.

פאַרטריבן, יאָ פאַרטריבן מוזן מיר ווערן, אַלע קאָלאָניסטן, פון מאָר־ריציאָ. קיין איינציקער קאָלאָניסט וועט ניט קענען פאַרבלייבן אָפּגעזונ־דערט צווישן די פרעמדע שכנים וואָס דערווערבן טאָג טעגלעך שטיקער פון אונדזער לאַנד. ער קומט, דער חורבן, ער רוקט זיך אָן, דער שוואַרצער שטערן אַף דער גאַנצער אידישער קאָלאָניזאַציע. אַ פינסטערניש הילט זי איין, און אין דער פינסטער וועט זי פאַרשווינדן.

אפילו דאָס ביסל ליכט וואָס וואַרפט זיך בלומרשט אין אויג אין דער קאָלאָניע מאָזעסוויל, איז אויך נאָר אַן איר ליכט, פאַלש און האָט ניט קיין זיכערן קיום. ס'שיינען אפלו דאָרט ארוים אַ פּאָר צענדליק אַלטע קאָלאָניסטן, אָבער קאָלאָניסטן נאָר אַפן נאָמען, אין דער אמת'ן זיינען דאָס פּי־סוחרים, מיט קרעדיט אין די בענק.

וויפיל מאָל זיינען זיי שוין געשטאַנען אַפן שוועל פון תהום?

אָט איצט, ווען איך ענדיק שרייבן דאָס ווערק, זיינען די אַלע פּי־סוחרים — הירשביינס רייכע קאָלאָניסטן — אַף ככר לחם געקומען...

סוחרים! און וועלכער סוחר איז עס עפּעס זיכער מיט זיין עקזיס־טענץ? די איבעריקע, די 500 קאָלאָניסטן וואָס ציען זייער חיונה פון דער ערד, וואָס פּאַר אַ מיזעריע, וואָס פּאַר אַ דלות הערשט צווישן זיי! דער חושך מצרים דעקט דאָך זיי איין, דאָס עבדות פון דער דעספּאָטיע פון צוריק מיט דרייסיק יאָר איז צו לייענען אויף זייערע געפּאַלדעוועטע פּנימ'ער. דער אדון מיטן אראַפּניק אין די הענט לויפט נאָך דאָרטן אום, מיטן אויטאָמאָוויל פירט ער אַלע מאָל דעם קאָמיסאַר. דער נייער פירט זיין ממשלה דאָרט ביד רמה, מ'מאַכט עמבאַרגעס, מ'שנייט פעלדער, מ'מאַכט דעסאַלאָכאָס, טראַנספּערענסיעס... מ'דערנידעריקט זיי נאָך ני־דעריקער פון דער ערד. צעזייט און צעשפּרייט זיינען זיי אין די גרופּעס, ווי די מאָוריציער, און ליידן מאַנגל און נויט.

נו, קען אַזאַ פירונג האָפן אויף אַ קיום?

קען דען דער אומגליק זיך ציען לענגער? אייביק קען דאָס ניט האַלטן! וועט דען געלינגען די אדונים אימער און אימער זיי צו האַלטן אין דער מורא און אין ארימקייט? וועלן דען די אומגליקלעכע אייביק ליגן אונטער דעם פּרעס? ס'מוז ברעכן און ווען ניט איצט, גלייך מיט מאָוריציאַ, וועט דאָס קומען שפּעטער מיט אַ שטיקל צייט, אָבער דער חורבן, וועדליג דער איצטיקער הנהגה, איז אַן אומפאַרמיידליעכר.

---

## XXXV

# איין כוס פאר אלע קאָלאָניעס

דאָס פרומקייט פון זכריה בן אבקילס און דער אידעאַליזם פון א טייל קאָלאָניסטישע ראשים. — אַז אָפּטימיסטישער שטראל. — מיר לעבן אין א צייט פון נסים. — דער ביישפּיל פון באַפרייטן רוסלאַנד. — מי יתן והיה. —

אַנומעלט זאָגט מיר אונזער גוטער אַדמיניסטראַטאָר, דער יונגער פּ. מ.:

— פאַרוואָס ערגערט איר זיך אַזוי און וואָס אַרט אייך, אַז אַ איד פאַרקויפט דאָס פעלד און באַצאָלט אונדז דעם חוב, אָדער ווען מיר וואַרפן אים אַרויס, ווען ער באַצאָלט ניט?.. אָט איז אין ענטרע ריאָס — דערציילט ער מיר — דער פּרעזידענט פון „פאָנדאָ קאָמונאַל", ער גיט אונדז גערעכט... מ'מוז זיי האַלטן אין דער מורא, זאָגט יענער פּרעזידענט, אַז ניט זיינען זיי קאַפּאַבל אַף אַלץ אין דער וועלט... דיסציפּלין, זאָגט ער, איז דאָס לעבן, דאָס חיות פון דער קאָלאָניזאַציע... ווען אַ קאָלאָניסט, זאָל זיין אַף דער עלטער אפילו, באַזעצט זיך אין שטאָט, איז אַ מצוה צוצונעמען בא אים זיין לאַנד, מעג ער האָבן געאַרבעט דרייסיק יאָר כסדר... מיט גוטן קען מען מיט אונדזערע אידעלעך גאָר ניט מאַכן... אַזוי זאָגט דער פּרעזידענט און מיט דער זעלבער מיינונג פון דעם פּרעזידענט זיינען אויך אַ היבשע צאָל כלל טוער אין אַנדערע קאָלאָניעס... צווייפלט איר אפשר אין זייער ליבע צו דער קאָלאָניזאַציע? צי איז אפשר דער פּרעזידענט פון „פאָנדאָ קאָמונאַל" ווייניק אידעאַליסט?

— איר האָט רעכט, יונגערמאַן! מיטן גאַנצן רעספּעקט און מיט דער גאַנצער אכטונג, וואָס איך פיל צו די אידעאַליסטישע רעדל־פירער און די קאָלאָניעס, מוז איך דאָך זאָגן, אַז... דער אידעאַל האָט זיי בלינד געמאַכט... זיי זעען ניט דאָס שוואַרצע מויל פונם תהום, וואָס שטייט אָפן צו פאַרשלינגען זיי מיט זייער גאַנצער קהל'שער ממשלה, צוזאַמען מיט זייער ליבע און אידעאַל. דאָס פרומקייט פון זכריה בן אבקילס האָט חרוב געמאַכט אונדזער הויז, האָבן אונדזערע חכמים געזאָגט, און דער אידעאַ־ליזם פון אַזעלכע ראשים וואָס זיינען איינשטימיק מיטן טעראָר און מיט

דער גזלה פון דער אדמיניסטראציע, וועט חרוב מאַכן די גאַנצע אידישע קאָלאָניזאציע.

בלינדע, פאַראירטע פאַסטוכער! ווארום זוכט איר ניט נאָך די אורזאכן, די סיבות, וואס פירן דעם קאָלאָניסט צו פארלאָזן זיין מי, זיין צענדליק יעריקע ארבעט און ארויסציען אין שטאָט? ווער אַנטלויפט דאָס פון גוטס?

געווים מוז אזא דעספּאָטישע ממשלה ווי די וואס האָט זיך געפירט ביז איצט און וואס איז נאָך מיטן טעראר פון טערקישן עפענדי פאַרדאָפּלט געווארן, פירן צו שלעכטע פאָלגן.

אלע קאָלאָניעס וועלן מוזן טויינקען פון דעם זעלבן כוס וואס מאוריציא טרינקט איצט. און אין אַ פאַרלויף פון אַ פּאָר צענדליק יאָרן — הלואי זאָל איך אַ ליגנער בלייבן, — וועלן זיי אויך איבערגיין צו פרעמדע הענט און די גאַנצע אידישע ארגענטינער קאָלאָניזאציע וועט בלייבן אין דער געשיכטע אַלס פלעק, מיט שפּריצן בלוט באַזוימט... צו דער שאַנדע פונם אידישן פאָלק און פון זיינע פאַלשע פירער.

---

איין אָפּטימיסטישער שטראַל שלאָגט דורך דעם חושך, אַ געדאַנק גנב'עט זיך נאָך אריין אין הארץ.

אַ נס וועט געשעען, אַ וואונדערבארער, אזוי ווי מיט די מיליאָנען מענטשן איצט אין רוסלאַנד.

דער פוילער רעזשים פון קאַזשאַאָ 216 און דער אריסטאָקראַטישער פון פאריז אין רו פאַסקיע 2, וועלן ביידע פאַלן... די פאַרקריפּלטע הנהגה, מיט אירע בייטענצערס, די גנבים און כאַבאַרניקעס, ווי אויך די ראשים אונדזערע אייגענע פון דאָרף, אַלע די זויבערע נפשות, וועלן פאַרשווינדן... נייע, ריינע, ליבעראַלע מענטשן וועלן זיך שטעלן באַם רודער פון דער האַלב געזונקענער שיף און וועלן זי ארויספירן צו אַ געזיכערטן ברעג.

און אפשר לעבן נאָך אַ פּאָר פון די גאָר עדעלע אַקציאָנערן וואָס דער באַראָן האָט זיי די פאָלקס מיליאָנען אָנפארטרויט? אפשר וועלן זיי בכבודם ובעצמם קומען אהער, אפשר וועלן אויפשטיין מענטשן אין אייראָפּע און אַמעריקע, מענטשן מיט הארץ, מיט נשמה, און זיי וועלן קומען רעפאָרמירן דעם קראַנקן אומווירדיקן גרופּע־סיסטעם, וועלן גרינדן דערפער, וועלן אָפּשאַפן די ממשלת הזדון מיטן שמוציקן פּראַצענט, וועלן עפענען דעם קאַנאַל פון דער אימיגראַציע, דעם ברייטן, שיינעם, עדעלן

רעיון פונם באראן, וועלן מאכן דאָ אַ קליינעם „קבוץ גליות“, וועלן אריינ־ברענגען טויזנטער פון אונדזערע ארעמע פּאָגראָמירטע אידן „הנהרגים והנשחטים“ און וועלן זיי באזעצן דאָ לעבן אונדז, אונטער די שיינע נייע הימלען, אונטער דער פרייער בלוי־ווייסער פאָן פון בעלגראנאָ און סאן מארטין און וועלן זיי לאָזן ארבעטן די פרוכטבארע ארגענטינער ערד!..

אפשר וועלן זיי קומען. „לא אלמן ישראל“. מיר האָבן דאָך נאָך ערגעץ עדעלע אידן, גוטע מענטשן! זיי וועלן קומען, וועלן ארויספירן אונדזערע נדחים פון די זאמדיקע פלאכעס אין דער פּאמפּא־קאָלאָניע בערנאסקאָני, פון די זאלץ־פריבער אין סאנטיאגאָ דעל עסטעראָ, פון דער קאָלאָניע דאָרא, וועלן ארויסהעלפן אונדזערע פארוואָגלטע אין די זומ־פּיקע פעלדער פון סערעס, וועלן צוריקברענגען אונדזערע פארטריבענע פון די אור־וועלדער אין בראזיל און זיי וועלן אונדז געבן די מעגלעכקייט צו רעאָרגאניזירן אויך אונדזער ליבע קאָלאָניע מאוריציע, וועלכע פארמאָגט נאָך דערוויי־ל זיבעציק אַלטע קאָלאָניסטן, אויסער די יונגע אין סאנטא מאָמאס און די נייע אין לאַ עספּעראנסא, און וועלן דערמיט צוריקשטעלן דעם נאָמען פון באראָן הירש און דעם נאָמען פונם אידישן פאָלק.

זאָלן מיר האָפן? זאָלן מיר גלויבן אין נסים?

אַ צייט פון נסים! אַט האָט איר דאָס פרייע רוסלאנד! זאָל מיט אונדז אויך אַ נס געשעען?

זאָלן מיינע אויגן נאָך זעען דאָס רעאָרגאניזירן פון די אַלע אידישע קאָלאָניעס, אונטער דער הנהגה פון אַ פרייער געזונטער אידישער קאָלאָ־ניזאציע־געזעלשאפט.

מי יתן והיה!

## שלום פון דער דריטער טייל

קאָלאָניע מאוריציע—1917

# אינהאַלט:



דרוקעריי און לינאָטיפּיע פון קראַסילאָווסקי און פּערצאָווסקי,
וואַלענטין גאָמעז 2719—ב. איירעס.